ד״ר ח. זשיטלאָווסקי

געזאַמלטע שריפטן

פערצנטער באַנד

# אויף די וועגן פון מאָדערנעם געדאַנקענגאַנג

פאַרלאַג ח. בזשאַזאַ

וואַרשע 193

# אינהאַלט:

7) צו דער פילאָזאָפיע פון דעם מאַרקסיזם (פּלעכאַנאָווס פּאָלעמיק אַנטקעגן שטערנבען און קאָנראַד שמיטן)

I. אַן אַריינפיר.

II. דער שפּינאָזיזם און דער מאַטעריאַליזם

III. דער מאַרקסיסטישער מאַטעריאַליזם און דער קריטיציזם

IV. טראַנספאָרמירטער רעאַליזם, מאַטעריאַליזם און קאַנטיאַניזם — שלוס-באַמערקונגען.

[illegible] דער גרונט-געדאַנק פון קאַרל מאַרקס׳ געשיכטס-פילאָזאָפיע

# די מאַכט פון אמת*)

מיינע דאַמען און הערן!

דער היינטיקער אָוונט איז די צווייטע יערלעכע פאַרזאַמלונג פון אונזער געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַר איר ציל צו פאַרשפּרייטן צווישן דעם יידישן פאָלק די אידייען און אידעאַלן פון אונזערע סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע קלאַסיקער, — ד. ה. יענעם אמת, פון וועלכן קראָפּאָטקין איז איינער פון די גלענצנדיקסטע און איבערגעגעבנסטע אַפּאָסטלען. מיר אַלע גלויבן אין די גרונט־שטריכן פון אונזער אמת, ווי ווייט מיר זאָלן זיך נישט פאַנאַנדערגיין אין זיינע איינצלנע פּרטים, ווי גרויס עס זאָל נישט זיין דער אונטערשייד צווישן דעם ריין־אַנאַרכיסטישן און דעם סאָציאַליסטישן שטראָם פון אונזער אַלגעמיינעם געדאַנק. מיר אַלע ווילן דורך אונזער טעטיקייט פאַרשטאַרקן זיין מאַכט אין די מוחות פון אונזער פאָלק.

עס האָט זיך מיר דעריבער געדוכט, אַז די פּאַסנדסטע טעמע פאַר דער פעסט־רעדע אויף אונזער היינטיקן יום־טוב וואָלט געווען די מאַכט פון דעם אמת בכלל. דער פּרווו צו פאַרענטפערן די שאלה: איז דאָ אַזאַ מין זאַך ווי די מאַכט פון דעם אמת און אין וואָס באַשטייט זי?

מיט דער פראַגע האָב איך מיר פאַראינטערעסירט נאָך גאָר

---

*) אַ פעסט־רעדע, געהאַלטן אויף דער צווייטער יערלעכער פאַרזאַמלונג פון דער „קראָפּאָטקין ליטעראַטור־געזעלשאַפט”, דעם 28־טן פעברואַר 1915.

גאָר אין מיין פריער יוגנט, אַ דאַנק אַ קליינער פּאַסירונג, וואָס איז פאָרגעקומען מיט מיינעם אַ פריינט. איך וועל אייך דערציילן די פּאַסירונג, ווייל זי וועט אייך דערקלערן, אין וואָס פאַר אַ זין איך וויל דאָ אויפנעמען אונזער פּראָבלעם.

מיט מיינעם אַ פריינט, אַ רוסישן רעוואָלוציאָנער, האָט אין אָנהויב פון די 80-ער יאָרן געטראָפן אַזאַ מעשה.

אין זיין הויף האָט זיך, מיט זיין וויסן, אַ לענגערע צייט אויסבאַהאַלטן אַ רעוואָלוציאָנער פון מאָסקווע, מיטן נאָמען, לאָמיר זאָגן: „סידאָראָוו״, וועלכן די פּאָליציי האָט מיט התמדה געזוכט. אַז איר האָט זיך איינגעגעבן אויסצוגעפינען זיין שפור, איז דער פויגל שוין אָבער געווען אַוועקגעפלויגן און עס איז איר מער גאָרנישט געבליבן, ווי צו אַרעסטירן מיין פריינט און נעמען אים, ווי דער סדר, אין „אויפן צימבל״.

צו אַזאַ פּאַל איז מען לכתחילה געווען צוגעגרייט. מען האָט אויסגעאַרבעט אַ גאַנצע דערציילונג מיט אַלע פּרטים וועגן אַ געהיסן סוחר, לאָמיר זאָגן, איוואַנאָוו, וואָס איז געקומען קויפן ביי מיין פריינט אַ וואַלד און איז קראַנק געוואָרן אין הויף. מען האָט געקאָנט אָנפירן אַ סך עדות פון די אַרומיקע דערפער, וואָס האָבן געמוזט פאַראַמתן די וויכטיקסטע פּרטים פון דער אויסגעטראַכטער דערציילונג.

ביי דער אויספאָרשונג, ווען מען האָט אים געשטעלט די פראַגע: ווער איז געווען דער מאַן, וואָס האָט ביי אים געוווינט און וואָס האָט ער ביי אים געדאַרפט? איז מיין פריינט אַרויס מיט זיין אויסגעקלערטער מעשה, און עס איז אַלץ געגאַנגען, ווי געשמירט. אויף יעדן וויכטיקן פּונקט איז געווען אָנגעגרייט אַ תירוץ, און דער תירוץ האָט זיך נאַטירלעך אַריינגעפּאַסט אין דער גאַנצער דערציילונג און האָט געקאָנט פאַראַמתט ווערן מיט אַן עדות. נאָר אין איין מאָמענט האָט זיך מיין פריינט אויסגעגליטשט. אָנשטאָט אָנצורופן דעם אויסגעטראַכטן סוחר מיט דעם אויסגעטראַכטן נאָמען „איוואַנאָוו״, האָט ער אים פון דער העלער הויט אָנגערופן מיט דעם ווירקלעכן נאָמען פון דעם ווירקלעכן רעוואָלוציאָנער סידאָראָוו.

מיין חבר האָט זיך באַלד געכאַפּט, האָט אָבער נישט פאַר־לאָרן דאָס קאַלטע בלוט און האָט ווייטער געשפּונען זיין מעשה מיט דעם סוחר איוואַנאָוו. אויך דער אויספאָרשער האָט געמאַכט אַ שווייג. ערשט ווען מען איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער דער־ציילונג, האָט דער אויספאָרשער געפרעגט: „און וועד איז געווען דער סידאָראָוו, וועלכן איר האָט פריער דערמאָנט, און וואָס פאַר אַ שייכות האָט ער צו דעם סוחר איוואַנאָוו?"

מיין פריינט האָט פשוט געלייקנט שטיין און ביין, ער ווייס לחלוטין נישט פון קיין סידאָראָוו; ער הערט דעם נאָמען ערשט איצטער צום ערשטן מאָל און ממילא האָט ער אים פריער נישט געקאָנט דערמאָנען. און דערביי איז ער געבליבן. די צייטן זע־נען נאָך דעמאָלט געווען נישט אַזוי שטרענג, מען האָט נאָך געקוקט אַביסל אויף „געזעצלעכקייט", און מיין פריינט האָט זיך אַרויסגעדרייט פון דעם פאַטאַלן ענין מיט אַ פאָר יאָר „אונטער אויפזיכט."

וואָס איז דאָ אַזוינס פאָרגעקומען מיט מיין פריינט?

ער האָט אויסגעוועבט אַ געדיכטן געוועב פון שקר און האָט דאָס אויפגעהאָנגען, ווי אַ מחיצה, צווישן דעם אמת און דעם אויס־פאָרשער. אָבער ווי געדיכט און פעסט די מחיצה פון שקר איז נישט געווען אויסגעוועבט, האָט זי נישט געקאָנט איינהאַלטן דעם אמת. ער, דער אמת, האָט געלויערט הינטער איר און אין אַ אומבאַוואַכטן מאָמענט האָט ער דורכגעריסן דאָס שטאַרקע געוועב און זיך אַרויסגעריסן אויף דער ליכטיקער שיין.

אָט די אייגנשאַפט פון דער מענטשלעכער נשמה — נישט צו קאָנען איינגאַנצן פאַרשטיקן אין זיך דעם אמת און סוף־כּל־סוף אונטערצופאַלן אונטער זיין שליטה, — רוף איך אָן: די מאַכט פון אמת.

דער פאַקט, אַז עס איז דאָ אַזאַ מאַכט, איז שוין פון לאַנג אָן באַקאַנט. געניטע אויספאָרשער ווייסן שוין מקדמונים דעם כּלל, אַז ביי אַן אויספאָרשונג טאָר מען קיינמאָל נישט איבער־שלאָגן די אויסזאָגן פון דעם פאַרברעכער. ווי קונציק ער זאָל נישט וועבן זיין ליגן־געוועב, ווי אָפּגעהיט ער זאָל נישט שפּינען

זיינע פעדים, — וואָס מער ער וועט שפּינען און וועבן, אַלץ מער געלעגנהייט וועט ער שאַפן פאַר דעם פאַרבאָרגענעם אמת אונטערצורוקן אַ נישט-פּאַסיקן פאָדים, וואָס וועט זיך פּלוצלונג אַריינוועבן אין זיין געוועב. און מיט דעם נישט פּאַסיקן פאָדים אין דער האַנט איז שוין נאָכדעם נישט שווער זיך צו דערקלייבן ביז צו דעם באַהאַלטענעם קנויל.

אויך דער פאָלקלאָר פון די פאַרשיידענע פעלקער, — יענע פאָלקס-מעשהלעך, לידלעך און ווערטלעך, וואָס אין זיי זאַמלט אַ פאָלק און באַהאַלט פאַר דורות די דערפאַרונגען פון דעם מענטש-לעכן לעבן, — באַווייזן, אַז די מאַכט פון אמת, — זיין שליטה אַפילו אויף יענער נשמה, וואָס וויל פון אים נישט וויסן, — איז דער מענטשהייט באַקאַנט פון לאַנג אָן.

די עדות פון דעם פעלקער-שכל איז אין אונזער ענין, ווי אין אַלע אַנדערע פראַגן, אַזאַ וויכטיקע אינסטאַנץ, אַז מיר מוזן דאָ דערמאָנען אַ פּאָר איינצלהייטן פון דעם אַלמענטשלעכן פאָלק-לאָר.

די באַקאַנטסטע מעשהלע, וואָס אילוסטרירט אונזער טעמע, איז די אַלט-גריכישע לעגענדע וועגן איוויקס בושלס, וועלכע שילער האָט באַזונגען אין זיין באַקאַנטער פּאָעמע: „די קראַניכע דעס איוויקוס״.

דער באַרימטער דיכטער איוויק איז געגאַנגען אַליין דורך אַ געדיכטן וואַלד אויף אַ פאָלקס-יום-טוב אין קאָרינט. אין וואַלד זענען אים באַפאַלן צוויי גזלנים און קיינער איז נישט געווען ווער עס זאָל אים העלפן אין זיין נויט. נאָר אַ מחנה בושלס איז פאַרבייגעפלויגן אין דער הויך און צו זיי האָט דער גוססער דיכטער אַרויפגעשיקט זיין קלאָג און זיין צוואה, זיי זאָלן נקמה נעמען פאַר אים. דעם מת האָט מען באַלד געפונען אין וואַלד און געבראַכט קיין קאָרינט. דער פאָלקס-יום-טוב איז פאַרוואַנדלט גע-וואָרן אין אַ פאָלקס-טרויער נאָך דעם באַליבטן דיכטער. צווישן דעם עולם אויף דעם פרייען יום-טוב-פּלאַץ זענען אויך געווען איוויקס צוויי רוצחים, וואָס האָבן געוויס גערעכנט, אַז קיין מאַכט אין דער וועלט קאָן נישט אויפדעקן זייער פאַרברעכן. אָבער אָט

האָט מען אויפגעפירט אַ טרויער־שפּיל, וואָס האָט געפּאַסט צו דעם פאַל, און דער גאַנצער עולם איז געזעסן שטיל, פאַרזונקען אין צער. גראָד אין דעם מאָמענט איז איבער די קעפּ פון דעם פּאָלק פאַרבייגעפלויגן די מתנה פויגל, און איין גזלן האָט זיך אָפּגערופן צום אַנדערן: „זע, אָן פליען איוויקס בושלס". דער נאָמען „איוויק" האָט געווירקט ווי אַן עלעקטרישער שלאָג אויף דעם גאַנצן עולם. מען האָט זיך אַ נעם געטאָן צו די חברה־לייט און נאָך אַ לאַנגן אויספאָרשן האָבן זיי זיך געמוזט מודה זיין.

אַ רוסישע פאָלקס־מעשהלע מיט אַן עגלעכן אינהאַלט האָט טאָלסטאָי באַאַרבעט אין זיין „באָך פּראַוודו ווידיט, דאַ ניע סקאָראָ סקאַזשעט" (גאָט זעט דעם אמת, אָבער זאָגט אים נישט אויס באַלד). דאָס דייטשישע פּאָלק ציט דעם סך־הכל פון אַזעלכע לעבנס־דערפאַרונגען אין די ווערטלעך: „די ליגע האָט קורצע ביינער" (דער ליגן האָט קורצע פיס) און „עס איסט ניכטס זאָ פיין געשפּאָנען, דאַס עס ניכט קאָמט אַן די זאָנען" (קיין זאַך איז נישט געשפּונען אַזוי פיין, עס זאָל נישט אַרויסקומען אויף דער ליכטיקער שיין). דאָס יידישע פאָלק זאָגט אין אַזאַ פאַל: „הימל און ערד האָבן געשוואָרן, קיין פאַרבאָרגענע זאַכן זאָלן נישט זיין", „ווענט האָבן אויערן", אָדער: „דער אמת שווימט אַרויף, ווי בוימל אויפן וואַסער". און שוין די אַלטע יידן פון דער תלמודישער צייט האָבן געוווסט, אַז „שקר אין לו רגלים" (דער ליגן האָט נישט קיין פיס), ער קאָן דעריבער נישט אַנטלויפן און זיך אויף אייביק באַהאַלטן.

די איבערמאַכט פון דעם אמת איבער דעם שקר לאָזט זיך אין אַלע אַזעלכע פאַלן זייער גרינג דערקלערן. דאָס, וואָס איך האָב געזען מיט מיינע אויגן און געהערט מיט מיינע אויערן, לאָזט איבער אַזאַ שטאַרקן רושם אין מיין זכרון, אַז עס ווערט אַ טייל פון מיין נשמה, פון מיין אייגענעם „איך". און בעת דער אמת ליגט אין דעם נאַטירלעכן זכרון, מוז דער שקר זיך האַלטן אויף אַ געקינסטלטער פאַנטאַזיע. דער אמת, וועלכן די חושים ברענגען אונז, טראָגט זיך אַליין, און מיר דאַרפן נישט אָנווענדן קיין איין ברעקל ענערגיע, כדי אונז אַליין איינצורעדן,

אַז די ווירקלעכקייט, וואָס מיר האָבן געזען, האָבן מיר ווירקלעך געזען. אין דעם שקר אָבער קאָנען מיר אונז אַליין בשום אופן נישט איינרעדן. דער זכרון וויל אים אינסטינקטיוו נישט אויפנעמען, ווייל זיין פּלאַץ איז פאַרנומען מיט דעם אמת. דער אמת וואַרפט אים אַלע ווײַלע אַראָפּ פון זיך און מען מוז ווידעד אַמאָל און אָבער אַמאָל אָנווענדן איבעריקע גייסטיקע ענערגיע, כדי דער שקר, וואָס האָט נישט קיין וואָרצלען אין דער נשמה, זאָל קאָנען אויפגעהאַלטן ווערן אַזויצוזאָגן אין דער לופטן. דאָס מאַטערט איין די נשמה און זי זוכט אויסצורוען זיך אין איר נאַטירלעכן עלעמענט, אין דעם אמת. נאָך ריכטיקער איז צו זאָגן, אַז דער שקר איז אין תוך אַריין דער אמת גופא, נאָר ער איז אויף אַ געקינסטלעכטן געוואַלטזאַמען אופן אויפגעהאָנגען געוואָרן מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. שטענדיק טראַכטן דעם ליגן, הייסט שטענדיק האַלטן אַ טייל פון אונזער נשמה אין אַזאַ קינסטלעכער, געוואַלטזאַמער לאַגע, און עס איז דעריבער קיין חדוש נישט, וואָס ער, דער אמת, טוט זיך פלוצלונג אַ צאַפּל און אַ שטעל־אויף אויף די פיס, ווי נאָר די מוסקולן פון דעם ווילן, וואָס האַלטן אים אין דער אומנאַטירלעכער געצוווּנגענער לאַגע, ווערן אויף אַ רגע אָפּגעשוואַכט.

נו — וואָלט מען אין פלוג געקאָנט מיינען, אַז די מאַכט פון אמת ליגט אין יענער אומגעהייערער ווירקלעכקייטס־קראַפט, וואָס מיט איר זענען אָנגעזאַפּט אַלע עדות פון אונזערע חושים, און אַז נאָר יענע אמתן קאָנען גובר זיין דעם שקר, וואָס פאַר זיי שטעלן זיך איין די דאַטן פון אונזער זינלעכער דערקענטעניש. אין דער אמתן אָבער איז דאָס נישט אַזוי. נאָך העכער, איידער דער אמת פון די חושים, שטייט דער אמת פון דעם שכל, און דער לעצטער אמת איז ביי אַ געזונטן און נאָרמאַלן מוח סוף־כל־סוף גובר דעם ערשטן.

מיר וועלן דאָס באַלד באַווייזן, אָבער איידער מיר וועלן דאָס טאָן, מוזן מיר זיך אויף אַ ווײַלע אָפּשטעלן, און אָפּראַמען אייניקע שטערונגען פון אונזער וועג. דאָס גאַנצע פעלד פון דער זינלעכער דערקענטעניש, פון די אמתן, וואָס די חושים

ברענגען אונז, איז לפי ערך אַ שטילער און זייער נישט קיין מ־פער פֿאָרט, ווו קיין גרויסע פילאָזאָפישע שטורעמס קאָנען נישט פאָרקומען. קוים פֿאַרלאָזן מיר אָבער יענעם שטילן פֿאָרט און מיר שווימען אַריין אין דעם ים פון דער שכלדיקער דערקענטעניש, אַזוי הויבן שוין אָן צו וואַרפֿן די כוואַליעס, אַזוי באַגעגנט אונז שוין אַ פילאָזאָפישער שטורעם, וואָס — ווער ווייס, ווען ער וועט זיך איינשטילן!

איז דאָ אַזאַ זאַך אויף דער וועלט, ווי אמת? און וואָס באַשטייט ער? און קאָן דער מענטש אים אויסגעפינען?

דאָס זענען די אייביקע גרויסע שאלות פון דער דערקענטעניש־טעאָריע, די פראַגן וועגן דעם, פון וואַנען עס שטאַמט אונזער דערקענטעניש, וואָס פאַר אַ ווערט זי האָט און אין וועלכע גרעניצן זי קאָן זיך מיט זיכערקייט באַוועגן.

געבן אַן ענטפער אויף די אַלע שאלות קאָן נישט אַריין אין די אויפגאַבן פון מיין היינטיקער פעסט־רעדע, אָבער אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם מוז געזאָגט ווערן.

אונטער אמת בכלל פאַרשטייט יעדערער אַ געטרייען באַריכט וועגן אַ וועלכן עס איז פאַקטישן צושטאַנד אין דער וועלט־ווירקלעכקייט, אין דער פאַרגאַנגענהייט, קעגנוואַרט און צוקונפט. דער צוקער איז זיס. דער פעפער איז ביטער. ס'איז נישטאָ קיין נשמה. עס זענען דאָ געזעצן אין דער נאַטור. די וועלט איז אומענדלעך. דאָס זענען אַלץ באַריכטן וועגן פאַקטישע צושטאַנדן אין דער וועלט. און די גרויסע שאלה ווערט געפרעגט: קאָן די מענטשלעכע דערקענטעניש אויסאַרבעטן געטרייע באַריכטן? וועלכע מיטלען מוז זי דערביי אָנווענדן? מעג זי זיך פאַרלאָזן אויף יענע מיטלען, וועלכע זי קאָן אָנווענדן?

פאַרשיידענע שולן אין דער פילאָזאָפיע און דער דערקענטעניש־טעאָריע האָבן אויף די אַלע שאלות געגעבן פאַרשיידענע ענטפערס. עס זענען דאָ *דאָגמאַטיקער*, וואָס זענען זיכער, אַז די מענטשלעכע דערקענטעניש איז בכוח אויסצואַרבעטן *אַזעלכע* געטרייע באַריכטן, וואָס זאָלן זיין אַ „מוז" פאַר דאָס דענקען. עס זענען דאָ *סקעפּטיקער*, וואָס טענהן, אַז דער מענטש קאָן

בשום אופן נישט אויסאַרבעטן אַזעלכע אַבסאָלוט-זיכערע באַריכטן, און אַז ביי יעדן באַריכט, וואָס ער אַרבעט אויס, האָט דער שכל אַ רעכט אַוועקצושטעלן די שאלה: „טאָמער פאַרקערט?" דאָס הייסט, אַז קיין ענטפער איז נישט קיין „מוז" פאַר דעם מענטשן, און עס זענען דאָ נאָך אַנדערע ריכטונגען, וואָס ליגן צווישן אָט די צוויי עקסטרעמען.

טראַכט מען זיך אָבער אַריין אין די אַלע סיסטעמען אַביסל טיפער, באַמערקט מען תיכף, אַז זיי שטעלן אַוועק די פראַגע נישט בנוגע צו אַ וועלכן עס איז איינצל-פאַל, וואָס ליגט אין די גרענעצן פון דער מענטשלעכער דערפאַרונג, נאָר ערשטנס בנוגע דער גאַנצער מענטשלעכער דערפאַרונג בכלל, און צווייטנס בנוגע יענע איינצל-פאַלן, וואָס שטייגן אַריבער די גרענעצן פון אַ מענטשנמעגלעכער דערפאַרונג, די איינצלפאַלן אָבער פון דער מענטשלעכער דערפאַרונג בלייבן אַבסאָלוט מחוץ פון יענעם גרויסן פילאָזאָפישן שטרייט.

אַ פּאָר ביישפּילן וועלן אונז קלאָר מאַכן דעם ענין. לאָמיר נעמען קודם כל די דערקענטעניש פון דער דרויסנדיקער וועלט, וואָס אונז גיבן די חושים, — דאָס זען, הערן, טאַפּן, — יענעם שטילן פּאָרט, וואָס איז אַמבעסטן געשיצט פון דעם פילאָזאָפישן שטורעם. לאָמיר זיך אַוועקשטעלן אויף דעם עקסטרעם-סקעפּטישן שטאַנדפּונקט, אָדער נאָך בעסער, אויף דעם עקסטרעם-נעגאַטיוון שטאַנדפּונקט — און זאָגן, מיט אַ סך אידעאַליסטן און סאָליפּסיסטן, אַז ס׳איז גאָר קיין דרויסנדיקע וועלט אויף דער וועלט נישטאָ, אַז אַלץ וואָס איך זע און הער און פאַרזוך, איז נישט מער, ווי אַ דמיון אין מיר, אַז דער צוקער קאָן נישט זיין זיס, ווייל ס׳איז גאָר קיין צוקער נישטאָ מחוץ פון מיין באַוווסטזיין, און דער פעפער קאָן נישט זיין ביטער, מחמת דעמזעלביקן טעם. איצטער לאָמיר פּרוּוון אָנווענדן אָט דעם סאָליפּסיסטישן אָדער סוביעקטיוו-אידעאַליסטישן שטאַנדפּונקט אויף דעם ספּעציאַל-פּאַל מיט מיין פריינט, וואָס איך האָב אויבן דערציילט.

לאָז זיין, אַז מיין פריינט איז אַ קאָנסעקווענטער סקעפּטיקער און דער אויספאָרשער איז אַ קאָנסעקווענטער סאָליפּסיסט, וואָס לייקנט לגמרי אָפּ די עקזיסטענץ פון וועלכע עס איז רע-

אַלע זאַכן מחוץ פֿון זיין אייגענעם באַוווסטזיין ווייסט זיך דער אויספאָרשער זאָגן: „וואָס פאַר אַ זין האָט דאָס פאַר מיר צו פרעגן, וועד עס האָט ביי אים געוווינט, — דער רעוואָלוציאָנער סידאָראָוו, אָדער ווער עס איז אַן אַנדערער, — אַז ער אַליין, און דער רעוואָלוציאָנער און איך אַליין, ווי אַן אויספאָרשער, זענען מיר אַלע בסך הכל נישט מער, ווי פאַנטאַסטישע בילדער אין מיין כּוח הדמיון?" און וועט זיך מיין פריינט דער סקעפּטיקער פרעגן: „וואָס פאַר אַ זין האָט דאָס אויסצוטראַכטן אַ נישט געשטויגענעם סוחר איוואַנאָוו און אָנווענדן אַלע מיטלען, אַז דער אויספאָרשער זאָל נישט אַרויף אויף דער רעוואָלוציאָנער סידאָראָוו? זענען מיר אפשר אַלע עפּעס מער, ווי פאַנטאַסטישע בילדער אין מיין כּוח הדמיון? קאָן איך באמת אַבסאָלוט זיכער זיין, אַז ביי מיר האָט געוווינט דער רעוואָלוציאָנער סידאָראָוו און נישט דער סוחר איוואַנאָוו, וועמעס עקזיסטענץ איך האָב אויסגעטראַכט?"

עס פאַרשטייט זיך, אַז אַזעלכע פראַגן קאָנען גאָרנישט געמאָלט זיין. ביידע, סיי דער סאָליפּסיסט, סיי דער סקעפּטיקער, וואָלטן געענטפערט אויף זיי: ס'איז אמת (אָדער ס'קאָן זיין), אַז די גאַנצע וועלט איז אַ דמיון. אָבער אין דעם דמיון שטייען די איינצלנע טיילן אין געוויסע נויטווענדיקע שייכותן. די באַריכטן וועגן די שייכותן קאָנען זיין אמתע און פאַלשע, — אַזעלכע, וואָס שטימען מיט די נויטווענדיקע שייכותן, און אַזעלכע, וואָס גייען להיפּך צו זיי. איך, דער דמיון פון אַן אויספאָרשער, בין פאַראינטערעסירט, אַז ער, דער דמיון פון אַ פאַרברעכער, זאָל געבן דעם דמיון פון אַ געטרייען, אמתן באַריכט; און ער, דער דימיונדיקער פאַרברעכער איז דמיונדיק פאַראינטערעסירט, ער זאָל געבן אַ דמיונדיקן פאַלשן באַריכט.

ווי איר זעט, בלייבט דאָ די נפקא מיניה צווישן אמת און שקר דיזעלביקע. דער רעוואָלוציאָנער סידאָראָוו איז אַ דמיונדיקער אמת און דער סוחר איוואַנאָוו איז אַ דמיונדיקער שקר, ווי איר זאָלט זיך נישט שטעלן צו דער פראַגע וועגן דער רעאַליטעט פון דער דרויסנדיקער וועלט.

מחמת דעמזעלביקן טעם וועט אַ סאָליפסיסט, וואָס לייקנט די עקזיסטענץ פון דער דרויסנדיקער וועלט, אָבער וואָס האָט אַ קראַנקן צאָן, אַ מינוס נישט נתפעל ווערן פון דעם, וואָס די גאַנצע וועלט איז אַ דמיון: ער וועט מאַכן אַ דמיונדיקן גאַנג צו אַ דמיונדיקן ציין-דאָקטאָר, וואָס וועט מיט אַ דמיונדיקער צוואַנג דמיונדיק אַרויסרייסן דעם דמיונדיקן צאָן, און דער סאָליפסיסט וועט דערביי זיך נאָך נישט שעמען צו זאָגן: „עס איז מיר באמת געוואָרן אַ ליכט אין די אויגן".

דער סקעפּטיציזם אין דער זינלעכער דערקענטעניש און דערהויפּט בנוגע דער פראַגע וועגן דער רעאַליטעט פון דער דרויסן-וועלט איז ווי אַ גרויסער אַלגעבראַאישער אויסדרוק, וועלכער האָט אין זיך אַ סך פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע צאָלן, וואָס זענען אַלע אַרומגענומען געוואָרן מיט האַלבע לבנות און פאַרוואָרנט געוואָרן מיט אַ קאָעפיציענט גלייך נול. אַ דאַנק דער נול, וואָס נעמט זיי אַלעמען אַרום, איז דער פּלוס איינס געוואָרן אַ נול און דער מינוס איינס געוואָרן אַ נול. אָבער אַז איר דעכנט זיך מיט דעם אויסדרוק גופא און קוקט נישט אויפן קאָעפּיציענט, דעמאָלט זענען (+) און (—) צוויי היפוכים, וואָס קאָנען נישט פאַרביטן ווערן איינער מיט דעם אַנדערן. דאָס איז מיט דער זינלעכער דערקענטעניש.

עס וואָלט מיר אָבער אויך זייער לייכט געווען צו באַווייזן, אַז דיזעלביקע זאַך איז ריכטיק פאַר אַלע איינצלנע מיינונגען, וואָס קאָנען שפּילן אַ ראָלע אין דער וויסנשאַפט און אין דער טעכניק. אַן אינזשיניער, אַ ראַדיקאַלסטער סקעפּטיקער, וואָס וואַרפט אַריין אין ספק די מענטשלעכע דערקענטעניש בכלל, וועט אַ מינוס נישט באַצווייפלען די געזעצן פון דער מעכאַניק און דער מאַטעמאַטיק, בעת ער ווענדט זיי אָן ביי דעם בוי פון אַ בריק. ער וועט זיך נישט פרעגן סקעפּטיש: „טאָמער איז צוויי מאָל צוויי פינף, טאָמער האַלט אויס אַן אייזערנע קייט הונדערטער נצוויכט, איידער אַ באַוואָלנער פאָדים?"

זיין סקעפּטיציזם גייט אויף דעם גאַנצן סכום פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש, אָבער נישט אויף די איינצלנע שייכותן,

וואָס עקזיסטירן צווישן אירע איינצלנע טיילן. די באַריכטן וועגן די איינצלנע שייכותן קאָנען זיין אמתע און פאַלשע, — אַלץ איינס, צי די גאַנצע מענטשלעכע דערקענטעניש איז אמת, אָדער פאַלש.

טרעט מען אָבער צו צו דער אמת־פּראָבלעם אָט פון דעם שטאַנדפּונקט, בלייבנדיק ביי די פראַגן וועגן דער איינצל־דערקענטעניש און לאָזנדיק אָן אַ זייט די גרויסע פּראָבלעמען פון דער דערקענטעניש בכלל, קאָנען מיר, ווי מיר דוכט, אויסאַרבעטן אַ געוויסן בליק אויף אמת און פאַלש, וואָס קאָן אויסהאַלטן די אַטאַקע פון דעם פאַרביסנסטן סקעפּטיקער.

באַשרייבן דעם וועג, ווי אַזוי מיר קומען צו אַזאַ בליק, — דאָס געהער אין אַ ספּעציעלער אונטערזוכונג. דאָ מוז איך מיך באַנוגענען מיט אַ פּאָר רעזולטאַטן אין דער פאָרם פון אַלגעמיינע באַמערקונגען, וואָס וועלן אונז קלאָר מאַכן דעם ענין פון יענעם אמת, וועגן וועלכן מיר רעדן היינט.

דער אמת בכלל איז אפשר אויך — ווי דאָס וויל דער דאָגמאַטיקער — אַ געטרייער באַריכט וועגן אַ פאַקטישן צושטאַנד אין דעם וועלט־געשעען, אָבער קודם כל און מער פאַר אַלץ איז ער אַ געטרייער באַריכט וועגן דעם, וואָס איך „מוז" אָנערקענען וועגן אַ וועלכן עס איז ענין אין דער וועלט. דער אמת אין דער זינלעכער דערקענטעניש איז אַ געטרייער באַריכט וועגן דעם, וואָס איך „מוז" אויפנעמען מיט מיינע חושים פון אַ וועלכער עס איז דערשיינונג (די מאָן־בלום איז רויט). דער אמת פון שכל איז דער טרייער באַריכט וועגן דעם, וואָס איך מוז טראַכטן וועגן דערדאָזיקער דערשיינונג. (די מאָן־בלום איז אַ לעבעדיק וועזן). און דערביי מוזן מיר תיכף צוגעבן, אַז מיר האָבן נישט נאָר אַן אמת פון די חושים און אַן אמת פון שכל, נאָר אויך אַ דריטן אַרט אמת: דעם אמת פון דעם ווילן, אָדער דעם אמת פון דעם האַרצן, וועלכן יהודה הלוי האָט צוערשט אַריינגעפירט אין דער פילאָזאָפישער באַטראַכטונג. דער אמת פון דעם ווילן, אָדער דער אמת פון דעם האַרצן, איז אַ געטרייער באַריכט וועגן יענע ענינים אוי דערשיינונגען, וואָס איך „מוז" זיי וועלן, וואָס

איך מוז צו זיי שטרעבן. *) און דאָרטן, ווו מיר געפינען אַזאַ „מוז״, האָבן מיר פאַר זיך אַן אמת.

אין וואָס באַשטייט דערדאָזיקער „מוז״, וועלכן איך קאָן נישט אָפּוועקשטעלן מיט קיינע ספקות? מיט וואָס פאַר אַ טעאָרעטישן רעכט גלויב איך יענעם „מוז״? אונטער וועלכע באַדינגונגען ווערט יענער „מוז״ אין מיר באַשאַפן? דאָס זענען אַלץ ספּעציעלע פראַגן, וואָס געהערן אין אַ ספּעציעלער פאָרשונג. וויכטיק איז צו געדענקען דעם כלל, אַז אין דעם „מוז״ ליגט דער תּמצית פון דעם אמת, אַז נישט יעדער זינלעכער איינדרוק, נישט יעדער געדאַנק, נישט יעדע וועלעניש פון מיין האַרצן איז אמת. **) און אַז די זיכערקייט אין מיין אמת ווערט נאָר דעמאָלט איינגעפעסטיקט אין מיר, ווען מיר ווערט קלאָר ווי דער טאָג, אַז יעדער נאָרמאַלער געזונטער מענטש, וואָס וועט ערנסט זוכן דעם אמת, וועט אויך מוזן האָבן דיזעלביקע זינלעכע איינדרוקן, דיזעלביקע געדאַנקען, דיזעלביקע וועלענישן און געלוסטן ווי איך. האָב איך נישט אָט די קלאָרקייט, איז דעמאָלט בין איך מיר אַליין באַוווּסט, אַז דאָס איז נישט קיין זיכערער אמת, נאָר נישט מער, ווי מ י י ן איינדרוק, מיין מיינונג, מיין געשמאַק, — קורץ: נישט קיין אַלגעמיין־גילטיקער אמת, וואָס איז אַ חוב פאַר אַלע מענטשן.

ווען אַ דאַלטאָניסט, וואָס ליידט אויף גרין־רויט־פאַרבן־בלינדקייט, זעט נישט איין די נפקא מיניה צווישן רויט און גרין, קאָן ער אַ לאַנגע צייט מיינען, אַז פאַר אַלע מענטשן אין דער וועלט איז די פאַרב פון דער מאָן־בלום און די פאַרב פון דעם גראָז איין־און־דיזעלביקע פאַרב. די באַקאַנטשאַפט מיט אַנדערע מענטשן, די טויזנטערליי עקספּערימענטן, וואָס ער קאָן דורכפירן,

---

*) צ. ב. אריכת ימים איז אַ גוטע זאַך. בעסער אַ קליין פישל, אָדער אַ גרויסער טאַראַקאַן.

**) ווען דער בערלינער דייטש ברענגט אַרויס דעם אמת פון זיין ווילן אין דעם באַרימטן ווערטל: „אַ יוטע יעבראָטענע יאַנז...״ איז דאָס אפשר גאָר נישט קיין „מוז״ פאַר יעדן מענטשלעכן ווילן.

צווינגען אים אָבער איינצוזען, אַז זיין מיינונג איז אויפגעבויט אויף אַן אינדיווידועלן איינדרוק און אַז זיין אינדיווידועלער איינדרוק איז אַן אויסנאַמס־פאַל. זיין שכל מוז דאָ אַריינטראָגן אַ קאָרעקטור אין זיינע עמפינדונגען.

אַזעלכע קאָרעקטורן קאָן דאָס דענקען זייער לייכט אַריינ־טראָגן אין די פאַקטן פון דער זינלעכער דערקענטעניש, נאָר ליידער איז נישט אַזוי לייכט אַריינצוטראָגן זיי אין די אמתן פון דעם שכל און אין די אמתן פון דעם האַרצן. אָבער אַלע מאָל, ווען איינער זוכט ערנסט דעם אמת און וויל נישט אָפּנאַרן זיך אַליין, מוז ער זיך פרעגן: האַלט איך דעם געדאַנק פאַר אמת נאָר דערפאַר ווייל ער געפעלט מיר, פלוני בן פלוני, אין אָט דעם געגעבענעם מאָמענט, אָדער ווייל איך ווייס אויף זיכער, אַז אויף וויפל מען קאָן אויסגעפינען דעם אמת איבערהויפּט, „מוז" יעדער מענטש דענקען אַזוי ווי איך? און נאָר דעמאָלט, ווען איך פיל, אַז איך בין דאָ נישט דער אינדיווידואום, „פלוני בן פלוני", נאָר דער רעפּרעזענטאַנט פון דעם מין מענטש בכלל, פון דעם נאָרמאַלן, געזונטן, אמת־זוכנדיקן מענטשן; נאָר דעמאָלט ווען איך האָב דורכגענומען אַלע פאַקטן און דורכגעטראַכט אַלע אַרגומענטן און האָב איינגעזען, אַז איך קאָן נישט אַנדערש דענ־קען, ווי איך דענק, נאָר דעמאָלט האָב איך די געוויסהייט, אַז איך האָב אויפגענומען אַן אמת.

אמת, אָט די קלאָרקייט, אַז מ י י ן אמת איז דער אַלגע־מיין־מענטשלעכער אמת, איז זייער אָפט און אפשר אַלע מאָל נישט מער ווי אַן אילוזיע, אַ נויטווענדיקע אילוזיע, ווי די, ווען איך זע, אַז די זון איז די גרויס ווי אַ טעלערל. אָבער אַזאַ אילוזיע א י ז ד ע ר נ ו י ט ו ו ע נ ד י ק ע ר ב אַ ד י נ ג פ ו ן ד ע ם א מ ת, פון וועלכן דער מענטש קאָן זיך בשום אופן נישט אָפּ־זאָגן.

זע איך, אַז דער אַנדערער טרעט אַרויס מיט אַ געדאַנק, וואָס איז פונקט דער היפך פון מיינעם און טרעט אַרויס מיט דערזעלביקער אילוזיע, אַז זיין געדאַנק איז דער א מ ת, ד. ה.

אַ ז אַ געטרייער באַריכט וועגן אַ וועלכן עס איז ענין, וואָס איז אַ „מוז״ פאַר יעדן דענקנדיקן, געזונטן, נאָרמאַלן, „אמת״־זוכנ־דיקן מענטשן, — מוז איך קודם באַקאַנט ווערן מיט אַלע זיינע אַרגומענטן. אויב זיינע טעמים זענען אַקוראַט אַזוי שטאַרק ווי מיינע, — דעמאָלט זינקען אַראָפּ ביידע אונזערע אמתן צו דער מדרגה פון אַ פּערזענלעכער מיינונג. זענען זיינע טעמים שטאַר־קער פאַר מיינע, דעמאָלט, פאַרשטייט זיך, האָט ער דעם אמת און איך מוז צושטיין צו אים. פיל איך אָבער, אַז מיינע אַר־גומענטן זענען שטאַרקער און זענען גובר די קראַפט פון זיינע, דעמאָלט דערוואַרט א י ך, אַז ער זאָל צושטיין צו מיר.

און דערין באַשטייט די ווירקונג פון דער פּראָפּאַגאַנדע, דער פאַקט, וואָס מענטשן זאָגן זיך אָפּ פון אַלטע געדאַנקען און נעמען אָן נייע. אויך דאָ, פאַרשטייט זיך, מוז איך צוגעבן אַז אונטער די טעמים און די אַרגומענטן ליגן פאַרבאָרגן נאָך אַנדערע סוביעקטיווע מאָמענטן, וואָס מאַכן, אַז איך זאָל אפשר נישט ק אָ נ ע ן אָפּשאַצן די אמתע קראַפט פון זיינע אַרגומענטן און ער זאָל אפשר מ ו ז ן נעמען אויף אַ צו לייכטער אַקסל די גאַנצע וואָג פון מיינע טעמים. אין אַזאַ פאַל בלייבן מיר ביידע ביי אונזערע אמתן, יעדער ביי זיין געדאַנק, וואָס איז פאַר־בונדן מיט דער אילוזיע, אַז אָט דער געדאַנק און נאָר ער איז דער נויטווענדיקער „מוז״ פאַר יעדן מענטשן, און קיינער קאָן אונז דאָ נישט העלפן: מיר מוזן קעמפן איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן. דאָס העכסטע, וואָס די קעגנער קאָנען אין אַזאַ צונויפשטויס פון פאַרשיידענע אמתן פאַרלאַנגען איינער פון דעם אַנדערן איז — ד י ט אָ ל ע ר אַ נ ץ: קיינער זאָל קיינעם נישט צ ו ו י נ ג ע ן אָנצונעמען אַן אמת, וואָס גייט להיפך צו דעם אייגענעם געוויסן, — די טאָלעראַנץ און דער קעגנזייטיקער טיפער דרך ארץ אין דעם אומפאַרמיידלעכן הייסן קאַמף.

און אַקוראַט אַזוי, ווי איך מוז איינזען, אַז פאַרשיידענע מענטשן קאָנען זיין געצוווּנגען צו דענקען פאַרשיידנס וועגן איין־און־דעמזעלביקן ענין, אַזוי מוז איך אויך צוגעבן, אַז אין פאַרשיידענע צייטן האָבן די מענטשן געמוזט האָבן פאַרשיידענע

אמתן — און די געשיכטע ווייזט אונז, אַז אַזוי איז עס טאַקע געווען.

אָבער אַלע מאָל, ווי פֿאַרשיידן די אמתן זאָלן נישט זיין ביי פֿאַרשיידענע אינדיווידוען און אין פֿאַרשיידענע צייטן, — אַלע מאָל איז דער אמת אַרויסגעטראָטן מיט דער גדלותדיקער זיכער־קייט, אַז מען „מוז" אים אָנערקענען און אז ער איז אַ חוב פֿאַר יעדן נאָרמאַל־דענקנדיקן מענטשן.

אַ ביישפּיל וועט נאָך אפשר בולטער אַרויסברענגען דעם, זעלביקן געדאַנק. לאָמיר זיך אַריבערטראָגן אין דער צייט פֿון דער אַלט־עגיפּטישער ציוויליזאַציע, ווען עס איז שוין אויסגעוואַקסן אַ טיפֿע און ריינע רעליגיעזע פֿאַרשטעלונג וועגן די דערשיינונגען פֿון דער וועלט.

די לבנה איז דעמאָלט געווען אין די אויגן פֿון די גע־בילדעטע עגיפּטער נישט קיין פּלאַנעט פֿון דער ערד, נאָר אַ געטין, אַ „הימלישע קו", פֿון וועלכער עס האָבן געפֿלאָסן אויף דער ערד „די שפע פֿון די בריסט און פֿון דער טראַכט", די ברכות שדים ורחם. לאָמיר זיך פֿאָרשטעלן, אַז אין יענער צייט איז ביי איינעם אַן עגיפּטער פּלוצלונג דורכגעפֿלויגן דער געדאַנק, אַז די לבנה איז גאָר נישט קיין הימלישע קו, אַז דאָס איז גלאַט אַזוי זיך אַ שטיק חומר, וואָס דרייט זיך אַרום אין דער לופֿטן. אַזאַ געדאַנק איז גאַנץ געוויס נאָנט צו אונזערע געדאַנ־קען וועגן דעם ענין, ד. ה. צו דעם אמת פֿון אונזער צייט. וואָלט דאָס אָבער אויך געווען אַן אמת אין יענער צייט? בשום אופֿן נישט! ווייל אויב יענער עגיפּטער וואָלט זיך אַליין געפֿרעגט, וואָס ער מוז טראַכטן וועגן דער לבנה, וואָס יעדער מענטש מוז טראַכטן וועגן איר, וואָלט ער געמוזט אָנווענדן די זיכערסטע פֿאַקטן און די זיכערסטע אַרגומענטן פֿון זיין צייט, ד. ה. אַלע יענע פֿאַקטן און אַרגומענטן, וואָס אין זיי האָט דע־מאָלט קיין בר־דעת נישט געקאָנט צווייפֿלען. אָבער אַלע יענע פֿאַקטן און אַרגומענטן, האָבן געמוזט פֿירן צו דעם רעזולטאַט, אַז די לבנה איז נישט „גלאַט אַ שטיקל חומר", נאָר דוקא אַ געטין, דוקא אַ הימלישע קו. זיין געדאַנק, וואָס איז אַזוי נאָענט

צו אונזער איצטיקן אמת וואָלט דעמאָלט געווען נישט קיין אמת, נאָר גלאַט אַזוי אַ געפּלאַפּל פון אַ לייכטזיניקן מענטשן.

און ווען אין יענע צייטן וואָלט געלעבט אַ סקעפּטיקער, וואָס וואָלט אַריינגעוואָרפן אין צווייפל די גאַנצע עקזיסטענץ פון דער וועלט און די גאַנצע מעגלעכקייט פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש (די אַלטע אינדיער האָבן שוין געקאָנט דעם קונץ), וואָלט ער זיך געמוזט זאָגן, אַז אויב עס איז דאָ אַ וועלט און אויב אונזער שכל קאָן משיג זיין די דערשיינונגען אין איר, איז דעמאָלט די לבנה נישט קיין אַנדער זאַך, ווי די הייליקע שפּעשענקנדיקע קו, ווי אונזער שכל איז דאָס אונז מחייב צו דענקען.

און אַקוראַט אַזוי וואָלט אויך יעדער בר־דעת זיך דעמאָלט אויסגעלאַכט פון יעדן איינעם, וואָס וואָלט געלייקנט די געטלעכקייט פון דער לבנה, ווי מיר לאַכן זיך אויס, ווען מיר הערן די די מיינונג, אַז די לבנה איז נישט מער ווי דאָס, וואָס זי שטעלט פאָר פאַר אונזערע חושים, ד. ה. אַ ליכטיק זילבערן טעלערל, וואָס שווימט אין דעם בלאָען אַזור.

עס איז דעריבער דערקענטעניש־טעאָרעטיש ריכטיק, ווען מיר זאָגן, אַז די זאַך פאַר דעם דענקנדיקן מענטשן איז נישט דאָס, וואָס זי איז און ווי זי איז אין זיך גופא, און אויך נישט דאָס, וואָס זי שטעלט פאָר פאַר זיינע חושים; נאָר דאָס, וואָס ער, דער דענקנדיקער מענטש איז געצוווּנגען צו דענקען וועגן איר. פאַר דעם עגיפּטער, צ. ב., איז די לבנה געווען אַ געטין, אַ הימלישע קו, פאַר די אַלטע רוימער אַ געטין — דיאַנאַ — אַ יעגערין, פאַר די אַלטע יידן, אַ לאָמפּ אַזאַ, אָנגעצונדן פון גאָט, פאַר די שפּעטערדיקע דורות פון דער מענטשהייט איז זי געוואָרן אַ מיט־רייזנדער פּלאַנעט, וואָס דרייט זיך מיט דער ערד אַרום דער זון.

די אמתן פון אונזערע חושים זענען דעריבער, פון אַ העכערן שטאַנדפּונקט געזען, באַדינגט פון די אמתן פון אונזער שכל, און דער אמת פון דעם שכל האָט אין זיך אַזאַ מאַכט, וואָס קאָן גיין להיפך אַפילו צו די טאָג־טעגלעכע דאַטן פון אונזערע זינען.

עס איז אין דער גאַנצער געשיכטע פֿון דעם מענטשלעכן געדאַנק אפֿשר נישטאָ קיין שענערס קאַפּיטל, איידער דאָס, וואָס דערציילט אונז, ווי אַזוי דער אמת פֿון דעם שׂכל, וועלכן קאָפּערניק האָט אַרויסגעבראַכט, האָט, נאָך דורות פֿון קאַמף און פּיין, סוף־כּל־סוף גובר געווען דעם אמת פֿון די חושים.

טראַכט זיך אַריין אין דער לאַגע פֿון דער גייסטיקער וועלט, בעת אין איר האָט זיך אַריינגעריסן קאָפּערניקס טעאָריע! ווי האָט די טעאָריע געשלאָגן אין פּנים אַריין אַלץ, וואָס דער מענטש האָט געוווּסט און געגלויבט אַזוי זיכער, אַלץ, וואָס ער זעט טאָג־טעגלעך מיט זיינע אייגענע אויגן!

די ערד רוט אייביק אויף אירע גרונט־פֿעסטן. אַרום דער ערד דרייט זיך די זון. מיר זעען אַלע טאָג, ווי זי גייט אויף אין מזרח, וואַנדלט איבער דעם הימלס געוועלב און פֿאַרגייט אין אָוונט אין מערבֿ־זייט. און דער געזונטער מענטשלעכער פֿאַרשטאַנד זאָגט אונז אויך, אַז די ערד געפֿינט זיך תּמיד אין רו. אויבֿ זי וואָלט זיך געדרייט, אין שווינדלענדיקער גיכקייט, ווי קאָפּערניק וויל דאָס, — ווי וואָלטן דאָס מענטשן נישט געמערקט? ווי וואָלטן זיך געקאָנט האַלטן אויף איר די איינצלנע זאַכן? ווי וואָלטן זיי נישט אַראָפּגעשליידערט געוואָרן פֿון איר אין איר שטורמישן געיעג?

און נישט נאָר די זינען און דער גאַנצער פֿאַרשטאַנד האָבן אונז עדות געזאָגט, אַז די ערד שטייט און די זון דרייט זיך. דער הייליקסטער מקור פֿון אַלע אונזערע העכערע אמתן אין יענער צייט, — דער רעליגיעזער גלויבן, סיי דער יידישער, סיי דער קריסטלעכער, — האָט אויך געפֿאָדערט, מיר זאָלן בלייבן טריי דעם געוויינלעכן, טאָג־טעגלעכן בליק פֿון דעם שׂכל הישר.

איז אפֿשר די װ י ס נ ש אַ פֿ ט, די אַסטראָנאָמישע באַאָבאַכטונג, געגאַנגען להיפּוך צו די טאָג־טעגלעכע עדות פֿון אונזערע אויגן און צו די הייליקע געבאָטן פֿון קירכלעכע אויטאָריטעטן און האָט געפֿאָדערט קאָפּערניקס טעאָריע?

אויך דאָס נישט! די שוועריקייטן צו דערקלערן אַלע הימלס־דערשיינונגען פֿון דעם אַלטן פּטאָלאָמעאישן שטאַנדפּונקט האָבן

די געלערנטע אַסטראָנאָמען, אמת, געשפּירט, אָבער גאָר אומדער־קלערבאַר זענען זיי נישט געווען. אויף דער פּטאָלאָמעאישער טעאָריע פלעגט מען אַלע ווײַלע לייגן אַ לאַטע נאָך אַ לאַטע, גרויסע טיילן פלעגט מען איבערשניידן און איבערנייען אויפסניי, אַנדערע טיילן צושטוקעווען פון אַ פרישן מאַטעריאַל, — די „ציקלען״ און „עפּי־ציקלען״ פון היפּפּאַרך און פּטאָלאָמעי, — אָבער סוף־כל־סוף פלעגט מען דאָך אַרויסברענגען אַ האַרמאָנישן צו־נויפקלאַנג צווישן דער הערשנדיקער טעאָריע און די ווינסשאַפט־לעכע פאַקטן.

פאַרגעסן מיר נישט דעם וויכטיקסטן פונקט אין דער גאַנצער געשיכטע פון יענער גייסטיקער רעוואָלוציע: קאָפּערניק האָט נישט געבראַכט קיין נייעם פאַקט, וואָס זאָל נישט קאָנען אַרייַנגעפּאַסט ווערן אין דעם אַלטן געדאַנקען־סיסטעם. ער האָט בכלל נישט געבראַכט קיין נייע פאַקטן. ער האָט נאָר פאָרגעשלאָגן אַ נייע טעאָריע, אַ בעסערע דערקלערונג פאַר יענע פאַקטן, וואָס אַלע געלערנטע האָבן געוווּסט, וואָס זענען באַקאַנט געווען דער געלערנטער וועלט זינט עס האָט עקזיסטירט אַן אַסטראָנאָמישע ווינסשאַפט. נאָך מער: די קאָפּערניקאַנישע טעאָריע איז אין איר גרונט־געדאַנק אייגנטלעך נישט געווען קיין אַבסאָלוט־נייע. שוין פּיטאַגאָראַס האָט זי אַרויסגעזאָגט. אויך פּטאָלאָמעי אַליין איז געווען גאַנץ גוט באַקאַנט מיט איר. ער האָט נאָר געקוקט אויף איר, ווי ער האָט געמוזט קוקן אין זיין צייט: ווי אויף אַ מאַטעמאַטישע שפּילעריי.

לאָזט מיך דאָ דערמאָנען איין איינציקן פּונקט, — אמת, איינעם פון די וויכטיקסטע אין קאָפּערניקס טעאָריע, — כדי אונז זאָל איינגאַנצן קלאָר ווערן זיין טעאָרעטישער אויפטו; איך האָב דאָ אין זין די באַוועגונג פון די פּלאַנעטן.

די פּשוטע, ריינע באַאָבאַכטונג באַווייזט אונז, אַז אויך די פּלאַנעטן באַוועגן זיך אַרום דער ערד. זיי גייען אויף און פאַר־גייען אַקוראַט אַזוי ווי די זון, און זייער וועג אַרום דער ערד איז, — ביז אויף אַ פּאָר קליינע איינצלהייטן, — אַזוי קלאָר און איינפאַך, אַז עס קאָן גאָר קיינעם נישט אַרויף אויפן זין,

חושד צו זיין זיי, אַז זיי באַוועגן זיך נישט אַרום דער ערד, ווי דאָס טוט צ. ב. די לבנה, נאָר גאָר אַרום דער זון.

ביז אויף אַ פּאָר קליינע איינצלהייטן! אָבער פון זיי, פון יענע קלייניקייטן, איז ביז צו זייער אַ גרויסן גראַד אָפּגעהאָנגען דער גורל פון דער גאַנצער אַלטער טעאָריע.

איבערגעגעבן אין אַ קורצער סכעמאַטישער פאָרם, איז די מעשה אַזאַ: די באַאָבאַכטונג באַווייזט אונז, אַז אַ פּלאַנעט באַוועגט זיך אַרום דער ערד אין דער פאָרם פון אַ מין קרייז. דאָס לייגט זיך גאַנץ גוט אויפן שכל. אָבער דער פּלאַנעט, אָפּגעפאָרן אַ העלפט פון זיין קרייז אַרום דער ערד, פאַרלאָזט פּלוצלונג זיין וועג און הויבט זיך אָן אויסקירעווען צוריק. אין זיין קי־רעווען זיך באַשרייבט ער אַ קליינעם קרייז, קומט ווידער אַרויף צו דעם פונקט, אין וועלכן ער איז אַראָפּגעקראָכן פון וועג, און גייט זיך ווידער אין דערזעלביקער ריכטונג אַרום דער ערד. ער פאַרפלאָנטערט אויף אַזאַ אופן זיין אייגענעם וועג מיט אַן אַבסאָלוט־איבעריקער באַוועגונג, וואָס זעט אויס, ווי אַן אויגל פון אַ זאַק. דיזעלביקע געשיכטע פּאַסירט מיט אים צו דעם סוף פון זיין וועג. אויך דאָ דרייט ער זיך פּלוצלונג אויס, פאַר־פּלאָנטערט זיין וועג מיט נאָך אַן אויגל און קומט אַרויף אויף זיין אויסגאַנגס־פונקט. און אַזוי אין יעדן ציקל, וואָס ער מאַכט אַרום דער ערד.

וואָס פאַר אַ זין האָט דאָס קירעווען זיך און דרייען זיך, דאָס שטריקן אויגלעך אין זיין אַסטראָנאָמישן לויף? דאָס איז געווען די האַרבע שאלה, וואָס האָט געמאַכט אַזוי פיל קאָפּ־ברעכעניש דער אַלטער אַסטראָנאָמישער טעאָריע. אָבער אַ תירוץ אויף דעם האָט זי געפונען, און דער תירוץ איז געווען נישט ערגער און נישט בעסער, איידער אַלע אַנדערע תירוצים און פּלפּולים, מיט וועלכע די וויסנשאַפט פון יענער צייט האָט זיך באַדינט.

און דאָ איז געקומען קאָפּערניק און האָט געמאַכט אַ סוף צו די געניאַלע פּלפּולים פון דעם תירוץ, ווייל ער האָט אָפּגע־שאַפט די גאַנצע שאלה. דער פּלאָנטער פון די אויגלאַך, האָט

ער געלערנט, קומט גאָרנישט פאָר אין דערווירקלעכקייט. מיר זעען זיי דערפאַר, ווייל מיר באַטראַכטן זיי פון דער ערד און מיר מיינען, אַז די פּלאַנעטן דרייען זיך אַרום איר. לאָמיר אָבער אָננעמען, אַז די פּלאַנעטן דרייען זיך אַרום דער זון, און אַז די ערד, וואָס געפינט זיך אין אַ געוויסער לאַגע צווישן זיי, דרייט זיך אויך אין אַ קרייז אַרום דערזעלביקער זון, דעמאָלט קאָן מען מאַטעמאַטיש אויסרעכענען און באַווייזן אַזוי קלאָר ווי דער טאָג, אַז די פּלאַנעטן, וואָס דרייען זיך אַרום דער זון אין אַ קרייז, פאַרלאָזן קיין מאָל נישט זייער וועג און, צווייטנס, אַז אין געוויסע צייטן פון זייער באַוועגונג, מוז אַ דאַנק דער באַוועגונג פון דער ערד און איר דעמאָלטיקער לאַגע צווישן זיי, אונז, ערדנקינדער, אויסדוכטן, אַז די פּלאַנעטן ווערן פּלוצלונג אומטריי צו זייער אייגענער טבע און הייבן זיך אָן צו באַוועגן להיפך צו זייער אייגענעם געזעץ.

ווי איינפאַך און געניאַל די דערקלערונג זאָל נישט זיין אין אונזערע איצטיקע אויגן, האָט זי אין יענער צייט געמוזט אויסקומען, ווי אַ פּלאָנטער און אַ פּלפּול, נאָך מער: ווי אַ פאַנטאַסטישע משוגעת, ווייל זי האָט געצוואונגען אַוועקצושטעלן מיטן קאָפּ אַראָפּ, מיט די פיס אַרויף, אַלע יסודות פון דער דעמאָלטיקער וויסנשאַפט.

און צוליב וואָס? — נישט צוליב דעם, מען זאָל איבערהויפּט קאָנען פאַרשטיין און פאָראויסזען געוויסע הימלס-דערשיינונגען, ד. ה. באַפרידיקן די אינטערעסן פון דער ריינער וויסנשאַפט. פאַרשטיין און פאָראויסזען האָט מען געקאָנט אויך מיט דער אַלטער טעאָריע. קאָפּערניק האָט נאָר געוויזן אַ וועג, ווי אַזוי בעסער און באַקוועמער צו ד ע ר ק ל ע ר ן אַלע פאַרפלאָנטערטע ענינים אין דער דעמאָלטיקער אַסטראָנאָמיע. איז דען דער בעסערער און לייכטערער פירוש, די באַקוועמלעכקייט פאַרן שכל, — אויב איר ווילט, דער לוקסוס פון טעאָרעטישן געדאַנק, — אַזאַ אומבאַדינגט נויטווענדיקע זאַך, אַז צוליב אים, צוליב דעם לוקסוס, זאָל מען זיך אָפּזאָגן פון אַלע עדות פון די חושים, פון אַלע אַרגומענטן פון דעם מענטשלעכן שכל הישר, פון אַלע געבאָטן פון דער הייליקער רע-

ליגיע און פון אַלע הונדערט, יאָ, טויזנטיעריקע טראַדיציעס פון דער וויסנשאַפט, און זיך פאַרטרויען אַ געדאַנק, וואָס ברענגט מיט זיך אַ רעוואָלוציע אין דער גאַנצער וועלט־אָנשויאונג?

ווייל וואָס מער מען האָט זיך אַריינגעטראַכט אין קאָפּער־ניקס טעאָריע, וועלכע די וויסנשאַפטלעכע וועלט, ווי אויך די רעליגיע (קאָפּערניק האָט געווידמעט זיין בוך דעם פּויפּסט), האָבן פריער באַטראַכט נישט מער ווי אַן אינטערעסאַנטן דרש אויף דער אַסטראָנאָמישער וויסנשאַפט, — אַלץ מער האָט מען געמוזט איינזען, אַז זי גראָבט אונטער די וואָרצלען פון דעם קאַטוילישן רעליגיעזן גלויבן.

זי טוט דאָס נישט אַזוי דורכדעם, וואָס זי שטעלט זיך אין אַ ווידעראַנאַנט צו געוויסע פסוקים אין דער הייליקער תורה: די פסוקים וואָלט מען שוין ווי עס איז געקאָנט אויסטייטשן און דעם ווידעראַנאַנט אַוועקטייטשן. „דברה תורה בלשון בני אדם", — די תורה האָט זיך צוגעפּאַסט צו דעם דעמאָלטיקן מענטשלעכן פאַרשטאַנד, איז אַ גאַנץ גוטער אויסדריי אין אַלע אַזעלכע פאַלן.

דער גיפטיקער אַנטי־רעליגיעזער סם פון קאָפּערניקס טעאָ־ריע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיין גרונט־געדאַנק שאַפט אינגאַנצן אָפּ דעם יסוד פון יעדער אַלטער רעליגיע, — דעם חילוק צווישן הימל און ערד. די ערד איז געוואָרן אַקוראַט אַזאַ שטערן, ווי אַלע אַנדערע. זי איז שוין נישט אונטער דעם הימל, נאָר אין דעם הימל, און די שטערן, דערהויפּט די פּלאַ־נעטן, אויף וועלכע מען האָט פריער געקוקט, ווי אויף רוחניות־דיקע הימלשע וועזנס, מיט נשמות און שכל און געהיימע מאַ־גישע קרעפטן, זענען געוואָרן אַקוראַט אַזעלכע טאָג־טעגלעכע, גשמיותדיקע קערפּער, ווי די ערד.

די גאַנצע וווּנדער־וועלט פון די הימלשע עקזיסטענצן, אין וועלכער קיין בר־דעת האָט נישט געצווייפלט, האָט קאָפּערניק אַוועקגעשטעלט אין סכנה, און דאָס אַלץ האָט מען רואיק געזאָלט אַריבערטראָגן נישט צוליב נייע צווינגנדיקע פאַקטן, נאָר צוליב אַ שענערן, לייכטערן דרש!

און וועמעס דאגה איז דאָס סוף־כל־סוף, ווער עס דרייט זיך אַרום וועמען? פאַר דער מענטשלעכער פּראַקטיק און דעם מענטשלעכן לעבן איז דאָך אַבסאָלוט קיין נפקא מיניה נישט, צי די זון דרייט זיך, צי די ערד.

טראַכט מען זיך אַריין אין דער פּסיכאָלאָגיע פון יענער צייט, הערן מיר זיך אויף צו וווּנדערן, פאַרוואָס געלערנטע מענטשן מיט קלאָרע, ערנסטע קעפּ האָבן מיט אַזאַ ביטערקייט גענומען רודפן די נייע אַפּיקורסות, ווי אַזוי אַזאַ טיפער און גרויסער געלערנטער ווי טיכאָ די־בראַהע, האָט געקאָנט אָנרופן דעם קאָ־פּערניקאַניזם אַן „אַבסורדיטעט". אדרבה, מען הויבט זיך אָן צו חידושן אָן אַ ברעג, ווי אַזוי האָט דאָס איבערהויפּט געקאָנט געמאָלט זיין, אַז דער מענטשלעכער שכל זאָל זיך אונטערגעבן און אונטערוואַרפן דעם נייעם געפערלעכן געדאַנק, וואָס האָט, פון אַ ריין־וויסנשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט, אים, דעם שכל, גאָרנישט געקאָנט געבן, אַ חוץ, — אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, — אַן אינטעלעקטועל־עסטעטישע באַפרידיקונג.

די דערקלערונג פון קאָפּערניקס נצחון ליגט אין דעם פאַקט, וואָס אין יענעם שכלדיקן לוקסוס, אין יענער אינטעלעקטועלער עסטעטיק איז געלעגן דער אמת פון דעם שכל. עס איז אַ באַדערפעניש פאַר אונזער שכל אַריינצוטראָגן איינהייט און האַרמאָניע אין דעם כאַאָס פון די איינצל־דערשיינונגען, וועלכע די נאַטור גיט אונז. וואָס איינפאַכער און קלאָרער עס איז דער פאַרבינדנ־דיקער געדאַנק, וואָס מער איינצל־דערשיינונגען ער נעמט אַרום און באַלייכט מיט איין מאָל, אַלץ בעסער ווערט באַפרידיקט יע־נע באַדערפעניש פון אונזער שכל, און דערפאַר איז דער קאָפּער־ניקאַנישער געדאַנק געוואָרן אַ „מוז" פאַר יעדן דענקער און פאָר־שער, און דערפאַר האָט ער גובר געווען אַלע זיינע קאָנקורענטן, אַלע קריטיקעס, וואָס האָבן אויפגעוויזן זיין אומגעלומפּערטקייט, אַלע הייליקע טראַדיציעס, וואָס זענען אים געשטאַנען אין וועג, אַלע אינקוויזיציע־פלאַקערס און מאַטערנישן, וואָס זענען געווען אָנגעגרייט פאַר זיינע אַדעפּטן. דער אמת האָט דורך זיין איי־גענער מאַכט געמוזט אַרויפשווימען, ווי בוימל אויפן וואַסער.

איז דער קאָפּערניקאַנישער געדאַנק אַן אַבסאָלוטער אמת?— מיט אַ צייט צוריק וואָלט אַזאַ שאלה געקלונגען לעכערלעך אין די ליפּן פון אַ מענטשן, וואָס האָט אַ ברעקל פּרעטענזיע אויף בילדונג און וויסנשאַפטלעכן דענקען. איצטער ווערט די שאלה שוין גאָר נישט פאַרשפּאָט. איך רעד דאָ נישט פון יענעם אַבּ-סאָלוטן אמת, וואָס וויל אַרויסקריכן פון זיין מענטשלעכער הויט און אַריינדרינגען הינטער דעם פּרוכת פון די דערשיינונגען און דער-קענען די זאַך ווי זי איז מחוץ פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש.

איך מיין דאָ דעם אמת אין אַ באַגרענעצטערן און בר-דעתדיקערן זין פון דעם וואָרט. איז שוין פאַר דער וויסנשאַפט-לעכער אַסטראָנאָמיע אויף אייביק אָפּגעפּסקנט, אַז די זון שטייט און די ערד דרייט זיך ארום איר? ערנסטע דענקער שעמען זיך נישט אַוועקצושטעלן דו שאלה פראַנק און פריי, און פּעטצאָלד, צ. ב., דער טאַלאַנטפולער תּלמיד פון דעם עמפּיריאָ-קריטיקער אַוועגאַריוס, באַווייזט אונז, ווי אַזוי די אַלטע פּטאָלאָמעאישע טעאָריע קאָן ווידער געווינען איר רעכט אין דער וויסנשאַפט, און עס זענען שוין געמאַכט געוואָרן פּרוּוון צו דערקלערן די אַסטראָנאָמישע דערשיינונגען אויף אַן אַנדער אופן, איידער דער, אין וועלכן מיר גלויבן איצטער, זינט קאָפּערניקס טעאָריע האָט געזיגט *).

---

*) איך האָב דאָ אין זינען דר. קאַרל נעיסערס ווערק: „פּטאָלאָמעאוס אָדער קאָפּערניקוס? איינע שטודיע איבער די בעוועגונג דער ערדע אונד איי-בער דען בעגריף דער בעוועגונג". לייפּציג, 1907. זיין שטאַנדפּונקט גיט ער איבער בקיצור אין דעם פאָרוואָרט: „זאָוואָל די פריערע אננאַמע פאָן דער בעוועגונג דעס הימעלס אַלס אויך די שפּעטערע פאָן דער בעוועגונג דער ערדע, יעדע אין איר איינזייטיגקייט איסט אונהאַלטבאַר. אייגענטליך קאָן מאַן בלאָס שפּרעכען פאָן פערענדערונגען דער לאַגע צווישען הימעל אונד ערדע. די פּטאָלאָ-מעאישע טעזע אונד די קאָפּערניקאַנישע אַנטי-טעזע ווערדען דאַמיט אין איינער סינטעזע אויפגעגאַנגען", ז. 3.

און אָט דער נעיסערשער שטאַנדפּונקט ווערט איצטער באַקרעפטיקט 8 דאַנק איינשטיינס טעאָריע פון רעלאַטיוויטעט.

על כל פנים שרעקט זיך איצטער קיינער נישט פאַר דעם געדאַנק, אַז עס קאָן ווען עס איז אַרויסוואַקסן נאָך אַן אַנדער אַסטראָנאָמישע טעאָריע, וואָס וועט נאָך בעסער באַפרידיקן די באַדערפענישן פון דעם מענטשלעכן שכל, איידער די קאָפּערניקאַנישע, און אָפּשטופּן אין דעם עבר אַריין אונזער היינטיקן אַסטראָנאָמישן אמת, ווי קאָפּערניק האָט אָפּגעשטופּט פּטאָלאָמעיען.

הערט דערפאַר אונזער היינטיקער אמת אויף צו זיין אַן אמת? אויב מען זאָל זיך פאַרעקשעגען און פאָדערן, אַז דער אמת דאַרף געטריי אָפּשפּיגלען יענע וועלט-ווירקלעכקייט, יענעם פאַקטישן צושטאַנד אין דעם וועלט-געשעען, וואָס ליגט מחוץ פון אונזער דערקענטעניש, איז אפשר טאַקע נישט נאָר די קאָפּערניקאַנישע סיסטעם, נאָר אויך די נאָך בעסערע סיסטעם, וואָס וועט אפשר פאַרנעמען איר פּלאַץ ביי אונזערע אור-אייניקלעך, גאָר אַ ברעקל נישט קיין אמת. אָבער ווער קאָן ווען עס איז וויסן עפּעס אַזוינס, וואָס קאָן נישט אַריינגענומען ווערן אין דעם וויסן?

אויב אָבער דער אמת פון דעם שכל באַשטייט אין דעם אויסגעפינען, ווי אַזוי דער אָדער יענער ענין מוז זיך על פּי נויטווענדיקייט אָפּשפּיגלען אין דער מענטשלעכער דערקענטעניש, איז די קאָפּערניקאַנישע סיסטעם אַן אמתער אמת, ווייל זי שפּיגלט נאָך עד היום געטריי אָפּ נישט דעם פאַקטישן צושטאַנד פון יענעם וועלט-געשעען, וואָס באַשטייט אין דעם גאַנג פון די שטערן און פּלאַנעטן, — ווער ווייס זיי דאָרטן, ווי זיי גייען? — נאָר יענעם פאַקטישן צושטאַנד פון דעם וועלט-געשעען, וואָס באַשטייט אין דעם בוי פון אונזער מענטשלעכער דענק-אָרגאַניזאַציע, אין אירע באַדערפענישן צו אַ באַשטימטער צייט, אין דעם סכום פון די פאַקטן, וואָס זעגען אונז באַקאַנט, אין דעם מהות פון די געדאַנקען, וואָס מיר קאָנען געברויכן צו זייער דערקלערונג, — קורץ אין אַלע יענע ווירקלעכע באַדינגונגען, וואָס צווינגען איצטער יעדן נאָרמאַלן געזונטן דענקער און פאָרשער צו דענקען וועגן דעם ענין דוקא אַזוי און נישט אַנדערש. „קאָפּערניק" איז נאָך אונזער אמת, נישט קוקנדיק אויף די נייע היפּאָטעזן, אָבער אין דעם זין איז אויך פּטאָלאָמעיס

סיסטעם געווען אַן אמתער מענטשלעכער אמת, ווייל אויך זי האָט געטריי אָפּגעשפּיגלט דעם פאַקטישן צושטאַנד פון יענעם שטיק וועלט־געשעען, וואָס איז געלעגן אין די דערקענטעניש־באַדינגונגען פון זיין צייט. ער האָט אויפגעהערט צו זיין אַן אמת פון דעם מאָמענט אָן, ווי נאָר עס איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן קאָפּערניקס געדאַנק אין זיין גאַנצער גרויס און טיף און ווי נאָר עס איז קלאָר געוואָרן, אַז די אַלטע סיסטעם איז שוין נישט מער קיין מוז פאַר ידעם נאָרמאַלן מענטשלעכן דענקען. פון דעם מאָמענט אָן האָט זיך די שכינה פון אמת אָפּגעטאָן פון אים און איז אַריבער צו זיין קעגנער, און מיט איר, מיט דער שכינה, מיין איך, איז אויך אַריבער יענע מאַכט איבער די מענטשלעכע מוחות, וואָס ליגט אין איר פאַרבאָרגן.

איך האָב מיך אַזוי לאַנג אָפּגעשטעלט אויף דעם ביישפּיל מיט קאָפּערניקס טעאָריע, ווייל זי גיט אַזאַ זעלטן שיינע געלעגנהייט צו אילוסטרירן דעם מהות פון דעם מענטשלעכן אמת ווי אויך זיין אַלץ באַצווינגנדיקע קראַפט.

ווי אַזוי האָט קאָפּערניקס טעאָריע סוף־כּל־סוף גובר גע־ווען אַלע אירע קעגנער? ווי אַזוי האָט זי אַראָפּגעטרייסלט פון זיך אַלע יענע פעלזענע בערג, וואָס מען האָט אָנגעוואָרפן אויף איר, זי זאָל זיך נישט קאָנען אַ הויב טאָן?

פריער האָט דער אמת געווירקט אין זיין רעוואָלוציאָנערן יוגנטלעכן שטאַלץ, אין אָפענעם קאַמף אַנטקעגן דער גאַנצער וועלט, אמתע מענטשן, וואָס קאָנען נישט לייגן נישט זיך, נישט דעם אַנדערן האָבן געטראָגן זיין פאָן. אָבער די אמתע מענטשן זענען געפאַלן אין קאַמף. דזשאָרדאַנאָ ברונאָן האָט די אינקווי־זיציע פאַרברענט; גאַלילעיען האָט זי געמאַכט שווייגן. אָבער וואָס מער מענטשן עס זענען באַקאַנט געוואָרן מיט דעם געדאַנק, אַלץ מער אָנהענגער האָט דער אמת גענומען געווינען אין דער שטיל.

מען האָט זיך מיט אים געשטיקט, מען האָט אים טויזנט־מאָל אָפּן פאַרלייקנט, אָבער באַהאַלטענערהייט זיך געקוויקט מיט אים; ערנסטע און פרומע מענטשן האָבן אים געזוכט צו דער־

שטיקן אין דער אייגענער ברוסט, און די אינקוויזיטאָרן האָבן זיך געוואָלט אַליין איינרעדן, אַז זיי גלויבן נישט אין אים. און פלוצלונג איז ער געוואָרן אַן אַלט־באַקאַנטע מעשה. מען האָט אָנגעהויבן עפנטלעך צו דיסקוטירן וועגן אַ קאָמפּראָמיס צווישן אים און די הייליקע טראַדיציעס פון דער רעליגיע, כּדי צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די הייליקע טראַדיציעס, וואָס זענען אַזוי קעגנעשטעלט געוואָרן אין סכנה. די רעליגיע הערט זיך צו. זי איז נישט מסכּים אויף קיין קאָמפּראָמיסן. זי וויל בלייבן ביי אירס, אָבער די גאַנצע געבילדעטע וועלט איז שוין באַקאַנט מיט דעם קאָפּערניקאַנישן געדאַנק און דענקט לויט דעם נייעם אמת, און ווען די וויסנשאַפטלעכע אַסטראָנאָמיע הויבט אָן ערנסט אָנצווענדן דעם קאָפּערניקאַניזם אין אירע אונטערזוכונגען, רופט דאָס שוין נישט אַרויס קיינעמס פאַרוואונדערונג און קיינעמס פאַרפאָלגונג; דער אמת האָט שוין געטאָן זיינס, ער איז געוואָרן די נאָרמאַלע לאַגע פון דעם געדאַנק, און דעם געדאַנק איז, אַנטקעגן דעם אייגענעם ווילן, געוואָרן שווער אַרויסצוגיין פון דער נאָרמאַלער לאַגע.

עס איז דערגאַנגען אַזוי וויית, אַז פרומע קאַטוילישע גלחים, וואָס זענען אין דערזעלביקער צייט געווען גרויסע געלערנטע אַסטראָנאָמען, האָבן שוין נישט געקאָנט ווייטער פירן זייער וויסנשאַפט, סיידן אין קאָפּערניקס וועגן, און זענען געצוווּנגען געווען פאַנאַנדערצושפּאַלטן זייער נשמה אויף צווייען: איין העלפט האָט געהערט דער וויסנשאַפט, דער אַנדערער — דעם קריסטלעך־קאַטוילישן גלויבן. „ווען איך בין אַן אַסטראָנאָם", האָט איינער פון זיי געזאָגט, „הער איך אויף צו זיין אַ פּריסטער, און ווען איך ווער ווידער אַ פּריסטער, הער איך אויף צו זיין אַן אַסטראָנאָם"...

אָבער בעת ער איז אַן אַסטראָנאָם, קאָן ער נישט אַנדערש, — ער מוז זיך בויגן אונטער דער מאַכט פון שכל־אמת, אין וועלכן ער גלויבט. דער שכל־אמת האָט גובר געווען דעם חושים־אמת.

לאָמיר איצטער איבערגיין צו דער דריטער אַרט אמת,

אפשר דער נאָך העכערער און מעכטיקערער, איידער דער אמת פון דעם שכל: צו דעם אמת פון דעם האַרצן.

ווי יעדער אמת, איז אויך דער אמת פון דעם האַרצן, נישט קיין אַנדער זאַך, ווי אַ געטרייער באַריכט וועגן דעם, וואָס אַ מענטש מוז אָנערקענען מכוח אַ וועלכן עס איז ענין; אַן אָפּשפּיגלונג פון אַ פּאַקטישן צושטאַנד אין דער ווירקלעכער וועלט. אָבער דער ענין איז דאָ אַ גאַנץ אַנדערער איידער דער, מיט וועלכן מיר זענען באַקאַנט געוואָרן אין דעם אמת פון די חושים און אין דעם אמת פון דעם שכל.

דער פּאַקטישער צושטאַנד אין דער ווירקלעכער וועלט איז דאָ דאָס מענטשלעכע האַרץ, דער מענטשלעכער ווילן, און דער אמת פון דעם האַרצן באַשטייט אין דעם געטרייען באַריכט וועגן דעם, וואָס איך בין געצוווּנגען צו וועלן. דורך דעם גופא שיידט זיך אין איין פּרט דער דריטער מין אמת זייער בולט אָפּ פון די צוויי פריערדיקע מינים, ווי ענלעך ער זאָל נישט זיין צו זיי אין אַלע אַנדערע פּרטים. די ערשטע צוויי אַרטן האָבן געהאַט צו טאָן מיט די באַריכטן וועגן דעם, וואָס עס איז געווען, וואָס עס וועט זיין, אָדער וואָס עס איז איצטער דאָ אין דעם וועלטלעכן געשעען. דער אמת פון דעם האַרצן אָבער דערציילט אונז אין דער ערשטער ליניע וועגן דעם, וואָס מיר וואָלטן וועלן, אַז עפּעס זאָל געשען אָדער זאָל נישט געשען אין דער נאָנטער אָדער ווייטערער צוקונפט.

ווען יענער גענייאַלער ווילדער, וואָס האָט צום ערשטן מאָל אויסגעטראַכט אַ שטיינערנע פייל, האָט געהאַלטן דעם פאַר־שאַרפטן שטיינדל אין זיינע הענט, האָט אים דער אמת פון דעם שכל געזאָגט נאָר איינס: דאָס איז אַ זאַך, וואָס קאָן זיך אַריינ־שניידן אין דעם פלייש פון אַ לעבעדיקער חיה און זי טויטן אויפן אָרט. ערשט דער ווילן, אַז דאָס שאַרפע שטיינדל זאָל זיך אַריינשניידן אין דעם ווילד, — און דער ווילדער יעגער האָט געמוזט האָבן אַזאַ ווילן, — האָט אויפגעבייטשט זיין שאַפונגס־קראַפט און האָט אַרויסגעבראַכט די מיטלען, ווי אַזוי זיין ווילן זאָל דורכגעזעצט ווערן אין לעבן.

שוין פון דעם קליינעם ביישפּיל אַליין קאָן איינעם קלאָר ווערן די אומגעהייערע ראָלע, וועלכע דער אמת פון דעם האַרצן שפּילט אין דער מענטשלעכער קולטור. די גאַנצע מענטשלעכע קולטור איז דאָך נישט קיין אַנדער זאַך, ווי די איבעראַרבעטונג פון דעם וואָס, איז ווירקלעך דאָ, אין עפּעס אַזוינס, וואָס איז נאָך נישטאָ, אָבער וואָס עס זאָל זיין, ווייל דער מענטשלעכער ווילן איז אין דעם פאַראינטערעסירט. אין דעם איבעראַרבעטן דאָס ווירקלעכע זיין, די מאַטעריעלע זאַכן פון דער נאַטור, אין באַשאַפן פון נייע זאַכן, אָדער ריכטיקער אין דעם קאָמבינירן די נאַטירלעכע פּראָצעסן פון דעם וועלט-געשעען, שטיצט זיך דער מענטש גאַנץ געוויס אויף דעם אמת פון דעם שכל און דעם אמת פון די חושים, אויף דאָס, וואָס ער מוז אויפנעמען מיט די זינען און אויף דאָס, וואָס ער מוז דענקען וועגן דעם מיט זיין פאַרשטאַנד, ד. ה. אויף דער דערפאַרונג. די דערפאַרונג האָט אים באַקאַנט געמאַכט מיט די נאַטירלעכע אייגנשאַפטן פון די זאַכן און מיט דער געזעצמעסיקייט אין די דערשיינונגען און פּראָצעסן, וועלכע ער האָט געמוזט דערקענען אין דער נאַטור. אָבער די דערפאַרונג און דאָס לאָגישע דענקען אַליין וואָלטן אים קיינמאָל נישט געפירט צו דער **דערפינדונג**, צו דעם **אויסטראַכטן** פון זאַכן און געשעענישן, וואָס זענען נאָך נישטאָ: עקס ניהילאָ ניהיל — פון גאָרנישט קאָן גאָרנישט אַרויסקומען.

דאָס צוקוקן זיך, די אָבסערוואַציע און די לאָגיק פאָרמולירן און דערקלערן נאָר דאָס, וואָס איז דאָ, פון דעם, וואָס איז דאָ, ביז צו דעם, וואָס איז נאָך נישטאָ, נאָר וואָס עס זאָל זיין, איז אָבער אַזאַ אומגעהייערער מהלך, אַז דער טעאָרעטישער געדאַנקענגאַנג אַליין וואָלט אים קיינמאָל נישט געקאָנט באַוועלטיקן.

דאָס ריין-לאָגישע דענקען, — דאָס איז דער שנעל-לויפנדיקער אַכילעס, ווי ער מאָלט זיך אויס אין דעם באַקאַנטן ביישפּיל פון די אַלטע עלעאַטן, וואָס האָבן געוואָלט באַווייזן די אוממעגלעכקייט פון דער באַוועגונג. אויב אַ שנעקע געפינט זיך

אַ ביסל ווייטער פון אַכילעסן, האָבן זיי געלערנט, קאָן די שנעקע בשום אופן נישט אַריבערגעיאָגט ווערן פון דעם שנעל-לויפער. ווייל איידער ער זאָל זי אַריבעריאָגן, דאַרף ער זי פריער אָנ-יאָגן. אָבער איידער ער דעריאָגט זי, דאַרף ער פריער קומען צו דעם פונקט, פון וואַנען זי האָט זיך געלאָזט קריכן. דערווייל איז דאָך די שנעקע אָפּגעקראָכן נאָך אַ שטיקל שטח: דאַרף אַכי-לעס אָניאָגן אויך דעם שטח, און בעת אַכילעס לויפט אים דורך, איז שוין די שנעקע ווידער אַוועק פאָראויס, און אַזוי קריכט זי אַלץ פאָראויס און אַכילעס מוז אייביק בלייבן הינטער איר, ווייל ער האָט פאַר זיך נאָך שטענדיק אַ שטיקל מהלך צו דערלויפן, ווען אַפילו דער מהלך ווערט אַלץ קלענער און קלענער.

דאָס ריין-לאָגישע דענקען און חשבונען האָבן אויך תמיד אַ שטיקל מהלך פאַר זיך, וואָס זיי קאָנען קיינמאָל נישט אַרי-בערשפּרינגען, — דעם מהלך צווישן דעם, וואָס עס איז דאָ, און דעם, וואָס עס זאָל זיין. הייסט דעם לאָגיש-מאַטעמאַטישן פאַרשטאַנד, ער זאָל אויפבויען אַ מאַטעמאַטיש-ריכטיקן קרייז פון, לאָז זיין, קלענסטע גלייכע ליניעס, וועט ער פריער אויסבוי-ען אַ פיר-עק, דערפון מאַכן אַן אַכט-עק, אַ זעכצן-עק, אַ צוויי-און-דרייסיק-עק און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער. וואָס מער זייטן און עקן זיין פיל-עק וועט האָבן, אַלץ נעענטער וועט ער ווערן צו דעם קרייז, אָבער פון די עקן און די זייטן וועט ער קיינמאָל נישט קאָנען פטור ווערן, און צו אַ קרייז וועט ער קיינמאָל נישט קומען, ווייל די גראָדע ליניע איז אינקאָמענזוראַ-בעל, לחלוטין נישט איין-מאָסיק, מיט דער קרומער.

דאָס זיין און דאָס זאָלן זענען אַקוראַט אַזוי אינקאָ-מענזוראַבעל, ווי די גראָדע ליניע און די קרומע. דער לאָגישער פאַרשטאַנד איז צו גראָדליניק, ער זאָל קאָנען אַרויסברענגען דאָס, וואָס איז נאָך נישטאָ, אָבער וואָס עס זאָל זיין. דערצו דאַרף מען האָבן אַן אַנדער מין דענקען, — די באַשאַפערישע פאַנטאַזיע, מיט איר שווונג און מיט איר דריי, מיט איר

גענייאַלן שפרונג, וואָס קאָנען זיך קיין מאָל נישט פאַרענטפערן פאַר דער לאָגיק.

בערגסאָן וויל האָבן, ווי אייך איז אפשר באַקאַנט, אַז די גאַנצע עוואָלוציע פון די לעבעדיקע וועזנס, די באַשאַפונג פון אַלץ נייע און נייע פאָרמען פון דעם אָרגאַנישן לעבן, זענען אַ פראָדוקט פון אַזאַ וועלט-באַשאַפערישער פאַנטאַזיע. אָט די ביאָ-לאָגישע היפּאָטעזן קאָנען מיר לאָזן אָן אַ זייט. פאַר דער וועלט פון דער קולטור איז דאָס אָבער אַ פאַקט, אַז אָן דער באַשאַ-פערישער, האַלב אומבאַוווסטזיניקער פאַנטאַזיע, וואָלט זיך דער מענטש נישט געקאָנט אַרויסרייסן פון דער זאָאָלאָגישער ממשלה, וואָלט נישט געקאָנט אויפבויען די צווייטע, נייע און אָריגינעלע וועלט, אין וועלכער מיר עטעמען און וועלכע מיר רופן אָן: די וועלט פון דער מענטשלעכער קולטור.

און נישט נאָר איז די קולטור אוממעגלעך אָן יענער אומ-באַוווסטזיניקער פאַנטאַזיע. דאָס פשוטע צוזאַמענלעבן פון מענטש און מענטש, פון חיה און חיה, וואָלט אויך געווען אוממעגלעך אָן איר. ווען איך זע פאַר זיך אַ מענטשן און הער זיינע רייד, ווי ער באַקלאָגט זיך אויף זיין הונגער, קאָן איך מיט דער ריינער לאָגיק און מיט דער דערקענטעניש-טעאָריע בשום אופן נישט באַווייזן, אַז דאָס, וואָס איך זע, איז נישט קיין דמיון אין מיר, נאָר אַ רעאַלע דערשיינונג אין דער דרויסנדיקער וועלט, און אויב אַפילו אַ רעאַלע דערשיינונג, אַז דאָס איז אַ לעבעדיק וועזן, אַקוראַט אַזאַ, ווי איך אַליין, און אַז אויב אַ לעבעדיק וועזן, אַז דאָס איז אַ *פסיכיש* וועזן, אַ באַוווסט, דענקנדיק און *פילנדיק* וועזן, און אַז זיינע רייד דריקן אויס אַ צו-שטאַנד פון זיין נשמה, מיט וועלכן איך בין באַקאַנט פון מיי-נע אייגענע פסיכישע איבערלעבונגען.

די לאָגיק און דער ריינער טעאָרעטישער חשבון וועלן נאָר קאָנען אַרויסברענגען, אַז די דערשיינונג, וואָס איך זע פאַר מיר, איז ענלעך צו מיין אייגענער דערשיינונג, אַז על פי אַנאַ-לאָגיע, מוז איך אָננעמען די אפשרקייט, אַז זיינע רייד שטאַמען פון אַקוראַט אַזאַ פסיכישן מקור, ווי מיינע רייד, און אַז זיין

הונגער איז ביי אים מסתמא פאַרבונדן מיט אַקוראַט אַזעלכע פיינלעכע געפילן, ווי די, וועלכע איך האָב אַמאָל איבערגעלעבט.

„על פי אַנאַלאָגיע!", „אפשר", מסתמא!" — ווייטער קאָן די פאָרזיכטיקע לאָגישע דערקענטעניש נישט גיין, זי קאָן אָנקלויבן נאָך מער און מער אַרגומענטן צוליב דער וואַרשיינלעכקייט פון דער היפּאָטעזע, אַז פאַר מיר שטייט אַ לעבעדיקער הונגעריקער מענטש, אָבער זי קאָן נישט מאַכן דעם אַנטשיידנדיקן שפּרונג פון דער היפּאָטעזע צו דער רעאַלערווירקלעכקייט, זי קאָן נישט דער־יאָגן די שנעקע, זי קאָן נישט אויפבויען דעם קרייז פון די מי־קראָסקאָפּיש־קליינע, גראָדע ליניעס.

דעם שפּרונג מאַכט אויך דאָ די באַשאַפערישע פאַנטאַזיע, וואָס מאָלט מיר אומבאַוווּסט אויס דאָס בילד פון דעם ווירקלעכן מענטשן און צווינגט אַרויף אויף מיר די זיכערקייט אין זיין רע־אַלער עקזיסטענץ.

וואָלט דער מענטש באַהאַנדלט דעם אַנדערן מענטשן נאָר לאָגיש, ווי אַ מסתמאדיקע היפּאָטעזע, וואָלט נישט געקאָנט קומען צו אַ געזעלשאַפטלעכן לעבן און צו אַ געמיינשאַפטלעכער שפּראַך און אַרבעט, וואָלט דער מענטש באַהאַנדלט די עקזיסטענץ פון דער דרויסנדיקער נאַטור, ווי אַ מסתמאדיקע סברה, וואָס לייגט זיך נאָר אויפן שכל, וואָס קאָן אָבער נישט באַוויזן ווערן, דעמאָלט וואָלט נישט געקאָנט קומען צו דער באַהערשונג פון דער נאַטור, צו דער גאַנצער קולטור.

די באַשאַפערישע פאַנטאַזיע פילט אָן דעם אָפּגרונט, וועלכע די לאָגיק מוז לאָזן אָפן, — די פאַנטאַזיע מיט איר שווּנג און מיט איר דריי, מיט איר זיכערקייט אין זיך אַליין. און מיט דערזעלביקער זיכערקייט מאָלט זי אויס פאַר דעם מענטשן יענע פּראָצעסן און דערשיינונגען, וועלכע זענען נאָך אין דער נאַטור נישטאָ, אָבער וועלכע דער מענטש מוז װעלן זיי זאָלן זיין, צו וועלכע ער מוז שטרעבן.

שוין גאָר אין אָנהויב, אין דעם אָקאָרשט באַגינען פון דער מענטשלעכער קולטור, האָט זיך דער מענטש אַרויסגעריסן פון דער רויִקער נאַטירלעכקייט, פון דער האַרמאָנישער צוגעפּאַסט־

קייט צו די באַדינגונגען פון זיין לעבן. עס איז באַשאַפן געוואָרן אַ ריס, אַן עודף פון באַדערפענישן איבער די נאַטירלעכע מיטלען צו באַפרידיקן זיי, אַן אומצופרידנקייט און אומרו, וואָס האָט גע־פייניקט די נשמה.

די אומגעשטילטע באַדערפענישן האָבן שאַרפער געמאַכט דעם ווונש זיי צו באַפרידיקן, און דער הייסער ווונש האָט אויפ־גערודערט די פאַנטאַזיע, וואָס האָט באַשאַפעריש אויסגעמאָלט אין דמיון די בעסערע ווירקלעכקייט, אין וועלכער דער ווונש קאָן געפינען, וואָס ער זוכט, וואָס ער זאָל מיט די אייגענע מענטש־לעכע כּוחות אויפבויען. און אַזוי ווי די פאַנטאַזיע איז נישט גע־בונדן אָן דער שנעק־באַוועגונג פון דער לאָגיק, אַזוי ווי זי איז אין דער אמתן דער שנעל־לויפנדיקער אַכילעס, וואָס יאָגט אַריבער די שנעקע, ווען אַפילו דאָס גייט להיפּך צו דער לאָגישער גזירה פון די עלעאַטן, — דערלויפט זי, די פאַנטאַזיע, ביז צום סוף, מאָלט זי אויס די בעסערע ווירקלעכקייט, וואָס דאַרף געבויט ווערן, אין די שענסט־מעגלעכע פאַרבן, און בויט אויף דעם אי־דעאַל, צו וועלכן דער מענטש שטרעבט און מיט וועלכן ער שאַצט אָפּ דאָס ווירקלעכע זיין.

דער אידעאַל, דער דאָרשט נאָך פולקאָמענהייט, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון דעם באַדערפעניש, דעם ווונש און דער שאַ־פערישער פאַנטאַזיע, — אָט דאָס איז, וואָס דער מענטש מוז וועלן, אָט דאָס איז דער אמת פון זיין האַרצן, אָט דאָס איז, וואָס ער פאַרווירקלעכט טאָג־טעגלעך אין אַלע צווייגן פון זיין קולטור.

פון דער ערשטער פאַנטאַסטישער פאָרשטעלונג, ווי אַזוי ער, דער מענטש, קאָן ליגן ערגעץ־ווו באַהאַלטן הינטער אַ שטרויך און זיינע שאַרפע נעגל זאָלן, אין דער פאָרם פון אַ שפּיציקן פייל, פליען אין דער לופטן און זיך אַריינעסן אין דעם האַלדז פון דער רואיק־גראָזנדיקער חיה, ביז צו דער פאַנטאַסטישער פאָר־שטעלונג, אַז זיין שטים זאָל אַריבערפליען אין דער לופטן פון איין עק קאָנטינענט ביז צו דעם אַנדערן, האָבן מיר פאַר אונז

כמעט אַן אומענדלעכע צייל פון פאַרווירקלעכטע מענטשלעכע פאַנ־טאַזיעס, פאָלקאָמענהייטס־בילדער, א י ד ע אַ ל ן.

און נישט נאָר איז די גאַנצע טעכניק און די גאַנצע קונסט אַ פאַרווירקלעכונג פון מענטשלעכע אידעאַלן, אויך די מענטשלעכע וויסנשאַפט, די ריינע נאַטורוויסנשאַפט, ווו דער מענטש גלויבט, אַז ער שפיגלט נאָר אָפּ דאָס, וואָס איז דרויסן פון אים, שטייט אויך אונטער דער אומגעהייערער שליטה פון דעם מענטשנס פאָלקאָמענהייטס־בילד, פון זיין אידעאַליסטישער פאַנ־טאַזיע.

דער גראָדער ווינקל און דער אַבסאָלוט־ריכטיקער מאַטע־מאַטישער קרייז זענען מענטשלעכע באַשאַפונגען, וואָס זענען ער־געץ אין דער נאַטור אין אַזאַ פאָלקאָמענהייט נישטאָ. די פאָרמען פון די קריסטאַלן, וועלכע דער קריסטאַלאָגראַף האָט אַרויסגע־בראַכט אין זיין וויסנשאַפט, קאָן מען אין זייער אידעאַלער גע־שטאַלט קיינמאָל נישט אָנטרעפן אין דער נאַטור. קאָפּערניקס טעאָריע אין דער אַסטראָנאָמיע איז אַרויסגעוואַקסן, ווי מיר האָבן דאָס אויבן געזען, פון דער באַדערפעניש אויסצומאָלן אַן איינ־הייטלעכערן, האַרמאָנישערן בילד פון די הימלשע געשעענישן, און פון דעמזעלביקן דראַנג צו איינהייטלעכקייט און האַרמאָניע, צו אַ פאָלקאָמענערן, ד. ה. א י ד ע אַ ל ע ר ן בילד פון דעם וועלט־געשעען זענען דורכגעדרונגען די טעאָריעס פון די ביאָלאָגן און די געשיכטס־פילאָזאָפן.

אַפילו יענע מאַטעריאַליסטישע פילאָזאָפיע, וואָס וויל אינ־גאַנצן מאַכן אַ תּל פון יעדן אידעאַל, איז, לויט איר פּסיכאָלאָ־גישן אָפּשטאַם, אַ כשר־קינד פון דעם אידעאַליסטישן שטרעבן אַריינצוברענגען איינהייטלעכקייט, האַרמאָניע און קלאָרקייט אין דעם גאַנג פון דער וועלט און פון דער מענטשלעכער געשיכטע.

קורץ, איר קאָנט נישט אָנווייזן קיין איין־איינציקן צווייג פון דער מענטשלעכער קולטור, וואָס זאָל זיין פריי פון יענער שליטה, וועלכע ליגט אין דער מאַכט פון דעם אידעאַל, אין דעם אמת פון דעם האַרצן. אומעטום שטעלט ער זיך אַוועק אַנטקעגן דער ווירקלעכקייט, — סיי אין דער וועלט, סיי אין

דער ווּיסנשאַפט, — און שאַצט זי אָפּ און געפינט זי שלעכט, און פאַרמשפט זי. ער האַלט שטענדיק אויף די אומרו אין דער מענטשלעכער נשמה, לאָזט זי נישט איינשלעפערן, שטייגערט זי צו דעם רעוואָלוציאָנערן ברען און מאַלט אין קלאָרע פאַרבן אויס דעם ציל פאַר דעם מענטשנס שטרעבן.

אָן אידעאַלן איז נישטאָ קיין קולטור, און עס איז אות באות ריכטיק, ווען איך זאָג, אַז די גאַנצע מענטשלעכע קולטור, די גאַנצע געשיכטע פון דער מענטשהייט איז נישט קיין אַנדער זאַך, ווי די געשיכטע פון די מענטשלעכע אידעאַלן, פון זייערע נצחונות און מפּלות.

יאָ, אויך מפּלות! נישט אַלע אידעאַלן ווערן מקוים אין לעבן, — אייניקע בלייבן טויט אויף דעם שלאַכט־פעלד אין דעם קאַמף מיט אַנדערע מער גליקלעכע אידעאַלן. און אויך באַך דערפאַר מפּלות, וואָס נישט אומפעלבאַר איז דער מענטש. ער קאָן נישט זיין אַזוי איבערגעזען, ער זאָל לכתחילה אויסרע־כענען אַלע רעזולטאַטן און ווירקונגען, וואָס דער פאַרווירקלעכ־טער אידעאַל וועט ברענגען מיט זיך. בעת ער האָקט אויס די וועלדער, כדי צו בויען הייזער און אָקרענטן און כדי צו שאַפן הייץ־מאַטעריאַל צו באַשיצן זיך פון קעלט, — האָט ער דען געקאָנט פאָראויסזען, אַז דאָס וועט איבערבייטן צום שלעכטן דעם גאַנצן קלימאַט פון זיין לאַנד, וועט פאַרזאַמדיקן זיינע שטראָמען און טייכן און פאַרמינערן די פרוכפּערקייט פון זיין ערד?

בעת ער האָט אָפּגעשאַפט אַלע פעאָדאַלע קייטן, וואָס האָבן געפּענטעט דעם אינדיווידואום און נישט געלאָזן אים פריי עטעמען, און האָט געלאָזן די קייט פון אייגנטום אויף די מיטלען און די געצייג פון דער פּראָדוקציע, — האָט זיך אים דען געקאָנט חלומען, אַז אין דעם האַלב־באַפרייטן מענטשן וועלן זיך פאַנאַנדערברענען די עגאָאיסטישע אייגנטומס־אינ־סטינקטן, דער דאָרשט צום פרעמדן האָב און גוט, דער אומ־ברחמנותדיקער קאַמף פאַר עקזיסטענץ אין אַזאַ מאָס, אַז די מאַיאָריטעט פון דער מענטשהייט וועט אַריינגעוואָרפן ווערן אין אַ תהום פון יאָמער און פּיין?

דער פאַרווירקלעכטער אידעאַל ברענגט אָפּטמאָל מיט זיך נייע צרות, נאָך גרעסערע איידער די, פון וועלכע ער האָט געוואָלט באַפרייען די מענטשהייט. אָבער דאָס פאַרמינערט נישט נישט זיין קראַפט, נישט זיין מאַכט, נישט זיין ווערט. נייע צרות, נייע באַדערפעניש, נייע ווונטשן; נייע אָנשטרענגונגען פון דער באַשאַפערישער פאַנטאַזיע, נייע אידעאַלן, נייע אמתן פון דעם האַרצן — און די מיסטעריע פון דער קולטור־שאַפונג גייט איר ווייטערדיקן גאַנג.

איך האָב ביז אַהער גערעדט וועגן יענע אידעאַלן, וואָס קאָנען פאַרווירקלעכט ווערן און ווערן פאַרווירקלעכט אין דעם פּראָצעס פון דעם קולטורעלן שאַפן. צום אומגליק, אָדער אפשר צום גליק, קאָנען אָבער נישט אַלע ווונשן פון דעם מענטשן רעאַליזירט ווע ן, און דאָס האַרץ האָט זיך נישט מתחייב געווען צו האַלטן זיך אין די גרענעצן פון דער רעאַלער מעגלעכקייט. עס איז פאַר איר נישט געשריבן קיין געזעץ: „ביז דאַנען מעגסטו וועלן און נישט ווייטער".

אויב דער אמת פון דעם האַרצן באַשטייט אין דעם גע־טרייען באַריכט וועגן יענעם פאַקטישן צושטאַנד, אין וועלכן עס געפינט זיך דער מענטשלעכער ווילן, מוז מען זיך מודה זיין, אַז דאָס מענטשלעכע האַרץ פאָדערט אָפּטמאָל, עס זאָל געשען עפּעס אַזוינס, וואָס קאָן קיינמאָל נישט מקוים ווערן, און עס זאָל נישט האָבן געשען עפּעס אַזוינס, וואָס איז ליידער אַן אומבאַשטרייטבאַרער פאַקט. איך דאַרף דאָ נישט ברענגען קיין פיל אילוסטראַציעס צו באַלייכטן דעם פאַל. עס איז גענוג צו דערמאָנען אָן דעם פאַקט פון דעם טויט. קיינער וויל נישט, אַז דער טויט זאָל געשען אָדער זאָל האָבן געשען מיט די, וואָס זענען אונז ליב און טייער. דאָס מענטשלעכע האַרץ רעכנט זיך אין זיינע ווונשן אַקוראַט אַזוי ווייניק מיט דער נאַטירלעכער אומפאַרמיידלעכקייט, ווי ווייניק די נאַטירלעכע אומפאַרמיידלעכ־קייט רעכנט זיך מיט די ברענענדסטע ווונשן פון דעם מענטשנס האַרצן.

אָבער אויך די אַבסאָלוט-אומרעאַליזירבאַרע ווונשן זענען אמתן, אידעאַלן, אמתן פון דעם האַרצן, ווייל זיי דריקן אויס דאָס, וואָס דער מענטש מוז וועלן. לאָמיר זיך אַביסל נענטער צוקוקן צו אָט די נשמות דאזלין ערטילאין, צו די אידעאַלן, וואָס קאָנען קיינמאָל נישט ווערן קיין פלייש און בלוט. אין זיי וועט נאָך בולטער אַרויסטרעטן די מאַכט פון דעם אמת — פון דעם האַרצנס-אמת.

קודם מוזן מיר, פאַרשטייט זיך, אָנמערקן דעם זעלביקן חלוק צווישן דעם אינדיווידועלן מאָמענט און דעם אַלגעמיין-מענטש-לעכן, וועלכן מיר האָבן אָנגעטראָפן ביי אַלע אַנדערע אַרטן פון דעם מענשלעכן אמת.

ווי נישט יעדער שפּיר פון מיינע חושים און נישט יעדע מיינונג מיינע קאָנען פּרעטענדירן אויף דעם טיטל אמת, אַזוי קאָן אויך נישט יעדער ווונש מיינער זיין אַ מוז פאַר מיין ווילן און פאַרדינען דעם ערן-נאָמען „אידעאַל״.

ווען היינע באַזינגט זיין געליבטע און שרייט אַרויס אין עקסטאַז, אַז ער וואָלט וועלן אויסרייסן אַ ריזיקן טענענבוים, איינטונקען אים אין אַ ווולקאַן און מיט פייערדיקע אותיות אויסשרייבן אויף דעם נאַכטלעכן הימל דעם ליבן נאָמען: „אַגנעס״; אָדער בעת ער פאַנטאַזירט, אַז ער וואָלט וועלן אויסשניידן אַ שטיק בלאָען הימל, אויף וועלכן עס גלאַנצן די דימענטן פון דער נאַכט, און וואָלט דאָס אַרויפגעוואָרפן אויף די מלכותדיקע אַקס-לען פון זיין ליב-לעבן, — איז דאָס אפשר אַן אמתדיקער היי-סער ווונש פון זיין האַרצן, אָבער פאָרט נישט מער, ווי אַ פּערזענלעכער, אינדיווידועלער, וועלכן דער דיכטער אַליין קאָן נישט נעמען אין ערנסט. באַטראַכט ער זיך אַליין נישט ווי אַן אינדיווידואום, נאָר ווי אַ רעפּרעזענטאַנט פון דער מענטשהייט, אַן איינצל-פאַל פון דעם געזונטן, נאָרמאַלן און אמת-מענטשלעכן מין, — און נאָר אין דעם פאַל קאָן מען רעדן וועגן אַן אמת, — מוז ער צוגעבן, אַז זיין ווונש איז נישט מחויב צו זיין קיין „מוז״ פאַר יעדן נאָרמאַלן, געזונטן און אמתן מענטשן, און אַז אויב מען וואָלט דעם הימל איבערהויפּט געקאָנט רייסן אויף

שטיקער, וואָלט שוין פון דעם הימל קיין זכר נישט געבליבן. זיין ווונש איז נישט קיין אידעאַל, נאָר אַ פּערזענלעכער קאַפּריז.

נעמט אָבער אַן אַנדער פאַל: מאַהאָמעטנס האַרצן פאַרגלוסט זיך, אַז די לבנה זאָל אַראָפּ פון הימל, זיך פאַנאַנדערשפּאַלטן אויף צווייען און זאָל זיך יום־טובדיק דורכגיין הקפות אַרום דעם הייליקן שטיין קאַאַבאַ. אין פלוג איז דאָס דערזעלביקער פאַנטאַסטישער קאַפּריז, וואָס ביי היינען, אָבער ער פאַרלירט שוין זיין פּערזענלעכן כאַראַקטער. דאָס, וואָס מאַהאָמעט וויל, איז, אַז די נאַטור זאָל פאָלגן דעם ווילן פון דעם מענטשן און דערקענען זיין אויבערהערשאַפט איבער זיך, — דאָס איז אַ הייסער ווונש פון דער מענטשהייט, אויף וועלכער עס איז אויפגעבויט דעם גאַנצער גלויבן אין נסים און מופתים. דער ווונש און דער וואונדער־גלויבן זענען צו טיף איינגעוואָרצלט אין דער מענטשלעכער נשמה פון אַ באַשטימטן קולטור־היסטאָרישן פּעריאָד, אַז מיר האָבן אַ פולע רעכט צו באַטראַכטן זיי, ווי אַ „מוז״ פאַר יעדן מענטשלעכן ווילן פון אַ באַשטימטער קולטור־היסטאָרישער פאָרמאַציע, אַן אמת פון דעם מענטשלעכן האַרצן. אונטער דער מאַכט פון יענעם אמת גלויבן טאַקע די מאַהאָמעדאַנער, אַז די לבנה האָט געפאָלגט מאַהאָמעטס ווונש און האָט, אַ צעשפּאָלטענע אויף צווייען, אַרומגעקרייזט אַרום דעם הייליקן שטיין, ווי די יידן גלויבן, אַז פאַר זיי האָט זיך אויף צווייען געשפּאָלטן דער ים.

אָדער ווען מיר לייענען, אַז דער כינעזישער דענקער לאַאָטזי, ווי אויך די בעסטע געלערנטע פון דעם מיטלאַלטער אין אייראָפּע, האָבן געבראָכן זייערע קעפּ און געוואָלט, נישט אַנדערש, אויסגעפינען דעם לעבנס־עליקסיר, יענע וואונדערבאַרע רפואה, וואָס זאָל אונז אויסהיילן פון דער ערגסטער מחלה, דעם טויט, און מאַכן אונז אומשטערבלעך אויף דער וועלט — וועט זיך ביי אונז אויך נישט הויבן די האַנט — צו פאַרמשפּטן זיי אַלעמען, ווי וויסטע פאַנטאַזיאָרן, וואָס האָבן זיך נאָכגעיאָגט נאָך אַן אינדיווידועלן, צייטווייליקן קאַפּריז פון אַ פּאָר מטורפים.

די בענקשאַפט נאָך אומשטערבלעכקייט און אייביקייט איז א מענטשלעכע בענקשאַפט. אויסגעוואַקסן אויף אַ זייער הויכער שטופּע פון דער מענטשלעכער קולטור־אַנטוויקלונג, אַן אמת פון דעם מענטשלעכן האַרצן, וואָס קאָן נישט פאַרטויבט ווערן דורך קיין אמת פון די חושים און קיין באַווייז פון דעם שׂכל. די רעליגיע האָט זיך אונטערגענומען צו גאַראַנטירן די אומשטערב־לעכקייט אויף יענער וועלט און אויף אַזאַ אופן צו לעשן יע־נעם אייביקן דאָרשט נאָך אייביקייט. אָבער אויך זי האָט נישט געקאָנט אָפּהאַלטן אַפילו דעם פרומען מענטשן צו פאַנטאַזירן וועגן אַ רעאַלערער אומשטערבלעכקייט, איידער די יענע־וועלטי־קע: ער אַרבעט דעריבער אויס דעם גלויבן אין אַ תּחית־המתים אין דעם סוף פון די דורות, כּדי אויך מיט נאַטירלעכע מיטלען גובר צו זיין דעם נאַטירלעכן טויט.

איר וועט דאָס אפשר אָנרופן אַ קאַפּריז און נישט קיין אידעאַל, — אַ קאַפּריז דערפאַר, ווייל איר זעט נישט איין די מעגלעכקייט, ווי אַזוי ער קאָן מקוים ווערן אין לעבן; אַ קאַפּריז, נישט קליגער, איידער דער קינדישער פאַרלאַנג פון אַ קינד, מען זאָל אים געבן דאָס טעלערל פון הימל. אָבער ווען איר טראַכט זיך אַריין אין דער מענטשלעכער נשמה, און איר פרעגט זיך אַליין, וואָס איז אייער האַרצנס באַגער, וועט איר געפינען, אַז איר מוזט וועלן אומשטערבלעכקייט, ווי נאָר איר פרעגט זיך אַליין, צי איר ווילט דאָס; אַז אָט דער ווילן איז אַן אמת פון אייער האַרצן, ד. ה. אַן אַלגעמיין־מענטשלעכער אידעאַל און נישט קיין אינדיווידועלער קאַפּריז, כאָטש אַפילו יעדער פון אונז קאָן, לויט דעם אמת פון זיין שׂכל, זיין זיכער איינגעגלויבט, אַז דער אידעאַל קאָן קיינמאָל נישט מקוים ווערן.

לאָזט מיך אייך דערמאָנען אָן נאָך אַן אַלגעמיין־מענטשלעכן אידעאַל, וואָס איז נישט אַזוי שטאַרק פאַרשפּרייט, ווי דער דאָרשט נאָך אומשטערבלעכקייט, און קאָן דעריבער נאָך מער אויסזען, ווי אַן אינדיווידועלער קאַפּריז.

אין איינעם פון זיינע נאָוועלן, „אַסיאַ", שילדערט אונז טורגעניעוו, ווי אַזוי זיין העלדין האָט זיך פלוצלונג פאַרוואָלט,

זיך אויפהויבן פון דער ערד, און אַוועקפליען ווי אַ פויגל אין דער לופטן. געוויס, נישט אַלע מענטשן און נישט אַלעמאָל לעבן איבער אַזעלכע „קינדערשע" געלוסטן. עס איז דעריבער אַ גרויסער ספק, צי דאָס וועלן פליען איז אַן אַבסאָלוטער „מוז" פאַר יעדן מענטשלעכן ווילן. אָבער אַז מען ווערט מער פאַרטרויט מיט דער געשיכטע פון די מענטשלעכע אידעאַלן, ווערט איינעם קלאָר, אַז אויך אָט דער „קאַפּריז" האָט אַ טיפן, נישט אויסצוואָרצלענדיקן שורש אין דער מענטשלעכער נשמה.

נישט נאָר ווילט זיך איינעם האָבן פליגלען און פליען, ווען מען איז ווייט אַוועק פון די, וואָס מען האָט ליב, ווי דאָס לעבן, — „וואָלט איך געווען אַ פויגעלע, וואָלט איך צו דיר געפלויגן", זינגט אַ יידיש לידל, — נאָר דער מענטש איז בכלל נישט צופרידן, וואָס ער איז געצווונגען אַרומצוקריכן אויף דעם גרונט פון יענעם לופט־ים, אין וועלכן מיר לעבן. ער איז מקנא זיינע באַפליגלטע מיטבאַשאַפענישן, וואָס שניידן דורך מיט זייערע פליגלען דעם אומענדלעכן רוים און שוועבן פריי אין דעם הימלשן בלאָ.

דער בעסטער באַווייז דערצו איז דער פאַקט, וואָס דער מענטש האָט זיינע אידעאַלע געשטאַלטן, די מלאכים פון דעם הימל, באַשאָנקען מיט דעם וווּנדערבאַרן שיינעם צוגאָב, — די ווייסע מעכטיקע פליגלען. דאָס באַווייזט, אַז לויט דעם אידעאַל, וואָס לעבט אין דעם מענטשנס נשמה, דאַרף אַ פולקאָמענער מענטש זיין אַ באַפליגלט באַשאַף. ווי ביי דער אומשטערבלעכ־קייט, טרייסט זיך דער מענטש אויך דאָ מיט אַ יענער וועלט, מיט אַ לעבן נאָכן טויט, ווו יעדנס נשמה ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ מלאך און קאָן אומפליען איבער דער וועלט; ווי ביי דער אומשטערבלעכקייט גלויבט ער אויך דאָ, אַז דער אמת פון זיין האַרצן קאָן פאַרווירקלעכט ווערן נאָר אין דעם עולם שכלו אמת. אָבער ווי ביי דער אומשטערבלעכקייט, האָט אויך דאָ דער רע־ליגיעזער גלויבן נישט געקאָנט אינגאַנצן שטילן דעם דאָרשט צו פולקאָמענהייט אויף דער וועלט, און שוין גאָר אין די אַלטע צייטן, ווען פון ערנסטע פלי־עקספּערימענטן האָט נאָך גאָר קיין

דייך נישט געקאָנט זיין, האָט יענער דאָרשט אַרויסגעבראַכט די ווונדערשיינע לעגענדע פון איקאַרן און זיין טראַגישן סוף.

איקאַרן האָט זיך פאַרוואָלט פליען צו דער זון. זיין פאָטער האָט אים אויפגעבויט קינסטלעכע פליגלען, האָט זיי צוגעקלעפּט מיט וואַקס צו זיין גוף און איקאַר האָט זיך אַ לאָז געטאָן אין דער הויך; אָבער קוים האָט ער זיך אַביסל מער דערנענט צו דעם ציל פון זיין בענקשאַפט, אַזוי האָבן די שטראַלן פון דער זון צע־שמאָלצן דעם וואַקס, די פליגלען זענען אַראָפּגעפאַלן, און דער העלדישער איקאַר איז צעריסן געוואָרן אויף פּיצלעך.

די שיינע גריכישע איקאַר־לעגענדע איז אָבער נישט נאָר אַ באַווייז פאַר דער מאַכט, וועלכע די פלי־בענקשאַפט האָט איבער דעם מענטשנס נשמה, זי איז אין דערזעלביקער צייט גאַנץ גע־וויס אויך אַ פּעסימיסטישע קריטיק, אַרויסגעבראַכט פון דעם מענטשלעכן שכל הישר, איבער דעם אומרעאַליזירבאַרן אידעאַל. די לעגענדע וויל זיין אַ קריטיק, אַ סימבאָל פאַר אַלע „נשמות דאזלין ערטילאין״, אַ וואָרנונג פאַר אַלע אומפאַרווירקלעכבאַרע חלומות, ווען מען וויל זיי מיט די מענטשלעכע שוואַכע מיטלען דורכפירן אין דעם לעבן. איקאַר איז דער סימבאָל פון אַלע אי־דעאַליסטן, וואָס ווילן רעאַליזירן זייער האַרצנס באַגער מיט דער הילף פון קינסטלעכע פליגלען, צוגעקלעפּט מיט וואַקס. די שטראַלן פון דעם קלאָרן קריטישן שכל וועלן פאַנאַנדערשמעלצן דעם וואַקס, די פליגלען וועלן אַראָפּפאַלן, און איקאַר וועט ליגן אַ צעפּיצלטער צווישן די פעלזן.

יאָ, דאָס איז אַ טרויעריקער אמת, אַ טראַגישע לעבנס־גע־שיכטע פון אַ סך אַ סך מענטשלעכע פּרווון צו פאַרוואַנדלען אין פלייש און בלוט דעם אידעאַל פון דעם האַרצן. אָבער וואָס מאַכט דאָס אויס? איקאַרס געשיכטע האָט אין גרונט פון דער זאַך קיינמאָל קיינעם נישט אָפּגעשראָקן, און דער אידעאַל פאַר־לירט נישט זיין ווערט, אַפילו ווען ער ליגט אַ צעבלוטיקטער צווישן די שפּיציקע שטיינער. רעאַליזירבאַר אָדער נישט, שפּילט ער די ראָלע, וועלכע ער האָט אַלעמאָל געשפּילט און וועט אייביק שפּילן אין דער מענטשלעכער געשיכטע: שאַרפער מאַכן

די אומצופרידנקייט מיט דעם היינט, אויפרודערן די אומרו פון דער נשמה, שטאַרקער מאַכן די רעוואָלוציאָנערע ענערגיע ביי די, וואָס זוכן אַ בעסערע צוקונפט, און אויסמאָלן ליכטיקע פערספעקטיוון פאַר זייער רעוואָלוציאָנערן שטרעבן.

און קאָן מען דען זאָגן, אַז די אַלע „קערפערלאָזע" אידעאַלן זענען אויף אייביק פאַרמשפט צו זיין נישט מער ווי ויסע חלומות? קאָן מען דען אָפּלייקענען די מעגלעכקייט, זיי ואָלן ווען עס איז פאָרט ווערן אַ לעבעדיקע ווירקלעכקייט, אויב נישט אין זייער פאַנטאַסטישער פאָרם, איז אויף אַ מער רעאַלערער אַרט? אויב נישט אין זייער אומבאַגרענעצטן מאָסשטאַב, איז, לאָז זיין, אין עניוותדיקערע מאָסן, וואָס קאָנען דאָך ווי עס איז באַפרידיקן יענעם אמת פון דעם האַרצן, וואָס האָט זיי אַרויסגערופן צום לעבן?

אָט זעט: דער דאָרשט צו דעם וווּנדער-גלויבן, וואָס איז אויסגעוואַקסן פון דער בענקשאַפט נאָך דעם מענטשנס הערשאַפט איבער דער נאַטור, הויבט אָן אַלץ מער פאַרווירקלעכט צו ווערן אין די רעאַלע וווּנדער פון אונזער טעכניק און אונזער וויסנשאַפט. דער חלום, וואָס האָט נישט געלאָזט רוען לאַאָ-טזי און די מיטלאַלטערלעכע אַלכעמיקער, איז אַריין אין די הענט פון די געלערנטע ביאָלאָגן און פיזיאָלאָגן, ווי פּראָפ. מעטשניקאָוו און — ווער ווייס? עס קאָן זיין, עס וועט זיך פאָרט איינגעבן דער וויסנשאַפט, אויב נישט צו מאַכן אומשטערבלעך דעם מענטשן, איז, לכל הפחות, פאַרשאַפן אים די מעגלעכקייט צו לעבן אַזוי לאַנג, וויפל עס דאַרף זיך אים ווע לן צו לעבן אויף דער וועלט. איקאַרס אידעאַל איז גראָד אין אונזערע צייטן ערנסט אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף דעם סדר היום, און ווען אַלע סימנים נאַרן נישט אָפּ, וועט נאָך אונזער דור דערלעבן די צייט, ווען מענטשן וועלן שטאָלץ אַרומשוועבן אין דעם הימלישן בלאָ און קאָנקורירן מיט די פליענקסטע געפליגלטע פליער אין דער לופט. *)

*) בסך הכל אין פינף יאָר אַרום איז דאָס פאַרווירקלעכט געוואָרן.

וואָלט די איקאַר-בענקשאַפט, אָנגעשראָקן פון דעם טראַגישן סוף, וואָס אַ סך לופט-פליער האָבן געפונען ביי זייערע עקספּע-רימענטן, אויסגעלאָשן געוואָרן אין דער מענטשלעכער ברוסט, דעמאָלט וואָלט זי נישט געקאָנט דערלעבן איר היינטיקן טריאומף. דער אמת פון דעם האַרצן, וואָס איז געלעגן אין איר, האָט איר געגעבן די מאַכט אַריבערצוטראָגן אַלע נסיונות, און זי, די מאַכט פון דעם אמת, וועט אים ביישטיין ביז צום לעצטן נצחון.

אין דעם ביישפּיל מיט קאָפּערניקס סיסטעם האָבן מיר געזען, ווי אַזוי דער אמת פון דעם שכל איז גובר דעם אמת פון די חושים. עס איז דאָ אין דער געשיכטע נאָך אַ ווונדער-לעכער ביישפּיל, ווי אַזוי דער אמת פון דעם האַרצן טריאומ-פירט נישט נאָר איבער די עדות פון די חושים, נאָר אויך אי-בער די שטרענגע באַווייזן פון דעם מענטשלעכן געדאַנק. איך האָב דאָ אין זינען יענעם נצחון, וועלכן עס האָט אַרויסגעטראָגן איבער דער גאַנצער געבילדעטער וועלט פון דער אַלטער ציווי-ליזאַציע די רעליגיע פון אַ יידישן טישלער אין גאַלילעאַ און פון אַ פּאָר גאַלילעאיש-יידישע פישער-לייט.

עס וואָלט אונז אָוועקגעפירט צו ווייט, ווען מיר וואָלטן זיך אָפּגעשטעלט אויסמאָלן דעם צושטאַנד פון דער דעמאָלטיקער ציוויליזאַציע, כדי קלאָר צו מאַכן דעם כמעט אומדערקלערלעכן ווונדער, וואָס דאָס קריסטנטום האָט באַוויזן פאַר דער וועלט. לאָזט מיר אייך דערמאָנען נאָר דעם פאַקט, אַז ווען דאָס קריסטנ-טום, צוערשט די רעליגיע פון די אָרעמע, אומוויסנדיקע און פאַרשקלאַפטע מאַסן, האָט גענומען אַריינדרינגען אין דער גע-בילדעטער וועלט, האָט זי, די געבילדעטע וועלט, שוין געהאַט הינטער זיך גלענצנדיקע פּעריאָדן פון דעם שאַרפסטן פילאָזאָפישן פאָרשן, וואָס האָבן אויסגעאַרבעט די יסודות פון דעם מאָדער-נעם פרייען געדאַנק. דעמאָקריט, מיט זיין שטרענג-קאָנסעקווענטן מאַטעריאַליזם; די סאָפיסטן, וואָס האָבן אויפגעדעקט דעם מענטש-לעכן אָפּשטאַם פון יעדער רעליגיע; סאָקראַטעס און פּלאַטאָ, מיט זייער שטרענג-לאָגישן אַרגומענטירן; אַריסטאָטעל מיט זיין גאָט, וואָס קאָן זיך נישט אַריינמישן אין דעם וועלט-געשעען,

פון וועמען עס פליסן פאסיוו ארויס די אייביקע אומפארענדער-לעכע געזעצן פון דער נאטור; די סקעפטיקער, וואס האבן אונ-טערגעגראבן דיווארצלען פון יעדער נאאיווער וועלטאנשויאונג און אוועקגעלייגט דעם יסוד פון דער מאדערנער דערקענטעניש-טעאריע און דעם מאדערנעם עמפיריזם; עפיקור, מיט זיין ווי-דערבאלעבונג פון דעמאקריטס מאטעריאליזם און דעם התלהבות-דיקן גלויבן אין דעם אמת פון די חושים, — דאס אלץ האט געלעבט אין דער געבילדעטער אטמאספער פון דער אלטער וועלט.

און גראד אין יענער צייט, ווען לוקרעצס פאעמע וועגן „דער נאטור פון די זאכן" („דע רערום נאטורא"), וואס האט באגייסטערט באזונגען עפיקורס אידייען, איז געווארן דער בא-ליבטעסטער לייענשטאף ביי אלע געבילדעטע, פיין-דערצויגענע מענטשן, — קומען צוגיין א פאר יידישע שליחים און ווענדן זיך צו דער גאנצער מענטשהייט מיט אזא לשון:

„הערט אויס, ברידער! מיר זענען אייך געקומען מעלדן, אז גאט האט אריינגעטאן זיין רוח הקודש אין אן אומשולדיקע יונגפרוי, און זי האט געבארן א משיח, גאטס א זון, וואס האט זיך מקריב געווען פאר אונז אלעמען. מען האט אים צוגעשלאגן צו א צלם, אבער אויף דעם דריטן טאג איז דער משיח אויפגע-שטאנען תחית המתים און איז ארויפגעפלויגן א לעבעדיקער אויפן הימל, וווּ ער זיצט צו דער רעכטער זייט פון זיין פאטער".

„מיר פרעדיקן דעם געצלמטן", האט דער שליח שאול גע-רעדט שטאלצע רייד, „מיר פרעדיקן דעם געצלמטן, — א פאר-דראס און אן ערגערניש פאר די יודעער, א שפאט פאר די גריכן", — א זעלטן גצראטענע כאראקטעריסטיק! די יודעער האבן נישט געלאכט פון דער נייער רעליגיע, ווייל אין זייערע אויגן איז דא נישט געווען פון וואס צו לאכן. גאט, דער אלמעכטיקער, קאן אלץ, און אריינצומישן זיך אין זיינע דרכים, ווי אזוי ער וויל שיקן זיין משיח, און וואס ער וויל טאן מיט אים, איז יעדן מענטשן פארווערט. זיי האט נאר געערגערט, וואס די מעשה איז געווען א ליגן, ווייל עס האט פאקטיש נישט געשטימט. ישו איז

נישט געווען דער יידישער משיח, אויף וועלכן זיי האָבן געוואַרט, ווייל ער האָט נישט אויסגעלייזט זיין פאָלק, ממילא האָט ער נישט געקאָנט זיין גאָטס זון און האָט נישט געקאָנט אויפשטיין תחית המתים.

די גריכן אָבער, דערהויפּט די געבילדעטע, האָבן זיך נישט געקאָנט ערגערן פון אַזאַ בעריש־אומגעלומפּערטער, אַזאַ נאַרישער אויסטראַכטעכץ: זיי האָבן דערפון פשוט חוזק געמאַכט, און דערנאָך, אַז דער נייער גלויבן האָט זיך גענומען פאַרשפּרייטן, ווי אַ פייער, איבער דער גאַנציער רוימיש־גריכישער ציוויליזירטער וועלט, — מיט וואָס פאַר אוממענטשלעכע, טייוולשע מיטלען מען האָט גענומען אונטערדריקן די אומגעלומפּערטע נאַרישקייט, — די פאַרפאָלגונג פון די קאָפּערניקאַנער איז געווען אַ קינדער־שפּיל לגבי דעם. און נישט קוקנדיק אויף דערויף, זיך נישט גערעכנט מיט די אומברחמנותדיקע רדיפות, האָבן גראָד די געבילדעטסטע און איידלסטע זיך גענומען מיט האַרץ־קלאַפּעניש איינהערן אין די משוגהדיקע רייד, און איינער נאָך דעם אַנדערן, אין יעדן ווייטערן דור אַלץ מער און מער, האָבן זיי גענומען בויגן זייערע קני פאַר דעם מלך פון די יהודים און פריידיק גיין אין טויט אַריין, כדי דורך דעם מסירת נפש עדות צו זאָגן פאַר דעם אמת פון דעם געצלמטן משיח.

און וואָס איז באַשטאַנען די גייסטיקע מאַכט פון דעם קריסטנטום, וואָס האָט סוף־כל־סוף געוווּנען אַלע מוחות פאַר זיך, האָט געבראָכן די אייזערנע פיזישע געוואַלט פון יענער צייט און האָט זי איינגעשפּאַנט אין זיין טריאומף־וואָגן? נישט אין דעם אמת פון די חושים און דעם אמת פון דעם שכל, וועלכן ער האָט געטראָטן מיט די פיס, נאָר אין דעם אמת פון דעם האַרצן.

אין די ערשטע באַשאַפונגען פון דעם קריסטלעכן רעליגיעזן גייסט האָבן געקלונגען, ווי אין אַ סימפאָניע, אַזוי פיל טענער און שטימען פון מענטשלעכע אידעאַלן, אייביקע און היסטאָרישע, אַז דאָ קאָנען מיר זיי אינגאַנצן אַפילו נישט אויסרעכענען. די ליבע צו דער מענטשהייט, דער דאָרשט פון מסירת נפש פאַר דעם כלל, די נאָנטקייט פון דעם מענטשן צו גאָט,

דער פאַקטישער באַווייז פון תחית המתים, די באַפרייאונג פון אַלערליי געבאָטן, די דערהויבונג פון דעם מענטשן צו אַ געטלעכער עקזיסטענץ, דער זעלבסטווערט פון דער אָרעמער, אומוויסנדיקער מאַסע אַנטקעגן דער חוצפה און דער גדלות פון דעם געלערנטן און דעם רייכן, די גלייכקייט פון אַלע מענטשנקינדער אין דעם קעניגרייך פון גאָט, די אָפּשאַפונג פון דער נאַציאָנאַלער נפקא מיניה צווישן דעם ייד און דעם העלען! די גאַנצע יידישע סאָציאַלע עטיק, די העכסטע פון איר צייט, איז אין אַ גוזמאָדיקער פאָרם אַריינגעאַרבעט געוואָרן אין דער קריסטלעכער רעליגיעזער סיסטעם. אָבער צווישן די טענער האָט העכער פאַר זיי אַלעמען געקלונגען די שטים פון דער דערלייזונג, פון דער מחילה וסליחה דעם מענטשן פאַר זיינע באַגאַנגענע זינד. קריסטוס האָט זיך אָנגענומען נישט נאָר פאַר דעם אביון (די ערשטע יידן־קריסטן האָבן זיך גערופן אביונים), נישט נאָר פאַר דעם עם הארץ, נאָר אויך פאַר דעם זינדיקן, דעם פושע.

איך האָב שוין אין אַן אַנדער אָרט געמאַכט די באַמערקונג, אַז די פּסיכישע מאַכט פון אַ וועלכער עס איז רעליגיע אויף אירע אָנהענגער שטאַמט אין אַ גרויסן חלק דערפון, וואָס זי ברענגט מיט זיך די ריייניקונג פון דער זינדיקער נשמה, די מיטלען, ווי אַראָפּצוּשווענקען פון איר דעם שמוץ, וועלכער זאַמלט זיך אָן אויף איר אין דעם זינדיקן לעבן. יעדע רעליגיע, ווי נידעריק אָדער הויך זי זאָל נישט זיין, האַנדלט מיט פּאַטענטירטע וואַסערלעך פאַר אַ קרעציקן יושר־געפיל.

מען דאַרף זיך אָבער פאָרשטעלן, ווי מאָראַליש געפאַלן די אַלטע ציוויליזירטע וועלט איז געוואָרן צו דעם סוף פון דער רוימישער הערשאַפט, אַ דאַנק די שטענדיקע רוימישע מלחמות, כדי צו באַקומען, לאָז זיין, אַ בלאַסע השגה פון דעם, ווי עס האָט דעמאָלט אויסגעזען אין די מענטשלעכע הערצער. מיר, וואָס לעבן אין די צייטן פון דעם גרויסן וועלט־קריג, קאָנען שוין אָפּמעסטן, ווי טיף עס איז אין אַזאַ קורצער צייט געזונקען די מאָראַל און וועלכע גדולים זי פאַרשלעפּט מיט זיך אַריין אין דעם תהום. אַ פּשיטא שוין דעמאָלט, ווען די זיגרייכע אַרמייען

פון די רוימער פלעגן יאָר אויס, יאָר איין אָנרויבן רייכטימער, אָנשלעפּן שקלאַוון און שקלאַווינס אין די טויזנטער, און פאַרוואַנדלען דאָס לעבן פון די אונטעריאָכטע מאַסן אין איין גרויסן יאָמער־געשריי און דאָס לעבן פון די הערשנדיקע קלאַסן, פון די פּאַטריציער, אין איין גרויסן זומפּ פון צעפוילטע תענוגים.

ווי האָט דאָ דער יושר פון די בעסטע, פון די אידלסטע געמיטס צעווערימט און צעגעסן ווערן, נישט אַזוי פון דער אייגענער זינד, — עס זענען געווען אויך דעמאָלט טיף־ערלעכע מענטשן, — נאָר פון דעם גאַנצן זינדיקן לעבן, אין וועלכן זיי האָבן געמוזט, ווילנדיק אָדער נישט ווילנדיק, זיך פאַרכליניען! ווי האָט דאָ די נשמה געבענקט נאָך אַ ווונדערלעכער רעטונג, וואָס זאָל זי מיט אַמאָל אַרויסרייסן פון דעם זומפּ און אַריינטריפן אין איר פרידן און רו!

און דאָ איז געקומען דער קריסטנטום מיט זיין האָפערדיקן געלעכטער איבער דער גאַנצער רוימישער ציוויליזאַציע, איבער דעם גאַנצן שכל פון די קלוגע, און האָט היפּנאָטיש געטענהט איין־איינציקן געדאַנק: די מענטשלעכע זינד זענען שוין אויסגעקויפט, דער קרבן איז געבראַכט, דאָס אומשולדיקע לאַם פון גאָט האָט זיך אַליין פאַרברענט פאַר אַ זינד־אָפּפער, כדי אייערע נשמות זאָלן קאָנען ווידער אויסגעלייטערט ווערן. לעבט, ווי ער האָט געלעבט, גלויבט אין אים, נעמט אים אַריין אין אייער האַרצן, און דורכדעם אַליין וועט איר ווערן געהיילט און גערייניקט.

דער קריסטנטום איז געווען אַ באַלזאַם פאַר דעם צעווייטיקטן יושר־געפיל — אַ באַלזאַם, אין וועלכן די מענטשהייט האָט זיך אַזוי שטאַרק גענויטיקט. ער איז געווען אַ גרויסער אמת פון דעם מענטשלעכן האַרצן, און דערפאַר זענען אַלע אַנדערע אמתן געפאַלן צו זיינע פיס. מיר האָבן אויבן געזען, אַז אמתן קאָנען הענגען מיטן קאָפּ אַראָפּ, אַזוי לאַנג ווי דער ווילן האַלט זיי אין אַזאַ אומנאַטירלעכער לאַגע, און אַז זיי גלייכן זיך ווידער אויס, ווי נאָר די מוסקולן פון דעם ווילן ווערן אָפּגעשוואַכט. אָבער אין דעם קריסטנטום האָבן די מוס־

קוילן פון דעם ווילן נישט געקאָנט ווערן אָפּגעשוואַכט, ווייל ער, דער ווילן, האָט דאָ געקעמפט פאַר זיין אייגענעם אמת, וואָס וואָלט געמוזט אויפגעהאָנגען ווערן מיטן קאָפּ אַראָפּ, ווען דער אמת פון דעם שכל זאָל זיך שטעלן אויף די פיס. שפּעטער איז דאָס טאַקע געשען אַזוי, אַ דאַנק קאָפּערניקן און דעם פרייעם געדאַנק.

האָט דאָס קריסטנטום שוין זיין ראָלע אינגאַנצן אויסגעשפּילט ?

נישט פאַר אַלעמען און נישט אינגאַנצן. נאָך אין אונזערע טעג איז אַ פריידענקנדיקער, הויך־געבילדעטער און איידל־פילנדיקער פּאַטריציער, דער גראַף טאָלסטאָי, פלוצלונג צוגעפאַלן צו די צאַרווונדעטע פיס פון דעם געצלמטן משיח, און האָט אין די טראָפּנס מאַרטירער־בלוט געזוכט אַ טרייסט פאַר זיין צערודערטן געמיט. נאָך עד היום נויטיקט זיך די מענטשהייט אין אַ באַלזאַם פאַר דעם צעווייטיקטן יושר־געפיל, נאָך עד היום לעבט אין איר דער אידעאַל פון אַ זינד־ריינעם לעבן, אָבער די ראָלע פון דעם קריסטנטום ווערט אַלץ מער אויסגעשפּילט פון טאָג צו טאָג : שוין מאָלן זיך אויס אויף דעם האָריזאָנט פּערספּעקטיוון פון נייע מיטלען, וואָס קאָנען פאַרווירקלעכן זיין אידעאַל נישט אויף אַ וווּנדערלעכן וועג פון אַן איבערנאַטירלעכן גלויבן, נאָר אויף אַ רעאַלן וועג פון אַ בר־דעתדיקן סאָציאַלן לעבן.

דער סאָציאַליזם וויל פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דעם קריסטנטום. אַנשטאָט צו רייניקן די פלעקן פון דער נשמה וויל ער אַריינפירן אַ ריין לעבן, אין וועלכן די נשמה, זאָל זיך נישט קאָנען פאַרפלעקן. און אָנשטאָט חרוב צו מאַכן דעם שכל־אמת, כדי צו געווינען פּלאַץ פאַר דעם האַרצן־אמת, בויט דער סאָציאַליזם לכתחילה זיין אמת פון דעם האַרצן אויף דעם אמת פון דעם שכל, ווי אויף זיין נויטווענדיקן פונדאַמענט. די נשמה פון דעם קריסטנטום, אויף וויפל ער איז אַ טרייסט פאַר דעם זינדיקן, וועט געפינען איר תיקון ערשט אין דער ווירקלעכקייט פון דעם סאָציאַליזם.

דאָס קריסטנטום איז געבאָרן געוואָרן פון דעם איבערנאַ־

טירלעכן משיח-גלויבן בײַ דעם יידישן פאָלק. אויך אָט דער יידישער פאַנטאַסטישער גלויבן איז, אין זיין תוך, אַ האַרצנס-אמת, אויב נישט פאַר יעדן מענטשן, איז פאַר דעם יידישן פאָלק, — אַן אידעאַל, וועלכן דאָס פאָלק מוז וועלן. אויך ער האָט געטוג געדינט אונזער ליידנדיקן פאָלק אין זיין טראַגישן געשיכטלעכן גאַנג, שענקנדיק אים טרייסט און האָפענונג אויף אַ ליכטיקער צייט, ווען עס וועט אויפהערן צו זיין דער פאַר-וואָגלטער יתום, דער געררודפטער בעטלער אין דער פרעמד. און אויך דער יידישער משיח-גלויבן האָט נישט איינמאָל אַרויסגעוויזן די וואונדערלעכע קראַפט, — די מאַכט פון דעם אמת, וואָס שטעקט אין אים, — בעת ער האָט מיט אַזאַ גבורה אָפגעשלאָגן אַלע אָנפאַלן פון דעם פרייעם געדאַנק, פון די שכל-אמתן, וואָס פלעגן אים נישט לאָזן צורו אין די פעריאָדן פון דער יידישער אויפקלערונג.

לייענט די געשיכטע פון דער קבלה, וואָס איז אויסגע-וואַקסן גראָד נאָכדעם, ווי די פרייגייסטיקע פילאָזאָפיע פון דעם רמב״ם האָט זיך דערגרײכט צו איר לעצטן ראַדיקאַלן וואָרט אין דער שולע פון די יידישע אַלעגאָריסטן און אַסטראָלאָגן, — קוקט זיך צו צו דעם וווּנדערלעכן קאַמף, וועלכן דער אמת פון דעם האַרצן פירט דאָרטן אַנטקעגן דעם אמת פון דעם שכל, און איין ווערט ערשט דעמאָלט קלאָר ווערן, וואָס פאַר אַ מאַגישע קראַפט עס ליגט אין דעם אמת פון דעם האַרצן, אין דעם, וואָס ער, דער מענטש, מוז וועלן.

אָבער אויך פאַר אָט דעם אידעאַל איז שוין געקומען די צייט, ווען ער פילט, אַז ער קאָן זיך אַראָפּלאָזן פון זיינע הימ-לישע הויכן אויף דער זינדיקער ערד און פרוּוון זיין גליק מיט ריין-נאַטירלעכע מיטלען. זיינע ערשטע פרוּוון וועלן אפשר זיין איקאַר-פרוּוון, מיט קינסטלעכע פליגלען, צוגעקלעפּט מיט וואַקס, וואָס צעשמעלצט ווי וואַסער, ווי נאָר דער קריטישער געדאַנק טוט אַ שיין אויף אים. אויך זיינע טרעגער וועלן אפשר נישט איינמאָל ווערן צעפּיצלט אָן די שפּיציקע פעלזן פון דער אַכזריות-דיקער ווירקלעכקייט. אָבער ווער ווייס? די אמתן פון דעם האַרצן פאַר-

שווינדן נישט אַזוי גיך און ווען זיי קאָנען שוין גאָרנישט נישט אויפטאָן, האָבן זיי אַ טבע צו ליגן איינגעדרייט אין דרייען און צו לויערן אין דער שטיל, ביז עס מאַכט זיך אַ גינסטיקער מאָמענט און זיי שפּרינגען אַרויס פון זייער באַהעלטעניש און מאָנען, וואָס זיי קומט און נעמען, וואָס זיי קאָנען. וועט דאָס נישט זיין ארץ ישראל, וועט דאָס זיין אַן אַנדער לאַנד; וועט דאָס נישט זיין אַן אַנדער לאַנד, וועלן דאָס אפשר זיין יענע זעלבשטענדיקע יידישע קהלות, וואָס וועלן לעבן פריי אין אַ פרייעם בונד מיט אַנדערע קהלות, ווען דער אידעאַל פון דעם פרייעם סאָציאַליזם זאָל מקוים ווערן.

קוים לעבט אַן אידעאַל, קאָן ער נאָך אַלע מאָל האָפן, ער זאָל ווען עס איז, אין אַזאַ אָדער אַן אַנדער פאָרם, פאַר-קערפּערט ווערן אין לעבן.

נישט לאַנג צוריק, בעת דער רוסישער רעוואָלוציע 1905—6 און שפּעטער 1917, האָבן מיר געקאָנט באַאָבאַכטן אָט די טבע פון דעם אידעאַל צו ליגן אָפּטמאָל אַ פאַרהאַלטשטער, ווי אין אַ הינערפלעט, און פּלוצלונג אַרויסצושפּרינגען, ווען ער שפּירט, אַז זיין צייט איז געקומען.

ווער געדענקט נישט דעם חושך, וואָס האָט געהערשט אין רוסלאַנד נאָך דעם פאַלן פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" אין די 80-ער יאָרן? איך רעד שוין נישט פון דער צעלאָזענער וואַקכאַנאַליע פון דער רוסישער רעגירונג און די רעאַקציאָנערע שיכטן פון דער געזעלשאַפט: זי איז כמעט קיינמאָל נישט אָפּגעשוואַכט גע-וואָרן און אפשר נאָך אַלע ווילדע שטאַרקער געוואָרן. איך מיין די שטימונג אין דער אַזוי-אָנגערופענער „געזעלשאַפט" און איר שטעלונג צו דעם אידעאַל פון פּאָליטישער פרייהייט. — וויפל שפיכת-דמים האָבן דאָס די רעוואָלוציאָנערן געמוזט אַריבערטראָגן אין דעם אָנהויב פון די ניינציקער יאָרן, בעת עס האָט גענו-מען ווידער אויפלעבן דער פּאָליטישער קאַמף!

די געזעלשאַפט האָט נישט געוואָלט וויסן פון אים. גע-בילדעטע מענטשן פלעגן פאַרברענגען זייער בעסטע צייט אין קאָרטן-שפּיל, אין שכרות און זנות און — העכסטנס — אין

ציניש-ליבעראַלער זידלעריי אויף דער רעגירונג. און אַפילו די בעסטע פון דער יוגנט האָבן אויך, — אַ חוץ אַ קליין הייפעלע פון איר, — נישט געוואָלט וויסן פון דעם פּאָליטישן אידעאַל און האָבן געזוכט זייער טרייסט אינם רעליגיעז-עסטעטישן מיסטיציזם און דעקאַדענטישער פּאָעזיע און האָבן פאַררעדט די ציין פון זייער יושר-געפיל מיט דעם לחש, אַז אַ שיין-געשליפענער שיר איז אַ סך וויכטיקער פאַר דעם מענטשלעכן פּראָגרעס, איידער אַ דעמאָקראַטישע קאָנסטיטוציע.

אָבער די רעוואָלוציאָנערן האָבן נישט געשוויגן. עס האָט גענומען וואַקסן די פּראָפּאַגאַנדע און די אַגיטאַציע, דער אמת פון דעם האַרצן האָט גענומען אַריינדרינגען אין אַלץ ברייטערע קרייזן, און ווי נאָר די מאַסן האָבן זיך געטאָן אַ ריר, ווי נאָר עס האָט אַ בלאַסק געטאָן די מעגלעכקייט פון אַ רעוואָלוציע, אַזוי איז אַקוראַט ווי דורך אַ כשוף פּלוצלונג פאַרשווונדן געוואָרן דער חושך און דער אינדיפערענטיזם, און דער נעכטיקער דעקאַדענט אָדער פּלאַניאַר איז געוואָרן אַ קעמפער און אַ העלד...

ווי אַזוי איז דאָס געשען? האָבן זיי פּלוצלונג אַנטפּלעקט אין זיך דעם אמת פון זייער האַרצן? ניין! זיי האָבן אים געוווסט פון פריער, זיי האָבן אָבער נישט געוואָלט וויסן פון אים, ווייל עס האָט זיך נישט געלוינט, ווייל דער אמת פונם שכל האָט פאַר זיי אויסגעמאָלט די געפאַרן, וואָס זענען פאַרבונדן מיט אים. איז ער, דער פּאָליטישער פרייהייטס-אידעאַל, געלעגן אַ צונויפגעדרייטער אין דרייען ערגעץ-ווו טיף אין דער נשמה, צוגעדריקט מיט אַ משא פון שקר, וואָס האָט געזאָלט אים אינגאַנצן דערשטיקן. ער איז געלעגן און האָט געלויערט, און ווי נאָר עס האָט זיך געמאַכט די ערשטע געלעגנהייט, האָט ער מיט זיין גאַנצער מאַכט אַראָפּגעשליידערט פון זיך די בערג שקרים. וואָס מען האָט אָנגעוואָרפן אויף אים, האָט זיך אויסגעגליכן אין זיין גאַנצער גרויס, און האָט געצווונגען דעם מענטשן מודה צו זיין זיך אויף זיין אמת. און אַזוי קען דאָס אויך איצטער זיין...

איך וואָלט געקאָנט ברענגען נאָך אַ סך ביישפּילן און פאַ-

נאָנדערשפינען נאָך אַ סך רעיונות, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער טעמע: די מאַכט פון דעם אמת. אָבער שוין דאָס געזאָגטע, גלויב איך, גיט אונז אַ רעכט צו דער מסקנא: אַז אין דעם אמת, ד. ה. אין יענע דערקענטעניש, וואָס דער מענטש איז געצוווּנגען אָנצונעמען, — ער מעג זיין ווי פאַרשיידן אין פאַרשיידענע צייטן, — ליגט אַ רעאַלע היסטאָרישע מאַכט, וואָס הענגט בעווּיס אָפּ פון אַ סך אַנדערע קרעפטן און אומשטענדן, — וואָס ווירקט אָבער אַליין אויך, ווי אַ געשטאַלטנדיקער פאַקטאָר. די פאַרשיידענע אַנדערע היסטאָרישע קרעפטן בייטן אום דעם אינהאַלט פון דעם אמת, מאַכן, אַז צו איין צייט זאָל זיין אמת אַזאַ געדאַנק און צו אַן אַנדער צייט — אַן אַנדערער. אָבער צו אַלע צייטן באַשטייט ער אין דעם „מוז", וואָס ער צווינגט אויף אונז אַרויף, בעת מיר באַנעמען די ווירקלעכקייט, באַטראַכטן די דערשיינונגען און ווילן אַ בעסער לעבן. אָט אין דעם „מוז" ליגט די גבורה פון דעם אמת, זיין אייביקע אינעווייניקסטע קראַפט: פאַר וואָס דען, אויב נישט פאַר דער אינעווייניקסטער קראַפט זיינער, ווערט ער אַזוי פאַרפאָלגט פון די, וואָס ציטערן פאַר אים? פאַר וואָס דען גיבן די רעגירונגען אויס מיליאָנען צו דערשטיקן אים, ווו מען קאָן, דירעקט דורך אַ צוים אויפן מויל, אָדער ווען מען קאָן דאָס נישט, אינדירעקט דורך אַ מבול פון שקר, אין וועלכן מען וויל אים דערטרינקען?

אָבער די אַלע פאַרפאָלגונגען, — ווייזט אונז די געשיכטע, — העלפן נישט, און אויב איינער האָט אַן אמת, וואָס איז אים ליב און טייער, אַן אמת, וואָס ווערט דיקטירט פון זיין האַרצן און גייט נישט להיפך צו זיין שכל, דאַרף ער נישט נתפעל ווערן, וואָס ער איז איינער אַליין, אָדער גאָר זאַלבע־דריטהאַלבן; דאַרף ער זיך נישט אָפשרעקן, וואָס דער עולם וויל נאָך פון אים נישט וויסן, אָדער וואָס די פרווון אַריינצופירן אים אין לעבן האָבן זיך געענדיקט מיט אַ טראַגישן סוף.

שטאָלץ מעג ער אַרויסגיין און אַרויסשרייען פאַר דער וועלט זיין גאַנצן אמת:

— מיר ווילן פליען צו דער זון! פעדערן אַהער, לאָמיר

בויען קינסטלעכע פליגלען! וואַקס אַהער, לאָמיר זיי צוקלעפּן צו די אַקסלען! איר זאָגט, מיר וועלן צעפּיצלט ווערן? וווּ איז די ראיה? וואָס איקאַר איז צעריסן געוואָרן? אָבער פון וואַנען ווייסט איר, אַז ער האָט געהאַט דעם ריכטיקן וואַקס? אונזער וואַקס איז גאָר אַן אַנדער מין וואַקס...

און מיר וועלן טאַקע צעפּיצלט ווערן איבער די פעלזיקע שטיינער, נישט איינמאָל און נישט צווייאָמאָל. אָבער די קרבנות, וואָס מיר ברענגען פאַר דעם אמת, וועלן אויפהאַלטן דעם לעבנס-אָטעם פון דעם אמת, די אינעווייניקסטע ענערגיע זיינע, ביז עס וועט קומען זיין צייט, ביז די רעאַלע באַדינגונגען פון זיין מקוים ווערן וועלן אָנוואַקסן אַזוי, אַז מען וועט נישט דאַרפן צו אים קיין פעדערנע פליגלען און קיין וואַקס, ווייל מען וועט אים קאָנען בויען, ווי מען בויט איצטער די אַעראָפּלאַנען: פון אייזן און פון שטאָל.

נאָך זיכערער קאָנען מיר אַרויסטרעטן דעמאָלט, ווען מיר פילן, אַז אונזער אמת איז צו איין-און-דערזעלביקער צייט אי אַן אמת פון דעם שכל, אי אַן אמת פון דעם האַרצן, און ווען מיר רופן נישט דעם עולם שוין אויפן שטעל, ער זאָל זיך אַ לאָז טאָן צו דער זון; ווען מיר דאַרפן אים ערשט דערקלערן, פאַר-וואָס דער מענטש דאַרף וועלן האָבן פליגלען, פאַרוואָס דאָס איז דער פאַרבאָרגנסטער אמת פון זיין האַרצן. זאָל ער, דער מענטש, נאָכטראַכטן, צי מיר זענען גערעכט, אָדער נישט, צי מיר גיבן איבער אַ טרייען באַריכט פון זיין האַרצנס באַגער און זיין שכלס באַטראַכט, אָדער דאָס איז נאָר אַן אינדיווידועלער קאַפּריז אין אונז. אין דעם לעצטן, פאַר אונז טראַגישן פאַל, וועלן אונ-זערע געדאַנקען העלפן אים אַליין פאַנאַנדערקלייבן זיך אין די נויטווענדיקע באַדערפענישן פון זיין דענקען און די נויטווענדיקע באַדערונגען פון זיין ווילן.

אַזוי צי אַזוי וועט אונזער אַרבעט העלפן דער גרעסטער און שענסטער זאַך פון דער וועלט: דעם טריאומף פון דעם אמת.

# וועג אויפקלערונג*)

די וועלטאָנשויאונג פון יעדער צייט רוט אויף געוויסע גרונט-פרינציפן, וואָס באַהערשן אַלע דערשיינונגען פון איר לעבן און שאַפן.

ס'איז נישט דאָ דאָס אָרט אַריינצולאָזן זיך אין דער חקירה, פון וואַנען יענע גרונט-פרינציפן שטאַמען. בקיצור קאָן מען זאָגן, אַז זייערע וואָרצלען ליגן אין די טיפערע לעבנס-נויטן פון דעם פאָלק, דער עיקר, אין די עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע באַדערפענישן. ווען יענע טיפערע לעבנס-נויטן ווערן, אַ דאַנק דעם געשיכטלעכן פראָצעס, גאַנץ אַנדערע, מוזן סוף-כל-סוף אויך די גרונט-פרינציפן פון דער וועלטאָנשויאונג זיך איבערבייטן.

פאָרקומען קומט דאָס פאָר אין דער גייסטיקער וועלט אויף אַזאַ אופן. פריער הויבן אָן איינצלנע דענקער אַריינצוואַרפן אַ חשד אין דעם אַבסאָלוטן אמת פון די גרונט-פרינציפן. דער חשד וואַקסט זיך פאַנאַנדער. עס מערן זיך און פרוכפערן זיך די ספיקות. איינצלנע דענקער פרווון אַרויסשטעלן נייע סברות, נייע גרונט-פרינציפן, ביז עס קומט דער זשעני פון דער נייער צייט, — אָדער איניקע זשעניען. זיי קאָנצענטרירן אין זייער געדאַנק אַלע שטראַלן פון קריטיק, וואָס האָבן זיך אַרומגעטראָגן אין דער גייסטיקער אַטמאָספער. זיי פאַרטיפן און ברענגען צונויף א

*) דערשינען אין א. רייזנס יאָרבוך „דאָס נייע לאַנד"

סיסטעם די נייע געדאַנקען, און אַ נייע וועלטאַנשויאונג איז פאַרטיק, אָנגעגרייט צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דער אַלטער. איצטער קומט די צייט פאַר די טאַלענטען, וואָס דרינגען אַריין אין דער נייער וועלטאַנשויאונג, טראַכטען זי גוט דורך, ווערען אָנגעצונדען מיט התלהבות צו איר און נעמען אַריינטראָגען די נייע דערקענטעניש אין די מוחות פון די מער אָדער ווייניקער ברייטערע מאַסען פונם פאָלק.

עס הויבט זיך אָן די „אויפקלערונגס-צייט“, און די אַרבעט פון דער „אויפקלערונג“ באַשטייט אין דעם, וואָס דער גרעסע־רער עולם ווערט באַקאַנט געמאַכט מיט די רעזולטאַטען פון דער רעוואָלוציע, וועלכע האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דער גייסטיקער וועלט.

די „אויפקלערונג“ דערקלערט, פאַרוואָס די אַלטע יסודות זענען געווען „פאַלש“, זי זינגט באַגייסטערטע לויב־געזאַנגען פאַר די נייע גרונט-פּרינציפּען, פאַר די נייע וועגן און מעטאָדען פון דער פּראָגרעסיווער פאָרשונג. דער עיקר אָבער זעט זי, אַז די רעזולטאַטען, די לעצטע אמתן, צו וועלכע דער „נייער גייסט“ איז געקומען, זאָלען אַריינדרינגען אין די מוחות און די הערצער פון דעם אויפגעקלערטען עולם.

אַזעלכע „אויפקלערונגס“־צייטען האָט די געשיכטע פון דעם מענטשלעכען פּראָגרעס געהאַט עטלעכע. די באַקאַנטסטע פון זיי זענען די עפּאָכע פון די „סאָפיסטען“ אינם אַלטען גריכנלאַנד, דער הומאַניזם אין דער רענעסאַנס־פילאָזאָפיע נאָכן מיטלאַלטער און די „אויפקלערונגס“־צייט פון דעם סוף אַכטצנטן יאָר־הונדערט.

די לעצטע עפּאָכע איז פאַר אונז די וויכטיקסטע דער־פאַר, ווייל אונטער דער שליטה פון אירע געדאַנקען שטייט נאָך עד היום דאָס רוב פון דער געבילדעטער וועלט.

די וועלטאַנשויאונג, אַנטקעגן וועלכער עס האָט געקעמפט יענע „אויפקלערונג“, האָט גערוט אויף דעם גלויבן אין אַן איבערנאַטירלעכן גאָט, וואָס האָט אַלע וויכטיקסטע אמתן וועגן וועלט און מענטשלעכן לעבן אַנטפּלעקט צו זיינע נביאים. דער

איינציקער מקור פון אַ ריכטיקן גלויבן און וויסן זענען דערי־בער געווען די „הייליקע שריפטן" (ביי יעדער רעליגיע איר ע הייליקע שריפטן), אין וועלכע עס איז פאַרשריבן און ריכטיק אויסגעטייטשט דער אמת, וואָס שטאַמט פון גאָט אַליין.

די נייע וועלטאָנשויאונג, וואָס די אויפקלערונג האָט פּאָ־פּולאַריזירט, האָט אָנשטאָט די הייליקע ביכער אַוועקגעשטעלט די רייכע, אומענדלעכע נאַטור, און אָנשטאָט דער געטלעכער „אַנטפּלעקונג" האָט זי אַוועקגעזעצט אויפן טראָן דעם שטאָלצן גלויבן אין דער מאַכט פון דעם מענטשלעכן שכל.

די ראַדיקאַלערע אויפקלערער האָבן אינגאַנצן מבטל געווען דעם גלויבן אין גאָט און האָבן חוזק געמאַכט פון די הייליקע שריפטן. די ווייניקער ראַדיקאַלע האָבן געלאָזט גאָט בלייבן גאָט, האָבן אָבער געפאָדערט, אַז באַקאַנט מיט אים זאָל מען ווערן דורך דעם שטודיום פון זיינע מעשים אין דער נ אַ ט ו ר. זיי האָבן אויך געלאָזט די הייליקע שריפטן בלייבן הייליקע שריפטן, האָבן אָבער אויסגעטייטשט די הייליקע ווערטער אַזוי, אַז דאָס זאָל נישט גיין להיפך צו די פאָדערונגען פון דעם מענטשלעכן ש כ ל.

אַ דאַנק אָט דער רעוואָלוציע אין דעם מענטשלעכן דענ־קען און אַ דאַנק דער אַרבעט פון די אויפקלערער, וואָס האָבן יענע רעוואָלוציע אַריינגעבראַכט אין די מוחות פון דעם גע־בילדעטן און האַלב־געבילדעטן, איז שוין אין דער ערשטער העלפט פונם נייננצנטן יאָרהונדערט אויסגעוואַקסן אַ גרויסער קלאַס „אויפגעקלערטע", וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט פון די אַלטע „ליגנס" און „בבא־מעשיות" פון דער רעליגיע און האָט אָנגע־הויבן ג ל ו י ב ן אין די נייע אמתן פון דעם שכל און נאַטור־וויסנשאַפט.

איך אונטערשטרייך דעם וואָרט: „גלויבן", ווייל דער וו י ס ן פון די גרויסע אויפגעקלערטע מאַסן איז באמת געווען נישט מער ווי אַ גלויבן. עס האָט זיך מער נישט איבערגעביטן ווי די זאַך, אין וועלכער מען האָט געגלויבט.

איך לייקן גאָרנישט, אַז די אויפגעקלערטע האָבן גאַנץ זיכער „געוווּסט״, אַז עס איז אין דער נאַטור נישטאָ קיין שדים און נישט קיין ווונדער, ווייל אין איר הערשן אייביקע געזעצן, ווי דאָס לערנט אונז די נאַטורוויסנשאַפט, אַז נישט די זון דרייט זיך אַרום דער ערד, נאָר די ערד אַרום דער זון, ווייל דאָס האָט באַוויזן די אַסטראָנאָמיע. אַנדערע—די ראַדיקאַלערע — האָבן אַקוראַט אַזוי זיכער און פעסט „געוווּסט״, אַז אין דער נאַטור איז נישטאָ קיין שום רוּחניות, ווייל אַלץ איז גשמיות, און אפשר אויך, אַז עס איז לגמרי נישטאָ קיין גאָט, ווייל אַזוי קומט עס אויס „על פי וויסנשאַפט״ אָדער ווייל דער אַלמעכטיקער שכל איז מחייב די־דאָזיקע סברה.

קוקט מען זיך אָבער אַריין טיפער, געפינט מען, אַז אָט דער מין „וויסן״ איז דאָס רוב אַ ברעקל נישט געשטאַנען העכער פאַר יענעם „וויסן״, וואָס האָט געהערשט אין די פריער־דיקע „פינסטערע״ דורות. אויך זיי האָבן געוווּסט זיכער און אָן אַ ברעקל ספק, אַז עס זענען דאָ שדים, ווייל אייניקע האָבן זיי געזען מיט זייערע אייגענע אויגן און געטאַפּט מיט די אייגענע הענט; אַז יעדער מענטשלעכער גוף האָט אין זיך אַ נשמה, ווייל מען פלעגט זי אָפט באַגעגענען אַרומגייענדיק כף־הקלע; אַז אַ דבוק קאָן אַריין אין אַ מענטשן, ווייל מען האָט אָפט געזען, ווי מען האָט אים אַרויסגעטריבן; אַז די זון גייט און די ערד שטייט, ווייל „אַזוי איז דאָס״ און אין די הייליקע ספרים שטייט עס בפירוש געשריבן; אַז עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, ווייל גאָט אַליין האָט דאָס אַנטפּלעקט צו זיינע נביאים און ווייל דער מענטשלעכער שכל איז מחייב די סברה.

איך וויל דערמיט נישט זאָגן, אַז דער געדאַנק פון נאַטור־געזעצן איז אַ ברעקל נישט אמתער, איידער דער געדאַנק פון שדים און רוחות און אַז בכלל זענען די אמתן פון דער אויפ־קלערונגס־צייט געשטאַנען נישט העכער, איידער די געדאַנקען פון דעם מיטלאַלטערלעכן אַבערגלויבן. וואָס איך וויל זאָגן, איז נאָר, אַז די אויפגעקלערטע מאָסן האָבן אויפגענומען די נייע אמתן אויף דעמזעלביקן שטייגער, ווי די „פינסטערע״ דורות האָבן אויפגע־

נעמען די אַלטע: מיט אַ בלינדן צוטרוי צו דער גייסטיקער אויטאָריטעט פון די לערער. פריער זענען לערער געווען גלחים און רבנים, האָט מען זיי געגלויבט אויפן וואָרט. דערנאָך זענען די לערער געוואָרן די געלערנטע און דער דענקער, זענען זיי געוואָרן די בעלי־בתים אויף דעם מענטשנס געדאַנק.

נעמט צ. ב. דעם „וויסן", אַז די זון שטייט און די ערד דרייט זיך. וויפל מיליאָנען אויפגעקלערטע און האַלב אויפגעקלערטע מענטשן „וויסן" שוין דאָס איצטער, אָדער וויפל פון די מיליאָנען וועלן אייך קאָנען געבן אַן ענטפער, פאַרוואָס דער שכל מוז אָננעמען די סברה און פאַר וואָס דער אַלטער געדאַנק מוז זיין פאַלש! מען קאָן זיין זיכער, אַז נישט איין פּראָצענט פון די מיליאָנען (נישט איין פּראָצענט!) וועט נישט קאָנען קלאָר און גרינטלעך דערקלערן אייך די באַווייזן, וואָס די וויסנשאַפט האָט געבראַכט פאַר דער ריכטיקייט פון קאָפּערניקס טעאָריע. און די אייגענע זאַך איז כמעט מיט אַלע אַנדערע אמתן פון דער „אויפקלערונג". דער אויפגעקלערטער גלויבט בלינד אין דער אויטאָריטעט פון זיינע גייסטיקע פירער (דעם לערער אין שול, דעם צייטונגס־אַרטיקל, דעם אויפקלערונגס־ביכל), ווי די פריערדיקע דורות האָבן בלינד געגלויבט דער רעליגיעזער אויטאָריטעט.

און אין דער דערקלערונג פון די אומבאַקאַנטע דערשיינונגען באַרויִקט ער זיך אָפט ביי אַ פּאָר „אויפגעקלערטע" ווערטלעך: „ס'איז אַזאַ מין נאַטור־קראַפט", „ס'איז אַזאַ נאַטור־געזעץ", „ס'איז — עלעקטריע", אַקוראַט אַזוי, ווי די „פינסטערלינגע" פון אַמאָל פלעגן זיך באַרויִקן מיט די ווערטלעך: „ס'איז אַ דבוק", „אַ סיבה", „אַ גאָט־זאַך".

גייט מען איבער פון די אויפגעקלערטע מאַסן צו די אויפקלערער אַליין, וואָלט פאַרשטייט זיך געווען פאַלש צו זאָגן, אַז זיי האָבן אויפגענומען די אמתן אַקוראַט אַזוי בלינד, ווי די מאַסן. יעדע שריפט פון די גרויסע אויפקלערער, — פון אַ מענדלסאָן צ. ב. (און ער איז נישט גאָר דער וויכטיקסטער פון די אויפ־

קלערער) אָדער אַפֿילו פֿון אַ ביכנער אין די שפּעטערע צייטן, וואָס שטייט לויט זיין שכלדיקער קראַפֿט נאָך אַ סך נידעריקער, איידער אַ מענדלסאָן בשעתו, — וואָס פֿאַר אַ שריפֿט פֿון די גרויסע אויפֿקלערער איר זאָלט נישט נעמען אין די הענט, וועט איר געפֿינען, אַז זי איז פֿול מיט שכל, מיט זעלבשטענדיקע קאָמבינאַציעס, מיט פֿונקען פֿון אַן אָריגינעלן שאַפֿנדיקן גייסט. אָבער ווערט דערפֿון נישט שטאַרק נתפּעל. פֿאַרגלייכט זיי מיט די שריפֿטן פֿון די מיטלאַלטערלעכע פֿילאָזאָפֿן, אָדער פֿון די שפּעט-סכאָלאַסטיקער אינם פֿופֿצנטן און זעכצנטן יאָרהונדערט, און איר וועט ביי די לעצטערע אויך געפֿינען דאָסזעלביקע אָריגינעלע שפּיל פֿון דעם מענטשלעכן גייסט: קלוגע המצאות, און פּשטלעך, און פּלפּולים, און סברות, און השערות, — אַ וווּנדערבאַרע גימנאַסטיק פֿון דעם מענטשלעכן שכל: מיר ווערן דערביי פּשוט אַנטציקט פֿון די קונצן, וואָס ער קאָן אַרויסברענגען. און פֿאַנדעסטוועגן ווייסן מיר אַלע, אַז זייער שכל איז נישט געווען פֿריי, אַז אַלע זיינע קונצן האָט ער געקאָנט באַווייזן נאָר אין אַ באַגרענעצטן שטח. דער גייסט פֿון יענע דענקער איז מיטן נאָפּל צוגעוואַקסן צו די יסודות פֿון זייער צייט, און זיין גאַנצער אַרומשפּרינגען איז געווען נאָר אויף אַזוי פֿיל פֿריי, אויף וויפֿל דאָס האָט דערלאָזן די לענג פֿון דעם נאָפּל. קוים האָט אַזאַ דענקער, נאָך גאָר אין אָנהויב פֿון זיינע געדאַנקען, עס געמערקט, אַז זיין שכל גייט אין אַ וועג, וואָס מוז פֿירן צו ווייט, וואָס וועט מוזן אָפּרייסן דעם נאָפּל פֿון די יסודות — צ. ב., אַז עס זענען נישטאָ קיין שדים, אָדער עס איז נישטאָ קיין גאָט, — אַזוי פֿלעגט ער לכתחילה זיך אַ וואָרף טאָן צוריק פֿון יענעם וועג און אַ לאָז טאָן זיך אין די נאָענטע און קירצערע שטעגעלעך.

אָבער גראָד דיזעלבע מעשה איז אויך מיט דעם דענקען פֿון די אויפֿקלערער. אויך דער אויפֿקלערער איז געווען אַ דענקער מיט אַ צוגעוואַקסענעם נאָפּל. און קוים פֿלעגט ער באַמערקן, אַז די געדאַנקען זיינע „פֿאַראירן" זיך אין אַ וועג, וואָס קאָן ווערן געפֿערלעך פֿאַר די הייליקע יסודות פֿון דער אויפֿקלערונג, — די נאַטור-געזעצן און די אַלמאַכט פֿונם מענטשלעכן שכל, — אַזוי

פלעגט ער תיכּף אויסקירעווען דעם וואָגן צוריק, פּונקט ווי די דענקער פונעם מיטלאַלטער.

שכל און נאַטור-געזעצן! וועגן די יסודות טאָר נישט צוגעלאָזן ווערן קיין ברעקל ספק! — דאָס איז געווען דער פעסטסטער „אני מאמין" פון דער אויפקלערונג. און דעם בעסטן נאָמען פאַר דעם גאַנצן ענין פון אויפקלערונג האָט אַרויס געבראַכט די העברעאישע שפּראַך, וואָס האָט אָנגערופן די אויפקלערונג מיט דעם נאָמען „השכלה" (ראַציאָנאַליזם): אַ „באַשכלונג", אויב מען קאָן מאַכן אַזאַ וואָרט אין יידיש.

די התלהבות פאַר „באַשכלונג" איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז מענטשן האָבן באמת געגלויבט, אַז מיט זייער השכלה הויבט זיך אָן גאָר-גאָר אַ נייער פּעריאָד אין דער מענטשלעכער געשיכטע, וואָס איז ביז אַהער קיינמאָל נישט געווען און וואָס טיילט אָפּ די קעגנוואַרט פון דער פאַרגאַנגענהייט מיט אַן אומענדלעכן תהום.

וואָס האָט געהערשט אין דער פאַרגאַנגענהייט? — פינסטערניש, אַבערגלויבן און שקרים!

וואָס לויכט אין אונזער איצטיקער אויפגעקלערטער צייט? — די זון פונעם שכל, נאַטורוויסנשאַפט און אמת!

פאַרוואָס האָט די פינסטערניש געהערשט אין דער פאַרגאַנגענהייט? — ווייל מענטשן זענען געווען פראים און לייכטגלויביקע, — האָבן נישט געוואָלט פאָלגן די געבאָטן פונעם שכל און האָבן זיך אָפּגעקערט פון די געזעצן פון דער נאַטור.

פאַרוואָס הערשט איצטער די זון פון דער „אויפקלערונג"? — ווייל מיר זענען די קלוגע און די געלערנטע!!

אַזוי איז געווען דער גלויבן פון די אויפגעקלערטע נאָך אין די 60-קער יאָרן פון דעם פאָריקן יאָרהונדערט און אַזוי איז ער נאָך היינטיקן טאָג ביי די גרויסע מאַסן פון די אויפגעקלערטע.

אָבער אויך דער טיפערער געדאַנק פון דעם 19-טן יאָרהונדערט האָט זיך, אַ דאַנק אייניקע געניאַלע דענקער, דערגראָבן צו נייע יסודות, וואָס פּאַסן נישט גאָר אינגאַנצן צו דער פאַרשכּורטער התלהבות פון דעם שכל און די נאַטור-געזעצן.

וואָס מער מען האָט זיך גענומען אינטערעסירן מיט דעם שכל גופא, מיט יענער שטאָלצער אומבאַגרענעצטער מאַכט, אויף וועלכער מען האָט געבויט אַלע האָפענונגען, אַלץ מער האָט מען גענומען איינזען, אַז ער אַרבעט נישט ווי אַ רבונו־של־עולם, לויט זיין אַבסאָלוטן פרייען ווילן. נאָר אַז ער איז אויך, ווי יעדעס מיצעלע פון דער וועלט, אונטערגעוואָרפן אונטער געוויסע געזעצן.

קודם כל האָט ער זיין אייגענע טבע און אַ געוויסע צאָל גאַנץ באַגרענעצטע כחות, און דאָס וואָס ער ברענגט אַרויס, באַטראַכטנדיק די נאַטור, איז בשום אופן נישט אַ קלאָרע אָפּשפּיגלונג פון דעם, וואָס דאָרטן קומט פאָר, נאָר עפּעס אַזוינס, וואָס איז איבערגעאַנדערשט געוואָרן פון אים, לויט די געזעצן פון זיין אייגענער טבע. עס איז אַלץ איינס, לאָמיר זאָגן, ווי אַן אויסגעבויגענער שפּיגל. וואָס פאַר אַ פיגור עס זאָל זיך נישט אָפּשפּיגלען אין אים, מוז זי אויף אַ באַשטימטן אופן פאַרהויקערט ווערן, לויט די געזעצן פון יענע קרומע ליניעס, וואָס פון זיי באַשטייט דער שטח פונם שפּיגל. אַ חוץ דעם אַרבעט דער שכל תמיד אונטער געוויסע אומשטענדן און די אומשטענדן האָבן אַ שטאַרקע שליטה אויף דער אַרט פון יענע פּראָדוקטן, וועלכע ער ברענגט אַרויס.

אַפילו דער מאַטעריאַליסט, וואָס גלויבט נאָך מער פאַר אַלעמען אין דער מאַכט פון דעם שכל, גיט צו — און ווערט נאָך גראָב, ווען מען וויל אים דאָס נישט גלייבן — אַז דער שכל איז אַ פּראָדוקט אין ערשטער ליניע פון אונזער מ אַ ר ך. און וואָס פאַר אַ מאַרך, אַזאַ שכל. קוים איז דער מאַרך אַ ביסעלע אַנדערש געבויט, ווערט דער פּראָדוקט פונם מאַרך, דער שכל, זיין אַ גאַנץ אַנדערער. דאָס גראָבט אונטער אינגאַנצן דעם שטאָלצן גלויבן אין דער אַלמאַכט פון דעם מענטשנס שכל. מיט וואָס פאַר אַ רעכט קאָן איך מיר אַזוי גלויביק פאַרלאָזן אויף דאָס, וואָס ער איז מיך „מחייב זי" פון וואַנען ווייס איך, אַז ער איז געבויט אַקוראַט אַזוי, כדי אָפּצושפּיגלען ריכטיק דעם אמת פון דער נאַטור? טאָמער שפּיגלט ער אָפּ די זאַכן נישט בעסער,

איידער אַן אויסגעבויגענער אָדער אַן איינגעבויגענער שפּיגל? טאָמער איז ער לכתחלה געבויט אַזוי, אַז דער אמת פֿאַרוואַנדלט זיך ביי אים אין שקר? טאָמער זענען די מאַרכן ביי די מענטשן פֿאַרשיידן און קיינער קאָן נישט וויסן, וועמעס מאַרך איז מער מסוגל אויסצוגעפֿינען און אויפֿצונעמען דעם אמת?

געוויס, מען קאָן נישט לייקענען, אַז אין דער מאַטעמאַטיק און אין די נאַטורוויסנשאַפֿטן האָט דער מענטש אַרויסגעבראַכט איינציקע אמתן, מיט וועלכע יעדער מענטשלעכער שכל איז מסכים, ווי נאָר ער ווערט מיט זיי גרינטלעך באַקאַנט. אָבער ערשטנס איז דאָס נאָר אַ באַווייז, אַז ביי אַלע מענטשן איז פֿאַראַן אין די מוחות עפּעס געמיינזאַמעס, עפּעס בשותּפֿותדיקס, וואָס מאַכט אַז גראָד אין דער מאַטעמאַטיק און אין דער נאַטורוויסנשאַפֿט זאָלן אַלע מענטשן קאָנען אַרויסברענגען גלייכע אמתן. דאָס באַווייזט נאָך אָבער נישט, אַז זיי אַלע ברענגען אַרויס דעם ריכטיקן אמת. עס קאָן געמאָלט זיין, אַז דער מענטשלעכער שכל מוז, לויט זיין נאַטור נאָך, ביי אַלע מענטשן מאַכן דעמזעלביקן גלייכן טעות. אויב מיר זאָלן אָננעמען, אַז דער שכל איז באמת אַ מין אויסגעבויגענער שפּיגל, דעמאָלט קאָנען מיר פֿאַרשטיין, ווי אַזוי איין-און-דיזעלביקע נאַטור ווערט אין אַלעמענס מוחות אויפֿן גלייכן שטייגער פֿאַרהויקערט.

אָבער אָט די גלייכע אַרט פֿון פֿאַרהויקערן דעם נאַטור-אמת קאָן דאָך גיין נאָר אַזוי ווייט, אויף ווי ווייט עס גייט די דערפֿאַרונג פֿון דער נאַטור. ווי ווייט קאָן זי דען גיין? עס שטעלט זיך אַרויס: אַז פֿון דער אומענדלעכער נאַטור האָבן מיר נאָך גאָר-גאָר אַ קליין פּיצעלע באַאַרבעט. דרויסן פֿון דער וויסנשאַפֿטלעכער דערפֿאַרונג בלייבן נאָך נישט נאָר אומענדלעכקייטן פֿון פּאַסירונגען, וועלכע מיר האָבן נאָך נישט אונטערזוכט, נאָר עס איז אויך דאָ געבליבן טעמים אָנצונעמען, אַז אין יעדער פּאַסירונג פֿון דער נאַטור, אַפֿילו אין דער, וואָס מיר האָבן שוין „אינגאַנצן אויסגעפֿאָרשט" (ווי אין דעם פֿאַלן פֿון אַ שטיין), הערשן נאָך אַ סך קרעפֿטן, פֿון וועלכע מיר ווייסן נאָך גאָר נישט „מיט וואָס מען עסט זיי", ד. ה. מיט וועלכע מיטלען מען וואָלט זיי גע-

קאַנט אַריינגעמען אין אונזער שכל. אויף אַ פּולע פון זיי שטויסן מיר זיך אָן מיטן קאָפּ; מיר שפּירן, אַז עפּעס איז דאָרטן „נישט־גלאַטיק״, קאָנען אָבער נישט אַריינדרינגען אין זיי, ווייל די חושים פאַר זיי פעלן אונז. (ווי אונז פעלט, צ. ב., דער חוש פאַר דער מאַגנעטישער קראַפט, וואָס איז אויסגעגאָסן אומע־טום איבער דער גאַנצער ערד.)

און אויף אַזאַ אופן מוז דער שכל אַליין, ווי נאָר ער קומט צום שכל, ד. ה. צו זיך גופא, צוגעבען, אַז זיין מאַכט איז דוקא גאָר און גאָר אַ באַגרעניצטע; אַז ער איז אַרומגע־רינגלט פון אַלע זייטן מיט אַן אומענדלעכן ים פון סודות און אַז די סודות, אָדער אַ געוויסע צאָל פון זיי, מוזן פאַר אים בלייבן אויף אייביק פאַרדעקט. כּל זמן ער וועט שטיין אונטער דער שליטה פון זיין אייגענער טבע (אפשר פון דעם בוי פון זיין מאַרך), פון די באַדינגונגען, אונטער וועלכע ער מוז אַרבעטן, — וועט אַלעמאָל שטיין אַ וואַנט צווישן אים און דער נאַטור. סיידן ער זאָל אָנהויבן אַרבעטן גאָר אָן אויסערע באַדינגונגען, זיך איני־גאַנצן באַפרייען פון זיין מאַרך, זיינע חושים און זיין גוף; סיידן ער זאָל אינגאַנצן אַרויסשפּרינגען פון זיין טבע... אָבער דעמאָלט וועט ער דאָך שוין זיין „ריינע רוחניות״, אַ שטיק פון יענער וועלט, אין וועלכער מיר, אויפגעקלערטע, טאָרן נישט גלויבן. און אַפילו, אַז מיר זאָלן יאָ אָנהויבן גלויבן, וועט אונז דערפון נישט ווערן נישט אַ ברעקל וואַרעמער, ווייל די „יענע וועלט״ האַלט זיך צו גרויס ביי זיך און וויל נישט האָבן קיין מגע ומשא מיט אונזערער...

און אַ חוץ דעם איז אין דעם 19־טן יאָרהונדערט באַפעסט־טיקט געוואָרן נאָך אַ יסוד, וואָס שטימט אויך נישט גאַנץ האַר־מאָניש מיט דעם גרונט־טאָן פון דער אויפקלערונג. דאָס איז דער גרויסער, רעוואָלוציאָנערער געדאַנק פון אַנטוויקלונג, פון פּראָגרעס. נישט נאָר די נאַטור אַנטוויקלט זיך, שאַפט אָפּ אַלטע פאָרמען און ברענגט אַרויס נייע, וואָס וועלן ווידער אַמאָל אָפּגעשאַפט ווערן, אויך די גייסטיקע אַנטוויקלונג פון דער מענטש־הייט מוז פאָלגן דעמזעלביקן געזעץ. אויך דאָ ברענגט יעדער

דור אַרויס געוויסע געדאַנקען, ווייל ער מוז עס אַזוי טאָן, לויט די געזעצן פון דעם גייסטיקן שאַפן און לויט די באַדינגונגען, אין וועלכע דאָס גייסטיקע שאַפן האָט זיך געפונען. דער קומענדיקער דור מוז אַ געוויסן טייל פון די פריערדיקע געדאַנקען אַריינגעמען אין זיין אייגענער וועלט-אָנשויאונג און אַ געוויסן אַנדערן טייל אינגאַנצן מבטל זיין, און דער דור וואָס וועט קומען נאָך אים, וועט, לויט דיזעלביקע געזעצן פון דער אַנטוויקלונג, געצוווּנגען זיין זיך צו באַגיין מיט די „אמתן" פון זיינע טאַטעס אַקוראַט אַזוי, ווי די טאַטעס האָבן זיך באַגאַנגען מיט די אמתן פון זיינע זיידעס...

די קריטיק פון דעם מענטשלעכן שכל (די ניכטערע אָפּשאַצונג פון זיין טבע, זיין אָפּהענגיקייט פון די באַדינגונגען אין דעם מאַרך, זיינע קרעפטן און זיינע באַדערפענישן), די גרענעצן פון דער נאַטורוויסנשאַפטלעכער דערקענטעניש און דעם אַנטוויקלונגס-געזעץ, — אָט דאָס זענען די נייע יסודות, צו וועלכע דער גייסט פון 19-טן יאָרהונדערט האָט זיך דערגראָבן. ביסלעכווייז זענען זיי אויך אַריינגעדרונגען אין יענעם שטראָם „אויפקלערונג", וואָס האָט נישט אויפגעהערט צו טראָגן זיך פון דעם אַכצנטן יאָרהונדערט אָן, און האָבן זיך אויסגעמישט מיט די אַלטע יסודות, וואָס באַשטייען אין דער פאַרגעטערונג פונם שכל און אין דעם כּורעים-פאַלן פאַר די נאַטור-געזעצן.

מערקווירדיק איז דערביי, ווי ווייניק אויפגעקלערטע מענטשן פאַרשטייען, וואָס פאַר אַ רעוואָלוציע אָט די דאָזיקע נייע יסודות ברענגען אַריין אין דער אַלטער אויפקלערונג. ביי אַ מענטשן, וואָס האָט זיך באמת טיף אַריינגעטראַכט און אַריינגעפילט אין די נייע יסודות, מוז זיך קודם כּל איבערבייטן די שטעלונג צו די אַלטע „שקרים", „באָבע-מעשית" און „אַבערגלויבנס" פון די פריערדיקע „פינסטערע" דורות. ער מוז זיך זאָגן: אויב מיינע קינדער וועלן זיך באַגיין מיט מיינע אמתן, ווי איך מיט די אמתן פון מיינע טאַטעס, וועלן זיי גאַנץ באַשטימט באַטראַכטן זיי ווי „שקרים", „באָבע-מעשיות" און „אַבערגלויבנס" און אויף מיר, דעם אַרויסברענגער פון די אַלע ליכ-

טיקע אמתן, וועט ער, דער נייער דור, קוקן ווי אויף אַ פינסטערלינג און אַ פּרא-אדם. און זיינע קינדער וועלן זיך אויף דעמזעלביקן שטייגער באַגיין מיט זיינע „אמתן" און אַזוי עד סוף כל הדורות.

טראַכט מען דורך דעם געדאַנק ביזן סוף, דעמאָלט קומט אויס, אַז די גאַנצע מענטשהייט איז אַלעמאָל באַשטאַנען און וועט אַלעמאָל באַשטיין פון פינסטערלינגע און פּראים, און אַלץ, וואָס זי האָט אַרויסגעבראַכט ביז אַהער און וועט נאָך אַרויסברענגען אין דער צוקונפט איז געווען און וועט זיין נישט מער ווי „שקרים", „באָבע-מעשיות" און „אַבערגלויבנס". און פונדעסטוועגן האָט די מענטשהייט, — אַזוי בינו לבינו, — באַשאַפן אַ רייכע ק ו ל ט ו ר, מיט וויסנשאַפטן, פילאָזאָפיעס, רעליגיעס. פאַרשיידענע אַרטן פון קונסט, פאַרשיידענע פאָרמען פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, — אַ גרויסע, רייכע, שכלדיקע וועלט, וואָס איז גאָר ערגעץ אויף דער וועלט נישט געווען, ביז דער מענטש האָט זי באַשאַפן, — אַ גרויסע, רייכע, שכלדיקע וועלט, וואָס האַלט אין איין וואַקסן, אין איין פאַנאַנדערצווייגן זיך... אַמער לאָמיר דעם ענין אַ דריי טאָן צוריק. אָנשטאָט צו גלויבן, אַז די גאַנצע מענטשהייט שאַפט תמיד נאַרישע שקרים, לאָמיר אָננעמען, אַז זי באַשאַפט שטענדיק ליכטיקע אמתן, נאָר יעדער דור שאַפט יענע אמתן, וואָס טויגן נאָר פאַר אים... און מיין זיידע, מיט זיינע אמתן, איז אַקוראַט אַזאַ מיוחס ווי איך מיט מיינע, און איך בין נישט ווייניקער מיוחס, איידער מיינע ווייטסטע אור-אור-אייניקלעך, ווי „פאַרעלטערט" עס זאָל נישט זיין מיין אמת אין זייערע אויגן. *)

דאָס פירט אָבער צו אַ גאַנץ אַנדער בליק אויף דעם מ ה ו ת פ ו ן ד ע ם מ ע נ ט ש ל ע כ ן א מ ת. ביז אַהער האָט מען געמיינט, אַז דער אמת באַשטייט אין דעם, וואָס ער שפּיגלט אָפּ ריכטיק די זאַך, ווי זי איז דרויסן פון אונזער שכל. און

*) פאַרגלייך וועגן דעם ענין מיין לעקציע: „דער בלאָער טויגל" אין באַנד I פון מיינע שריפטן.

אזוי ווי עס קאָן נאָר זיין איין ריכטיקע אָפּשפּיגלונג, איז מוז ממילא זיין נאָר איין אמת, און אַלץ וואָס שטימט נישט מיט אים איז אַ טעות אָדער אַ שקר. און אַזוי ווי איך בין זיכער, אַז מיין אמת איז געוויס דער אמתער, איין־איינציקער אמת, איז ממילא זענען אַלע, וואָס דענקען אַנדערש איידער איך, אָדער פּראָים, אָדער אומוויסנדיקע, אָדער מנוולים. איצט מוזן מיר אָבער אויסטייטשן דאָס וואָרט „אמת" גאָר אויף אַן אַנדער אופן. „אמת" איז דאָס, וואָס אַ מענטש מוז דענקען, לויט דער טבע פון זיין שכל און לויט די באַדינגונגען, וואָס באַשטימען די אַרבעט פון זיין מאַרך.

איך זאָג בפירוש: וואָס ער מוז דענקען, ווייל נישט אַלץ, וואָס אַ מענטש דענקט און אין וואָס ער גלויבט, איז אַ „מוז" פאַר זיין נשמה און פאַר די באַדינגונגען, אין וועלכע זי געפינט זיך. דער מוח קאָן זיין אָנגעפילט מיט געדאַנקען, וואָס זענען אַריבערגענומען געוואָרן פון דער סביבה און וואָס פּאַסן זייער ווייניק צו דעם אייגענעם „איך". דער מענטש ווערט סוף־כל־סוף אומצופרידן מיט זיי און ער הויבט אָן „זוכן דעם אמת". דאָס זוכן פונם אמת איז אָבער נישט קיין אַנדער זאַך, ווי דאָס זוכן פון יענעם „מוז", וואָס זאָל אינגאַנצן באַפרידיקן די טבע פון דעם אייגענעם „איך", וואָס לעבט אונטער באַשטימטע באַדינגונגען. זוכן דעם אמת הייסט אין לעצטער ליניע זוכן דעם אייגענעם „איך".

און היות עס זענען דאָ פאַרשיידענע מענטשן מיט פאַרשיידענע „איכס", מיט פאַרשיידענע שכלס, וואָס אַרבעטן אונטער פאַרשיידענע באַדינגונגען, מוזן ממילא זיין פאַרשיידענע אמתן, וואָס זענען אָבער גלייך באַרעכטיקט. די אמתן פון אונזערע טאַטעס און זיידעס זענען דעריבער געווען אמתע, „איין־איינציקע" אמתן דערפאַר, ווייל זיי האָבן אויסגעדריקט דאָס, וואָס אונזערע טאַטעס האָבן געמוזט דענקען, לויט די באַדינגונגען, וועלכע האָבן באַשטימט די אַרבעט פון זייער שכל. און אויף דעמזעלביקן סמך זענען אונזערע אמתן

אַבסאָלוט-ריכטיקע אמתן פ אַ ר א ו נ ז, און די אמתן פון אונזערע קינדער וועלן זיין אַבסאָלוט-ריכטיקע אמתן פאַר זיי.

אַ גאַנצע נייע וויסנשאַפט, די ד ע ר ק ע נ ט ע נ י ש - ט ע אָ ר י ע, האָט אויסצופאָרשן — און באַשעפטיקט זיך דערמיט זייער געשמאַק — אונטער וועלכע באַדינגונגען מענטשן מוזן דענקען גלייך, — ווי צ. ב. אין דער מאַטעמאַטיק און אַ געוויסן טייל פון דער נאַטורוויסנשאַפט, און ווו עס מוז על פי נויטווענדי-קייט אויפהערן די גלייכהייט פון די מענטשלעכע געדאַנקען.

זי, אָט דידאָזיקע וויסנשאַפט, דאַרף איצטער — נאָך מיין מיינונג נאָך — ווערן דער פונדאַמענט פון דער נייער אויפקלע-רונג, ווי די נאַטורוויסנשאַפט איז געווען דער פונדאַמענט פון דער אַלטער. נישט אַזוי אין דער מיטטיילונג פון די נייע אמתן דאַרף באַשטיין די הויפּט-אויפגאַבע פון דער אויפקלערונג, — דערמיט דאַרף זיך באַשעפטיקן די פאָלקס-ב י ל ד ו נ ג, — ווי אין דער באַפרייאונג פון דער מענטשלעכער נשמה, אין דער אַנטוויקלונג פון דעם גייסט פון זעלבשטענדיקייט און קריטיק, זי זאָל אַ ל י י ן קאָנען זוכן איר אייגענעם „איך״, איר אייגענעם „מוז״, וואָס וועט פאַר א י ר זיין דער לעצטער אַבסאָלוטער אמת.

רייך און טיף זענען די רעזולטאַטן פון דער מאָדערנער דערקענ-טעניש-טעאָריע. גאַנץ נייע גאַרבן פון ליכט וואַרפן זיי כמעט אויף אַלע פּראָבלעמען פון דעם מענטשלעכן לעבן, דער עיקר אויף די נאַציאָנאַלע, סאָציאַלע און רעליגיעז-פילאָזאָפישע. אָבער רעדן וועגן זיי הייסט שוין איבערגיין צו דער אַרבעט פון דער נייער „אויפקלערונג״, וואָס קאָן נישט פאַרלאַנגט ווערן פון אונז אין די גרענעצן פון אונזער היינטיקן אַרטיקל.

אויף איין זאַך ווילן מיר נאָך, צום שלוס, אָנווייזן. די דערקענטעניש-טעאָריע, וואָס מאַכט אונז בעסער באַקאַנט מיט דער טבע און די פאָדערונגען פון דעם מענטשנס שכל, איידער דאָס קאָן טאָן „די פיזיאָלאָגיע פון דעם מענטשלעכן מאַרך״, לערנט אונז, אַז נישט נאָר אין דעם זוכן דעם אמת באַשטייט די עובדא פון דעם מענטשלעכן שכל, נאָר אויך אין דער ליבע צו שיינקייט, דער פאָדערונג פון יושר און דער בענקשאַפט נאָך

אומענדלעכקייט און הייליקייט. באַשרייבנדיק קלאָר די גרענעצן פון דער נאַטורוויסנשאַפטלעכער דערקענטעניש, רייניקט זי אָפּ פאַר דעם מענטשן אַ פרייעם פלאַץ הינטער יענע גרענעצן, אַן אומענדלעכן פלאַץ, וווּ די עטישע, עסטעטישע און רעליגיעזע אידעאַלן פון דעם מענטשנס נשמה קאָנען אויסלעבן זייערע יאָרן, פון קיינעם נישט געשטערט... *)

---

*) וועגן דעם ענין פון „אמת", פאַרגלייך אויך דעם פריִקן אַרטיקל „די מעשׂה פון אמת".

# פרידריך ניטשע און זיין פילאָזאָפישער אַנטוויקלונג.*)

## I

## דער שאָפּענהאַוער-וואַגנער-קולט.

פרידריך ווילהעלם ניטשע, — דער פּאָפּולערסטער דיכטערישער דענקער פון דער לעצטער צייט, — איז געבאָרן געוואָרן אין אַ קליינעם דייטשישן שטעטל אין דעם יאָר 1844.

פון דעם פאָטערס צד שטאַמט ער אָפּ פון דעם פּוילישן פּריצישן שטאַנד. זיינער אַן עלטער-זיידע, מיט דעם נאָמען נ י ע ט צ ק י, האָט געמוזט פאַרלאָזן דאָס פאָטערלאַנד, פּוילן, ווייל ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם קאַטוילישן גלויבן און איז צוגעשטאַנען צו דעם פּראָטעסטאַנטיזם. אין דעם פּראָטעסטאַנטישן דייטשלאַנד האָט ער געפונען רו פון זיינע פאַנאַטישע פאַרפאָלגער.

זיינע קינדער האָבן זיך שנעל אַסימילירט מיט דעם דייטשישן בירגער-שטאַנד און דער דייטשישער קולטור און זיך איינגעבן צונויפגעגאָסן מיט זיי. אָבער די טראַדיציעס וועגן דעם אַלטן פּוילישן אַריסטאָקראַט, וואָס האָט געקעמפט און געליטן פאַר זיינע איבערצייגונגען, האָבן געלעבט אין דער גייסטיקער אַטמאָספער

---

*) 1920

פון זייערע היימען, און האָבן געשפּילט נישט קיין קליינע ראָלע אין די פאַנטאַזיעס פון דעם יונגן ניטשע.

ער איז געווען שטאָלץ אויף זיין אָפּשטאַמונג פון אַ מאַן, וואָס האָט העלדיש געקעמפט פאַר זיין אמת, און פון אַ פאַמיליע, וואָס האָט הייליק געהאַלטן די ליבע צו אמת. „די ניטשעס ליִגן נישט", איז געווען אַן אָפּט-ציטירט ווערטל אין זיין היים, — אַזויצוזאָגן אַ פאַמיליען-דעוויז.

ער איז אויך געווען שטאָלץ מיט דעם, וואָס אין זיינע אָדערן פליסט אַ שטראָם פון פּויליש-אַריסטאָקראַטישן בלוט. ער האָט זיך געגרויסט מיט יענער פּוילישער שליאַכטאַ, וואָס האָט נישט געבויגן איר קאָפּ פאַר דעם קעניג, האָט נישט דערלאָזן, פּוילן זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ דעספּאָטישער מדינה, און האָט געהאַלטן אַזוי הויך די פאָן פון דעם פרייעם איינצלנעם פּאָלאַק דאָס רעכט פון דעם שלאַכטשיץ אויף זיין „ניע פּאָזוואַלאַם" („איך בין נישט מסכים"), מיט וועלכן יעדער איינער האָט געקאָנט אָפּשטעלן די באַשלוסן פון דער גרעסטער מאַיאָריטעט און דורכזעצן דעם אייגענעם אינדיווידועלן ווילן, האָט שטאַרק אימפּאָנירט דעם יונגנמאַן, וואָס האָט ווייניק געטראַכט וועגן יענער סאָציאַלער און רעכטלעכער שקלאַפעריי פון די פּוילישע פאָלקס-מאַסן, אויף וועלכער עס איז געווען אויפגעבויט דער אַריסטאָקראַטישער פאַן-אַרכיזם פון דער פריזער פּוילישער שלאַכטע.

דער גרונט-שטריך פון אַריסטאָקראַטישן אַנאַרכיזם, וועלכן מיר באַמערקן אין ניטשעס שפּעטערע, אויסגעצייטיקטער וועלט-אַנשויאונג, איז גאַנץ זיכער אויסגעוואַקסן אין אים, אויב נישט פון זיין פּוילישן בלוט, איז פון יענע פּוילישע טראַדיציעס, מיט וועלכע זיין יונגער גייסט האָט זיך באַשעפטיקט. אין ניטשעס שפּעטערדיקן אידעאַל פון דעם „איבער-מענטשן", וועלכן ער האָט אַזוי באַגייסטערט געפּרעדיקט אין דעם לעצטן פּעריאָד פון זיין שאַפן, איז שווער נישט צו באַמערקן אייניקע שטריכן פון דעם פּוילישן „פּאַן": די „ריטערלעכקייט", שטאַרקע ליידנשאַפטלעכקייט, געשטייגערטער קוראַזש, און די אויסערגעוויינלעכע באַטאָנונג פון דער אייגענער פּערזענלעכקייט, איר פּראָטעסט זיך

אונטערצוואַרפן אונטער אַ וועלכער עס איז פרעמדער אויטאָ־ריטעט.

פון דער מוטערס זייט איז ניטשע אַ דייטש. פון דעם ר אַ ס ן־ש ט אַ נ ד פ ו נ ק ט, — דעם שטאַנדפונקט פון „בלוט" און פאַראַרבלעכקייט, וועלכן ניטשע האָט שפּעטער געהאַלטן אַזוי הויך, — מוז מען זאָגן, אַז זיין בלוט איז אַ דייטשיש בלוט, אין וועלכן די פּאָר טראָפּנס פּויליש בלוט האָבן געקאָנט בטל ווערן בששים, אָבער זענען פּאָרט נישט בטל געוואָרן, נאָר אדרבה האָבן געווירקט, ווי אַן אויפברויזנדיקער פערמענט.

עכט „דייטש" איז אין ניטשע זיין ערנסטקייט, די לוסט צו פאַרטיפן זיך אין די אַבסטראַקטסטע פּראָבלעמען פון דעם פי־לאָזאָפישן געדאַנק, די מערקווירדיקע גייסטיקע אַרבעטס־פעאיקייט און דאָס דייטשישע פ ל י כ ט ־ ג ע פ י ל, — אַ פליכט־געפיל, וועלכעס ער, דער שטורעמער אַנטקעגן יעדער מ אָ ר אַ ל, האָט סוף־כל־סוף פּראָקלאַמירט אויף אַ נייעם, ריין־אינדיווידואַליסטישן יסוד.

עס איז נאָך געוויס זייער ריזיקאַליש צו דערקלערן איי־נעמס כאַראַקטער און גייסטיקע אַנטוויקלונג דורך דאָס שפּיל פון פאַראַרבלעכקייט, דורך דעם געמיש פון „בלוט", פון ראַסן־אייגנ־שאַפטן, אַריבערגענומען פון עלטערן און אור־עלטערן. אָבער גראָד ביי ניטשען האָבן מיר אַ פאַל, ווו אַזאַ דערקלערונג דרינגט זיך איינעם אַרויף.

שוין אין זיין קינדהייט באַמערקן זיך כאַראַקטער־שטריכן, וואָס טראָגן אויף זיך אַ קלאָרן פּוילישן אָדער אַ קלאָרן דייטשישן שטעמפּל דאָס ליידנשאַפטלעכע, אויפברויזנדיקע, לעבנס־לוסטיקע און פאַר עקשנט־אינדיווידואַליסטישע פון איין זייט און — דער היפך דער פון — די טרייקייט צו די אויף זיך גענומענע פליכטן פון דער אַנדערער.

אין דער גרויסער ניטשע־ביאָגראַפיע, געשריבן פון זיין שוועסטער, ווערט מיטגעטיילט אַזאַ כאַראַקטעריסטישער עפּיזאָד פון זיינע ערשטע שול־יאָרן.

אויף דעם וועג אַהיים פון דער שול, פּלאַצט אַרויס אַ שלאַקס־רעגן. אַלע קינדערלעך לאָזן זיך אין אַ געלויף צו היים

אָבער נישט דער קליינער ניטשע. רואיק און געלאַסן גייט ער זיך זיין וועג, מיט אָפּגעמאָסטענע טריט, פּונקט ווי דאָס איז געוועזן פאָרגעשריבן אין דעם רעגלאַמענט פון זיין שול, אין דער באַשטימונג „ווי אַזוי מען דאַרף גיין אַהיים.״

עס ווייזט אויס, אַז שוין אין דער גאָר־פריער יוגנט האָט ער אַנטדעקט דעם תענוג צו באַווייזן די מאַכט פון דעם אייגע־נעם ווילן איבער זיך אַליין, — די מאַכט פון דעם העלד, וואָס שרעקט זיך נישט פאַר קיינע יסורים. אין דעם קאָנוויקט, ווו ער האָט פאַרבראַכט זיינע גימנאַזיאַל־יאָרן, האָבן זיינע חברים זיך אַמאָל פאַנאַנדערגערעדט וועגן דעם אַלט־רוימישן העלד, מוציוס סצעוואָלאַ, וואָס האָט אין דעם פיינטלעכן לאַגער אַרויפגע־לייגט רואיק זיין האַנט אויף אַ פאַן ברענענדיקע קוילן, כדי צו באַווייזן דעם שונא, וואָס אַזוינס די רוימער זענען, אַנטקעגן וועמען ער פירט דעם קריג. ניטשע ווערט פון אָט דער העל־דישקייט נישט נתפּעל. ער נעמט שוועבעלעך, ברענט אָפּ עטלעכע קעפּלעך און צינדט זיי אָן אויף דער פלאַך פון זיין האַנט, עס האָט געדויערט אַ צייט, ביז די ווונד איז פאַרהיילט געוואָרן.

דאָס גאַנצע וויסנשאַפטלעכע און ליטעראַרישע שאַפן ני־טשעס, — און זיין שאַפן איז געוועזן זיין לעבן, — שטעלט אונז פאָר אַ בילד פון אַן אויפגעשטורעמטן ים, אין וועלכן עס ראַנגלען זיך, — אָפטמאָל מיט אַ מאָרדיקער קראַפט, — די פאַרשיידנסטע און זיך ווידערשפּרעכנדיקסטע עלעמענטן. אָבער די אַלע, אין זיך קעמפנדיקע עלעמענטן גרופּירן זיך אַרום דעם גרונט־אַנטאַגאָניזם, וואָס האָט געהערשט סיי אין ניטשעס נשמה, סיי אין זיין שאַפן: דעם אַנטאַגאָניזם פון דעם נישט איינצו־צוימענדיקן אינדיווידואַליזם, זיין זעלבסטווילן און זיין נישט איינ־צושטילנדיקן דאָרשט צו אַ רייכן אַריבערשוימענדיקן לעבן, זיין נישט איינצוהאַלטנדיקע לעבנס־לוסט פון איין זייט, און דעם פליכט־געפיל און פליכט־געדאַנק, וואָס דאַרף דעם „איך״ האַלטן אין צוים, פון דער אַנדערער.

אויב מען זאָל פון אַ ראַסן־פּסיכאָלאָגישן שטאַנדפּונקט זוכן

אַן איינפּאַכע פאָרמול, וואָס זאָל אַרומנעמען און אויסדריקן דעם תוך פון ניטשעס לעבן און שאַפן, וואָלטן מיר פאָרגעשלאָגן צו באַטראַכטן ניטשען, ווי אַ קינד, וואָס איז געבאָרן געוואָרן פון אַ מערקווירדיקן שדוך צווישן קאַנטס „קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו" און דער פּוילישער „מאַזורקאַ".

אָט דער טראַגישער אַנטאַגאָניזם פון ברויזנדיקער לעבנס-לוסט און דער שאַרף-אָנגעצויגענער צוים — צווישן דער „מאַזורקאַ" און דעם מאָראַלישן פליכט-געפיל, און דאָס שטרעבן אויסצואייִנען זיי אין איין האַרמאָנישער וועלטאָנשויאונג, טרעטן אָבער ערשט אַרויס אין זייער גאַנצער קלאָרקייט ביי דעם דערוואַקסענעם, אויסגעצייטיקטן, זעלבשטענדיקן שריפט-שטעלער. זיינע יונגע יאָרן טראָגן גראָד אַ מער אידיליש ן, איידער טראַגישן כאַראַקטער.

אין דער אמתן איז זעלטן אָנצוטרעפן אַזאַ שיינע, געשיצטע, גייסטיק-רייכע און אין עצם רואיקע קינדהייט און יוגנט, ווי די, וואָס איז אויסגעפאַלן אויף ניטשעס גורל.

נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס איבער דער פאַמיליען-אַט-מאָספער פון די ניטשעס האָט אַלץ נאָך, האַלב פאַרבלאַסט, אַרומגעשוועבט דער גייסט פון דעם אַלטן ניעצקי, — דעם קעמפער אַנטקעגן זיין פוילישער סביבה, דעם זוכער פון נייע רעליגיעזע אמתן, — האָט זי, — די פאַמיליע, מיין איך, — גראָד געהערט צו די לאָיאַלסטע און קאָנסערוואַטיווסטע פאַמיליעס פון דעם דייטשישן בירגערטום.

צווישן די ניטשעס זענען געווען אַ סך פרומע פאַסטאָרן. אויך זיין פרי-פאַרשטאָרבענער פאָטער איז געווען אַ פאַסטאָר, אַ פרומער רעליגיעזער אידעאַליסט, אַ סענטימענטאַל-איבערגעגעבענער צו דעם הערשנדיקן קעניגלעכן הויז. זיין פאַסטאָרן-שטעלע האָט ער געהאַט צו פאַרדאַנקען דער פערזענלעכער פּראָטעקציע פון דעם קעניג פרידריך ווילהעלם, נאָך וועמען ער האָט אַ נאָמען געגעבן זיין בכור, אונזער ניטשען.

די, וואָס זענען פון דער רוסישער ליטעראַטור באַקאַנט מיט דעם ווילדן לעבן פון דעם רוסישן פּאָפּנטום, מיט זיין

קולטורעלן חושך, מיט זיינע האַלב־היהשע זיטן, אומגעלומפּערטע אַבערגלויבנס און פּאַבלהאַפּטער שכרות, קאָנען נשתּומם ווערן פון יענעם רייכן, פאַרגייסטיקטן קולטורעלן לעבן, וואָס האָט געהערשט אין אַ געבילדעטער דייטשישער פּאַסטאָרן־פאַמיליע בכלל, אין ניטשעס פאַמיליע בפרט.

אין די שטילע צימערן פון ניטשעס הויז האָבן געלעבט אַלע מוזעס פון דעם העכערן מענטשלעכן שאַפן: די פאַמיליע האָט געהאַט אַ פאַרשטענדעניש און ליבע צו דער שיינער נאַטור, צו פּאָעזיע, קונסט, טעאַטער, וויסנשאַפט, רעליגיע, מוזיק,— דער עיקר: מוזיק! —, דעם פּאָליטישן לעבן און די היסטאָרישע פּאַסירונגען פון דער צייט. דיזעלביקע הויכע קולטור און דער־זעלביקער אויפגעוועקטער אינטערעס צו די העכערע גיטער פון דער מענטשהייט האָבן אויך געהערשט ביי ניטשעס קרובים און אין די באַפריינדעטע הייזער, מיט וועמעס קינדער ניטשע איז אינאיינעם אויסגעוואַקסן.

אַן אַלטער, גוט־אָפּגעהיטער דעמבן־וואַלד, מיט קילנדיקע שאָטנס אונטער די פאַנאַנדערגעוואַקסענע צווייגן, מיט אַ סך זון אויף די סאַמעט־גרינע לאָנען צווישן די בוימער, — און די בוימער גופא — גלייכע, שטאָלצע, זיכערע, מיט די שטאַרקסטע וואָרצלען אין דער טיף פון דער ערד, — אַזאַ איינדרוק מאַכט די דייטשישע קולטור, אין וועלכער עס האָט זיך דערצויגן יענער יונגער פייער־גייסט, וואָס האָט זיך שפּעטער אַוועקגעשטעלט פאַר זיין לעבנס־אויפגאַבע — אונטערצוצינדן דעם גאַנצן וואַלד און אויסצוואָרצלען אַלע זיינע טויזנטיעריקע בוימער.

פון אָט דעם רעוואָלוציאָנערן שטורעם־גייסט באַמערקט זיך נאָך זייער ווייניק אויך אין ניטשעס סטודענטישע יאָרן. אין די אוניווערזיטעטן, אין וועלכע ער האָט שטודירט, פירט ניטשע אַן אויסערגעוויינלעך־רואיקן, — איך וואָלט שיר געזאָגט: פּי־ליסטרעז־מיושבן לעבן. ער אַרבעט אַ סך, לייענט פיל, פאַרלאָזט נישט די אויסבילדונג פון זיין קערפּער, שרייבט זיינע יינגלשע זאַכן (דערינערונגען און פּאָעזיע), מוזיצירט ליידנשאַפטלעך און קאָמפּאָנירט אַליין קליינע מוזיקאַלישע שטיק, — אַ טאַלענט,

ווען ער האָט שוין אַרויסגעוויזן אין זיין גאָר־פריער קינדהייט.

אין דעם אייגנטלעכן פאַך זיינעם, — די קלאַסישע פילאָלאָגיע, — שטייגט ער אַריבער אַלע זיינע חברים דורך אויסערגעוויינלעכע בקיאות און חריפות. אָבער קיין גאון איז ער אין אים נישט. קיין נייע וועגן פאַר זיין ספּעציעלער וויסנשאַפט ברעכט ער נישט דורך. ער שניידט זיך אויף אַ זייער טאַלענטפולן, דייטש־גרינטלעכן געלערנטן מיט דער אויסזיכט צו זיין אַ דערפאָלגרייכער גימנאַזיאַל־לערער אין לאַטיין און גריכיש, אפשר אַ פּריוואַט־דאָצענט און דערנאָך אַ פּראָפעסאָר אין אַן אוניווערזיטעט.

אין איין פּרט אָבער שטייגט ער אַריבער יענע גאַנצע גייסטיקע אַטמאָספער, וואָס האָט געהערשט צו זיין צייט אין דער פילאָלאָגישער וויסנשאַפטלעכער וועלט.

די קלאַסישע פילאָלאָגיע האָט צו איר צוועק נישט נאָר אויסצושטודירן אַלע שפּראַך־פאָרמען און שפּראַך־געזעצן פון לאַטיין און גריכיש, נאָר אויך די גאַנצע אומגעהייער־רייכע ליטעראַטור, וואָס איז אין דער אַלטער וועלט באַשאַפן געוואָרן אין יענע שפּראַכן. יענע ליטעראַטור אָבער איז דער גאַנצער אוצר פון דער מענטשלעכער קולטור, וועלכן גריכנלאַנד און רוים האָבן איבערגעלאָזן, און וועלכן די גאַנצע מאָדערנע מענטשהייט האָט איבערגענומען בירושה, ווי אַ יסוד פאַר איר ווייטערדיקער פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג. פילאָזאָפיע, פּאָעזיע, געשיכטס־שרייבונג און אַלגעמיינע וויסנשאַפטן, — דאָס זענען די פיר זיילן פון דער קלאַסישער ליטעראַטור. אויף די פיר וויכטיקסטע פעלדער פון דער קולטור האָט די אַלטע קלאַסישע וועלט אַרויסגעבראַכט זשעניען און ווערק, וואָס פיל פון זיי זענען נאָך נישט אַריבערגעוואַקסן געוואָרן ביז אויף דעם היינטיקן טאָג, — זשעניען און ווערק, צו וועמעס שטים מיר מוזן זיך צוהערן עד היום, און אין וועמעס געדאַנקענוועלט עס וועלן זיך מוזן אַריינטראַכטן און אַריינלעבן נאָך אַ סך און אַ סך פון די קומענדיקע דורות.

אין דעם יונגן ניטשעס צייטן האָט אָבער די פילאָלאָגישע וויסנשאַפט פאַרלאָרן די גרויסע געזיכטס־פּונקטן. זי איז זיך פאַר־לאָפן אין דעם וואַלד פון ספּעציעלער איינצל־פאָרשונגען און האָט איבער די בוימער נישט געזען דעם וואַלד. אויסגעפינען דעם ריכטיקן טעקסט פון דער אָדער יענער טונקעלער שטעל ביי דעם אָדער יענעם אַלטן מחבר, דורך פאַרגלייכן די פאַרשיידנסטע מאַנוסקריפּטן, וואָס האָבן זיך דערהאַלטן ביז איצטער; פאָרשלאָגן אַ גליקלעכע סברה, ווי אַזוי דער טעקסט דאַרף געלייענט ווערן; אויפווייזן, ווער עס האָט געווירקט אויף וועמען, ווער פון וועמען האָט גענאַשט אין דעם משך פון דער ליטעראַרישער אַנטוויקלונג; אויסגראָבן נייעם מאַטעריאַל פאַר דער לעבנס־באַשרייבונג און דער שריפטשטעלערישער טעטיקייט פון דעם אָדער יענעם אַלטן מחבר, — אַזעלכע און ענלעכע, געוויס זייער וויכטיקע, אויפגאַבן פון דער פאָרשונג זענען געשטאַנען אויף דעם סדר היום.

אָבער די הערשנדיקע וויסנשאַפט האָט דערביי כמעט אינ־גאַנצן אָנגעוואָרן דעם חוש פון דעם לעבעדיקן לעבן, אַזוי, אַז אירע פאָרשונגען האָבן נישט געהאַט קיין ברעקל שייכות נישט נאָר נישט צו די אייביקע פראָבלעמען פון דער מענטשלעכער נשמה און צו די ברענענדיקע פראַגן פון דעם היסטאָרישן היינט, נאָר אַפילו נישט צו די קולטורעלע פראָבלעמען פון יענער צייט, אין וועלכער די „טעקסטן״ זענען באַשאַפן געוואָרן.

די קלאַסישע פילאָלאָגיע האָט שוין לאַנג געשמט מיט איר אָפּגעריסנקייט פון דעם לעבן און די לעבעדיקע שטרעמונגען פון דעם מאָדערנעם געדאַנק. ווי באַקאַנט, איז דאָס אויך געווען דער אומשטאַנד, וואָס האָט אָפּגעשטויסן דעם רוסישן ראַדיקאַל פון די 60־ער יאָרן, פּיסאַרעוו, פון זיין וויסנשאַפטלעכער פי־לאָלאָגישער קאַריערע.

אויף דעם סטודענט ניטשע, וואָס איז, ווי עס ווייזט אויס, נאָך געווען גאַנץ ווייט פון אַ וועלכן עס איז ראַדיקאַליזם, האָט געשלאָגן צו דער גאַל דער ריין־אַרכעאָלאָגישער כאַראַקטער פון די ספּעציעלע פאָרשונגען, מיט וועלכע די פילאָלאָגיע האָט זיך

אָפּגעגעבן. ער איז, אמת, געווען אַריינגעטאָן אין זיי מיט דער התמדה פון אַן עכטן געלערנטן. אָבער זיין אינטערעס דערביי האָט זיך נישט באַנוגנט מיט די אויסגעפּאָרשטע טעקסטן. אין די טעקסטן האָבן אים קודם כּל אינטערעסירט די מענטשלעכע געדאַנקען, וואָס ווערן אַרויסגעזאָגט, די לעבנס־עלעמענטן וואָס ווערן באַהאַנדלט אין זיי, די מענטשלעכע נשמות, וואָס שטייען הינטער זיי.

פֿאַר אים, דעם פּאָעט און מוזיקער פון נאַטור, ד. ה., אַ מענטשן מיט אַ רייכן, פֿיל־פֿאַרצווייגטן געפילס־לעבן, האָבן די פֿאַרשיידענע טעאָרעטישע און וויסנשאַפטלעכע פראַגן נישט געקאָנט פֿאַרבלייבן אַ קאַלטע, גלייכגילטיקע שכל־זאַך.

אומבאַוווסטערהייט פֿאַר אים גופא פֿלעגט יעדע „קאָפּ“־פראַגע זיך אַראָפּלאָזן פון דעם מוח אינם האַרץ אַריין און דאָרטן אַרויסרופן דעם אָדער יענעם אָפּקלאַנג אין געפיל.

אויף אַזאַ אופן האָט אין זיינע ריין־וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען גענומען שלאָגן דער דופק פון דעם לעבן גופא, און זיי האָבן גאַנץ זיכער גענומען אַריינטראָגן אַ לעבעדיקן שטראָם אין דער דעמאָלטיקער וויסנשאַפט. גיט מען נאָך צו, אַז זיינע יונגע אַרבעטן האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט קלאָרן שכל, שאַרפער לאָגיק, געלונגענע השערות און אַ שיינעם לעבעדיקן סטיל, ווערט אונז קלאָר, פאַרוואָס זיי האָבן באַלד צוגעצויגן צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דער געלערנטער וועלט בכלל און פון זיינע לערער אין דעם אוניווערזיטעט בפרט. מען האָט געוויס מיט רעכט געלייגט פיל האָפענונגען אויף אים, ווי אויף אַ געלערנטן, וואָס קאָן ווערן אַ נייער עמוד האש אין זיין אייגנטלעכן וויסנשאַפטלעכן פאַך.

זיין עפנטלעכע אָנערקענונג אין דעם פרט האָט נישט לאַנג געלאָזט וואַרטן אויף זיך. אין דעם יאָר 1869, ווען ניטשע איז קוים אַלט געווען 25 יאָר, איז אין באַזעל געוואָרן וואַקאַנט די שטעל פון אַ פּראָפעסאָר פאַר קלאַסישער פילאָלאָגיע. און ווען די באַזעלער רעגירונג האָט זיך געווענדעט צו ניטשעס לערער מיט דער בקשה, ער זאָל אָנווייזן, ווער פון זיינע יונגע תּלמידים איז

ראוי צו פאַרנעמען אַזאַ חשובע שטעל, האָט יענער גלייך רעקאָ־
מענדירט דעם סטודענט ניטשע, וואָס האָט נאָך אַפילו נישט געהאַט גע־
האַלטן זיין עקזאַמען אויף דאָקטאָר.

פון אַן אויסעראָרדנטלעכן פּראָפעסאָר אין 1869 איז ער
אין אַ יאָר אַרום דערהויבן געוואָרן צו דער מדרגה פון אַן
אָרדנטלעכן פּראָפעסאָר און אויף דער שטעלע איז ער פאַר־
בליבן ביז צו דעם יאָר 1879, ווען זיין אויגן־ליידן, פאַרבונדן
מיט העפטיקע קאָפּ־שמערצן, מיט וועלכע ער האָט זיך תמיד גע־
פּלאָגט, האָבן זיך אַזוי פאַרשאַרפט, אַז ער האָט געמוזט אויפגעבן
זיין טעטיקייט, ווי אַ לערער, און זיך אינגאַנצן אָפּגעבן דער
שריפטשטעלעריי.

אָבער די האָפענונגען, וואָס מען האָט געלייגט אויף אים,
ווי אויף אַ נייעם לייכטנדיקן שטערן אין דער פילאָלאָגישער וויסנ־
שאַפט, זענען נישט מקוים געוואָרן. די ריין־פילאָלאָגישע פּראָב־
לעמען פלעגן זיך אונטער זיין האַנט פאַרוואַנדלען אין לעבנס־
פּראָבלעמען, אין די אייביקע פראַגן וועגן דעם ווערט און
דעם זין פון דער מענטשלעכער קולטור און דעם מענטשלעכן
לעבן בכלל. די פילאָלאָגיע איז נאָר געווען דער פּרוזדור, וואָס
האָט געפירט צו פילאָזאָפיע. און עס איז גאַנץ נאַטירלעך,
אַז ניטשע האָט זיך סוף־כל־סוף געמוזט אינגאַנצן אַריבערקלייבן
פון דעם פּרוזדור אין דעם טרקלין אַריין. די פילאָזאָפיע איז
דעריבער געוואָרן דאָס הויפּט־פעלד פון זיין טעטיקייט, און ער
האָט זיך איבערגעגעבן איר מיט דער גאַנצער גלות פון זיין
נשמה.

„מיט דער גאַנצער גלות פון זיין נשמה״ איז אין ניטשעס
פאַל נישט קיין שטיק מליצה, נאָר די באַשרייבונג פון אַ ווירק־
לעכן צושטאַנד.

שוין אויבן איז באַמערקט געוואָרן, אַז ביי ניטשען זענען
די געדאַנקען תמיד געווען פאַרבונדן מיט געוויסע געפילן, ער
האָט זיי נישט געטראַכט, נאָר אויך געלעבט, געליטן מיט זיי
אין טיפן צער און געיובלט מיט זיי אין אַן עקסטאַטישער פרייד.
און זיינע געפילן זענען תמיד געווען טיפע און שטאַרקע. די

מוזיק פון זיין הארצן איז געווען א וואגנעריש ע, מיט ווייַ־ביק האלב־און־פערטל־טענער, נאר תמיד מיט פולע, הויך און ברייט ארויסקלינגנדיקע אקארדן.

עס איז ביי אים שפעטער געווארן א כלל פאר יעדן ערנסטן דענקען, אז אלע פראבלעמען מוזן איבערגעזעצט ווערן אין גע־פיל און דארטן געשטייגערט ווערן ביז צו א ליידנשאפט.

נישט אין זיין אויסערלעכן לעבן האבן זיך אפגעשפילט די שטורעמס פון זיינע ליידנשאפטלעכע געדאנקען. זיין אויסע־רער לעבן ווייזט אונז א בילד פון מערקווירדיקער שטילקייט און איינטאניקייט. פון 1879 ביז צו זיין גייסטעס־קראנקהייט אין 1889, וואס האט פלוצלונג איבערגעריסן זיין שאפן, האט ניטשע גע־לעבט אדער אויפן ברעג מיטללענדישן ים, אדער אין די שווייַ־צער־בערג, קעמפנדיק מיט זיינע קאפ־שמערצן און שלאפלאזיקייט און אויסנוצנדיק יעדע ארבעטס־פעאיקע שעה פאר דער אויסאר־בעטונג פון זיינע ווערק.

די שטורעמס פון זיין ליידנשאפטלעכן געמיט האבן זיך אויסגעלעבט אין זיין דענקען, אין זיין ראנגלען זיך מיט זיך אליין און מיט דער גאנצער וועלט פאר יענעם אמת, צו וועלכן זיין קריטישער שכל האט זיך דערטראכט אין יעדן געגעבענעם מאמענט.

ער, וואס האט זיך שפעטער גרויס געהאלטן מיט זיין אטעאיזם איז, אין גרונט גענומען, געווען א רעליגיעזע נא־טור, א נביאימשע רעפארמאטארישע נאטור, מיט דעם „פייער וואס ברענט אין די ביינער", אויף וועלכן דער נביא ירמיהו האט זיך געקלאגט, ווי אויף זיין אומגליק.

ער, וואס האט אין די שפעטערע יארן, אונטער דעם איינ־פלוס פון דער פוילישער „מאזורקא" אין זיין בלוט, הילכיק גע־לאכט פון יעדער „הייליקייט" און יעדער „מאראל" און גערופן צו דעם פריילעכסטן לעבנס־טאנץ, געהייסן „אויסטאנצן" נישט נאר די פרייד, נאר אויך די יסורים פון דעם לעבן, — איז, אין גרונט גענומען, געווען א טיף־מאראלישע נאטור, וואס פאר איר האט די ליידנשאפט צו דעם אמת איבערגעהילכט

אַלע אַנדערע ליידנשאַפטן; ביי וועמען דער עקסטאַז פון זוכן דעם אמת האָט איינגעשלונגען אַלע כּוחות פון דער נשמה. „די ניטשעס לייגן נישט״, — אָט דער דעוויז פון זיין קינדהייט און יוגנט איז געווען זיין אייגענער „קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו״, וואָס האָט געהאַלטן אין צוים די מאַזורקאַ, — אַן אינצווייניקסטער אומבאַדינגטער באַפעל, אַ זעלבסטהערשערישע פליכט, וועלכער ער איז אַלעמאָל געבליבן טריי אין אַלע וואַנדלונגען און רעוואָלוציעס פון זיין תּמיד אויפגעשטורעמטן גייסט.

אַ גאַנץ נייע אַרט פון אַ פילאָזאָפישן דענקער! פּונקט דער היפּך פון דעם פילאָזאָפישן אידעאַל, וואָס איז דערגרייכט געוואָרן אין דער געדאַנקען־אַרבעט פון אַ שפּינאָזאַ!

פאַר שפּינאָזאַן האָט פילאָזאָפיש דענקען געהייסן: „נישט לאַכן, נישט וויינען, נאָר פאַרשטיין.״ פאַר ניטשען איז דענקען בפירוש געווען אַ לאַכן און אַ וויינען, — אַ זיך צאַפּלען אין די אַנגסטן און די תּאוות, וואָס דאָס זוכן פון דעם אמת ברענגט מיט זיך, — אין די אַנגסטן און די תּענוגים, וואָס דער אָנבליק פון דעם געפונענעם אמת גיט אונז.

דער אינטערעס צו ריין־פילאָזאָפישע פּראָבלעמען, וואָס האָט לסוף אָפּגעשטופּט זיין וויסנשאַפטלעכע טעטיקייט אינגאַנצן אָן אַ זייט, איז ביי ניטשען וואַך געוואָרן נאָך אין די יונגע סטודענטן־יאָרן, אַ דאַנק אַ צופעליקער באַקאַנטשאַפט מיט אַ בוך, וואָס האָט אַרויפגעלייגט אַ מעכטיקן שטעמפּל אויף זיין גאַנצער פילאָזאָפישער אַנטוויקלונג.

איינמאָל איז ער אַריין צו אַ בוקיניסט און האָט צופעליק גענומען אין די הענט אַ בוך פון אַ דעמאָלט נאָך גאַנץ אומבאַקאַנטן פילאָזאָפישן שריפטשטעלער, וואָס האָט אים פאַראינטערעסירט סיי מיט דעם קלאַנג פון זיין נאָמען, סיי מיט דעם טיטל פון דעם ווערק. דער נאָמען פון דעם מחבר איז געווען אַרטור שאָפּענהאַוער און דאָס בוך האָט זיך גערופן: „די וועלט אַלס ווילע אונד פאָרשטעלונג.״

שאָפּענהאַוערס הויפּט־ווערק, וואָס איז איצטער איינס פון די קלאַסישע ווערק אין דער מאָדערנער פילאָזאָפיע, איז ווי באַ־

קאַנט, דערשינען נאָך אין דעם יאָר 1818, און האָט זיך פאַר־שפּרייט נאָר אין אַ זייער קליינער צאָל עקזעמפּלאַרן. דער נאָמען פון דעם מחבר איז באַלד אַזוי גרונטלעך פאַרגעסן געוואָרן, אַז דער פאַרלעגער האָט שוין געטראַכט צו פאַרקויפן די גאַנצע אויפלאַגע אין אַ פּאַפּיר־פאַבריק.

ערשט אין דעם אָנהויב פון די 60־ער יאָרן איז שאָפּענ־האַוער אויפגעשטאַנען תּחית המתים און אין די שפּיצן פון דער אינטעליגענציע האָט מען זיך גענומען ערנסט אינטערעסירן מיט זיין ווערק און מיט זיין פילאָזאָפיע, וואָס איז צו דעם סוף פון דעם יאָרצענט שוין געוואָרן די מאָדע־פילאָזאָפיע פון דער גאַנצער געבילדעטער געזעלשאַפט.

משמעות, אַז אין דער צייט, ווען זיין בוך איז אַריינגע־פאַלן אין ניטשעס הענט, האָבן די וואַלן פון זיין וואַקסנדיקן רום זיך נאָך נישט דערקייקלט צו די ערנסטע סטודענטן־קרייזן. דער נאָמען „שאָפּענהאַוער" איז פאַר ניטשען געווען אַ ליידיקער קלאַנג, און ער האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה, צי ער זאָל אויסגעבן זיין געלט אויף אַזאַ בוך. אָבער ער האָט פאָרט גע־קויפט, און האָט קיינמאָל קיין חרטה נישט געהאַט אויף אָט דער צופעליקער קניה.

מען קאָן זיך לייכט משער זיין, וואָס פאַר אַ געוואַלטיקן רושם דאָס בוך האָט געדאַרפט מאַכן אויף אַזאַ ענטוזיאַסטישן אמת־זוכער, ווי ניטשע.

דער גלענצנדיקער סטיל, די אומגעהייערע טיף און אין דערזעלביקער צייט קלאָרקייט פון דעם געדאַנק, די איבערראַשנ־דיקע נייע רעזולטאַטן, צו וועלכע דער דענקער קומט, סיי אין די ספּעציעלע פראַגן פון דער פילאָזאָפישער פאָרשונג, סיי אין דעם סך הכל פון זיין וועלטאָנשויאונג, און דערצו די אומ־מיטלבאַרע נאָענטקייט צו דעם מענטשלעכן לעבן און זיינע אייגענע פּראָבלעמען, דער ליכט־שיין, וואָס דרינגט אַריין הינטער דעם פאָרהאַנג פון דעם קלאָרן באַוווסטזיין און באַלייכט די באַ־האַלטענע טרייב־פעדער פון די מענטשלעכע מעשים, די צונויפ־

געגאַנגענקייט פון געדאַנק און געפיל, — דאָס אַלץ האָט געמוזט ווירקן באַצויבערנדיק אויף דעם יונגן גייסט.

ניטשע האָט נישט „געלייענט״ דאָס בוך: ער האָט, לויט זיין טבע, דורכגעלעבט, דורכגעפילט, און ווי אַ פּאָעט, זיך אַריינ־געלעבט און אַריינגעפילט אין שאָפּענהאַוערן און איז געוואָרן איי־נער פון זיינע באַגייסטערטע אָנהענגער.

געוויס האָט ער נישט געקאָנט אין אַלע פונקטן מסכים זיין מיט שאָפּענהאַוערס פעסימיזם. ניטשע האָט קיינמאָל נישט באַלאַנגט צו יענע ענטוזיאַסטישע „חסידים״ פון אַ וועלכן עס איז „רבין״, וואָס נעמען אויף דעם רבינס תורה מיט אַלע אירע תרי״ג קליינינקייטן און ווערן נתפעל פון יעדן קוצו של יוד. און דערנאָך, אַז זיי כאַפּן דעם רבין ביי אַ גרייז אין אַ קוצו של יוד, צעברעכן זיי איינגאַנצן זייער אָפּגאָט מיט דעמזעלבן בלינדן פאַנאַטיזם, מיט וועלכן זיי האָבן זיך פריער געבוקט פאַר אים.

ער האָט נאָר אַריבערגענומען די טעאָרעטישע יסודות פון דעם נייעם געדאַנק, און איז תיכף געקומען צו זיינע איי־גענע רעזולטאַטן, וואָס האָבן, אויב מען מעג זיך אַזוי אויסדריקן מיט איין פוס שוין אַריבערגעשפּרייזט דעם גרענעץ פון שאָפּענ־האַוערס פילאָזאָפיע.

דער „סוף דבר״ פון שאפענהאַוערס שיטה איז דער פינס־טערסטער פעסימיזם. עס איז נישטאָ קיין ערגערע וועלט, איידער די, אין וועלכער מיר לעבן. נוח לו לאדם שלא נברא משנברא. בעסער נישט געבאָרן ווערן, איידער געבאָרן ווערן. און ווען מען איז שוין געבאָרן געוואָרן, איז בעסער פרייוויליק אַוועקגיין פון דער וועלט, איידער שלעפּן אויף זיך די משא פון אַ וויסטער נאַרישער עקזיסטענץ.

די וועלט, — האָט געלערנט שאָפּענהאַוער, — איז נישט קיין פּראָדוקט פון אַ קלוגשאַפענעם, אַל־גוטן און אַל־גערעכטן גאָט. אַזאַ גאָט איז נישטאָ. ער איז אַן אויסטראַכטעכץ פון דעם יידישן פאָלק, וואָס איז להוט נאָכן לעבן און זוכט דעריבער איינצורעדן זיך און אַנדערע, אַז עס קאָן זיין אַ וועלכער עס

אין שכלדיקער זין אין דעם גאַנצן באַשאַף און ממילא אויך אין דעם מענטשלעכן לעבן.

אין איר תוך איז די וועלט נישט קיין אַנדער זאַך, ווי בלינדער ווילן צו עקזיסטענץ. און דאָס איז אויך אין איר תוך די מענטשלעכע נשמה, וואָס איז נישט פאַרשיידן פון דעם מענטש־לעכן גוף. אָט דער בלינדער ווילן איז אַן איין־איינציקער איבער דער גאַנצער וועלט. ער און די וועלט איז איין און דיזעלביקע זאַך. אין יעדער איינצל־זאַך פון דער וועלט ווירקט ער אויף דעמזעלביקן בלינדן אופן: ער שטרעבט אין זיי צו עקזיסטענץ אָן א פאַרוואָס, אָן אַ צוליב־וואָס.

שוין פון אָט דער גרונט־אייגנשאַפט פון דער וועלט — צו זיין אַ בלינדער ווילן צו אַן עקזיסטענץ, וואָס האָט קיין ברעקל זין נישט — שטאַמען אַלע אירע צרות און יסורים, מיט וועלכע זי איז פול. ס'איז אַן אייביקער הונגער, אַן אייביקע אומצופרידנקייט מיט זיך אַליין, איבערגעריסן נאָר מיט איינצל־נע מאָמענטן פון אַ צייטווייליקער זעטיקונג, וואָס זענען פאַר־בונדן מיט הרף־עינס פון הנאה. קוים אָבער האַלט אָן די הנאה אַביסל אַ לענגערע צייט, אַזוי וועפּט זי זיך באַלד אויס, און אויף איר שטעל טרעט אַריין שפּלקייט און חלשות. עס הויבט אָן ווידער געניצן די ליידיקייט און וויסטקייט פון דעם גאַנצן זיין, און נייע זינלאָזע באַדערפענישן און ליידנשאַפטן הויבן אָן פּלאָגן די נשמה.

דער שאָפּענהאַוערשער וועלט־סך־הכל איז דעריבער אַזאַ: ס'איז אַן אומענדלעכער ליידיקער וויסטער חלל, וואָס שטרעבט תמיד זיך אָנצופילן. כל זמן ער איז נישט אָנגעפילט, ליידט ער פון נישט אויסהאַלטנדיקן שמאַרץ און פּיין. ווערט ער אויף אַ ווייל פאַרשטאָפּט מיט „עקזיסטענץ", שטעלט זיך אין אים באַלד איין די נישט אויסצוהאַלטנדיקע חלשות און שפּלקייט.

העכסט רעוואָלוציאָנער אין זיין צייט איז געווען שאָפּענ־האַוערס בליק אויף דעם מהות פון דעם מענטשלעכן שכל, אויף דאָס שאַפן אין די אַזוי אָנגערופענע העכערע פעלדער פון דער מענטשלעכער קולטור: אין רעליגיע, פילאָזאָפיע, מאָראַל און קונסט.

די גאַנצע פילאָזאָפיע פון זיין צייט האָט גראָד אין יענע שאַ־פונגען געזען די אַנטפּלעקונג פון דעם געטלעכן תּוך, וואָס הערשט אין דער וועלט, זיין געשטייגערטע און אָפּגעקלערטע תּכלית השלימות.

אַזוי, צ. ב., האָט פיכטע געלערנט, אַז דער געטלעכער תּוך פון דער וועלט איז די קלוגע גערעכטיקייט, די מאָראַלישע אָרדנונג און ממילא איז די עטיק, די מאָראַל, — די העכסטע אַנטפּלעקונג פון דעם געטלעכן מהות. קונסט, רעליגיע און די טע־אָרעטישע געדאַנקענוועלט זענען נאָר שטופן, וואָס פירן צו דעם העכסטן שטאַפּל פון פולקאָמענהייט, צו דער אויפגעקלערטער מאָראַל. זיין תּלמיד שעלינג האָט איבערגעביטן דעם סדר. פאַר אים איז די העכסטע שטופע פון דער אַלוועלטלעכער אַנטוויקלונג געווען נישט די מאָראַל, נאָר די קונסט, די באַשאַפערישע שיינקייט, ווייל דער געטלעכער מהות פון דער וועלט (די „סובסטאַנץ") איז אין זיין תּוך, אַן עסטעטישער, אַ שטרעבן צו שיינקייט. שעלינגס תּלמיד, דער גרויסער העגעל, האָט ווידער אַרויסגעבראַכט אַ גאַנץ אַנדער סדר: די סובסטאַנץ פון דער וועלט, די גאָטהייט, וואָס לעבט און וועבט אין איר, איז נישט קיין עטישער ווילן, נישט קיין עסטעטיש געפיל, נאָר אַ לאָגיש דענקען, אַ גייסט, און ממילא איז די העכסטע געט־לעכע אַנטפּלעקונג: די פילאָזאָפיע, און די העכסטע שטופע פון דער פילאָזאָפיע איז זיין אייגענע, העגעלשע געדאַנקען־סיסטעם, אין וועלכער די גאָטהייט האָט זיך אַנטפּלעקט אין איר אַבסאָלוטער פולקאָמענהייט.

דער צד השוה צווישן די דריי גרעסטע מעטאַפיזיקער פון דעם ניינצנטן יאָרהונדערט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבן געזען אין דער וועלט אַ פּראָדוקט פון אַן אינעווייניקסטן געטלעכן שאַפן, וואָס איז דורך־און־דורך אָנגעזאַפּט מיט גערעכ־טיקייט, שיינקייט און שכל, וואָס איז אין זיין אינעווייניקסטן מהות אָדער גערעכטיקייט אָדער שיינקייט, אָדער שכל, אָדער אַלע דריי מעלות אינאיינעם.

שאָפּענהאַוער האָט נישט געקאָנט אויסשטיין אַזעלכע רייד.

„שאַרלאַטאַנעס“, „שווינדלער“ און אַנדערע אַזעלכע נעמען האָט ער געשליידערט אין פּנים אַריין די פילאָזאָפן. דערהויפּט האָט ער נישט געקאָנט אַריבערטראָגן העגעלן און זיין „וועלט־שכל.“

פאַר שאָפּענהאַוערן זענען די אַזויגערופענע העכסטע פעלדער פון דער מענטשלעכער קולטור געווען נישט די העכסטע אַנטפלעקונגען פון דער גאָטהייט, — ער האָט לגמרי געלייקנט, אַז עס איז דאָ אַ וועלכער עס איז פאַרנינפטיק־געטלעכער פּרינציפּ אין דער וועלט, — נישט די פולקאָמסטע פאַנאַנדערבליאונג פון דעם געטלעכן מהות. פאַר אים זענען זיי געווען, אַדרבה, אַ שטרעבן פון דעם אומזיניקן וועלט־ווילן אין דעם מענטשן **פּטור צו ווערן פון זיך אַליין** און דער אייגענער עקזיסטענץ, אַ **שטרעבן אויסגעלייזט צו ווערן פון זיך אַליין** און יענע יסורים, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דעם ווילן צו דעם זיין.

דער **שכל**, וואָס האָט אין דעם מענטשן דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון זיין אַנטוויקלונג, איז לכתחלה אַרויסגעבראַכט געוואָרן פון דעם וועלט־ווילן נישט צוליב שכלען זיך און דערקענען זיך גופא, נאָר נישט מער ווי אַ **געצייג** אין דעם קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ, ווי אַ דינער, וואָס פירט אויס די באַפעלן פון דעם בלינדן ווילן. אָט צו דעם צוועק האָט דער ווילן אויסגעבויט דורך דעם שכל אַ גאַנצע וועלט פון **פאָרשטעלונגען**, פון אילוזיעס און דמיונות: אַן אומענדלעך־אויסגעשפּרייטן וועלט־חלל, מיט אַן אומענדלעכער צייט, מיט אַ מאַטעריע, וואָס פילט זי אָן, מיט איינצל־דערשיינונגען, וואָס ווירקן איינע אויף די אַנדערע, מיט אורזאַכן און ווירקונגען, מיט צילן און מיטלען. די גאַנצע וועלט, וואָס מיר זעען, האָט די **פאָרשטעלונג** אויסגעוועבט און אַרויפגעוואָרפן ווי אַ שלייער אויף דעם **תּוך** פון דער וועלט, וואָס איז אַ ריינער גאָרנישט, אַ חוץ דעם בלינדן ווילן צו זיין. ערשט שפּעטער האָט דער שכל, וואָס זוכט אומעטום אורזאַכן און צילן, גענומען טראַכטן וועגן זיך אַליין און אים איז נמאס געוואָרן זיין אייגענער שאַפן. שוין אין דער אַלטער אינדישער פילאָזאָפיע און אין דעם יידישן „קהלת“ האָט דער

מענטשלעכער שכל דערקענט זיין אייגענע נישטיקייט און די ניש־טיקייט פון דער גאַנצער וועלט.

אָט דעם אמת פון דעם פילאָזאָפישן געדאַנק האָט נאָך פריער מיטן געפיל דערשפירט די רעליגיע, — דער עיקר אין איר העכסטער געשטאַלט, — ווען זי ברענגט אַרויס דעם גע־דאַנק פון „בטול היש" און פון „היילקייט", ד. ה. ווען זי דער־הויבט זיך צו דעם אידעאַל פון אונטערדריקן דעם אייגע־נעם ווילן און זיך אויסלייזן פון אים.

אויך די מאָראַל קאָן, נאָך שאָפּענהאַוערס מיינונג, דער־קלערט ווערן נישט אַנדערש, ווי נאָר פון דעמזעלביקן פילאָזאָ־פישן שטאַנדפּונקט. די מאָראַל איז אויפגעבויט אויף דעם געפיל פון רחמנות, פון מיטלייד מיט דעם אַנדערן. ווען מיר זעען דעם אַנדערנסליידן, דערמאָנען מיר זיך אָן אונזער אייגע־נעם לעבן, וואָס איז אין תּוך אַריין נישט קיין אַנדער זאַך, ווי ליידן. מיר ווילן העלפן גרינגער מאַכן די ליידן, ווייל מיר אַליין ווילן אויסגעלייזט ווערן פון זיי. אָבער די אמתע גאולה און ישועה ברענגט די מאָראַל אַרויס ערשט דעמאָלט, ווען זי לערנט דעם מענטשן גובר זיין אין זיך גופא דעם ווילן צום לעבן דורך אַסקעטיזם.

באַזונדערס אינטערעסאַנט זענען שאָפּענהאַוערס געדאַנקען וועגן דער קונסט און איר באַדייטונג פאַר דאָס מענטשלעכע לעבן און דעם וועלט־געשעען בכלל. אויך אין זיי זעט ער אַ טאָפּלטן פּראָצעס: פריער אַ פאַרקערפּערונג פון דעם ווילן צום זיין, און דערנאָך — אויף די העכערע שטופן פון זייער אַנטוויקלונג — די אומגעקערטע טענדענץ: דאָס שטרעבן צו אַנטלויפן פון דעם זיין, לפּחות, צו אַנטלויפן פון דעם אייגענעם „איך" אין אַ וועלט פון שיינע פאָרמען, אידייען, פאַרבן און קלאַנגען, וואָס שלינגען איין דעם „איך", און ברענגען אַביסל באַרויִקונג פאַר דעם תּמיד ברענענדיקן „הלעיטני" פון דעם וועלט־ווילן אין אונז.

דערהויפּט האָט שאָפּענהאַוער אַרויסגעוויזן אַ מערקווירדיקע פּסיכאָלאָגישע טיפקייט אין זיין פילאָזאָפיע פון דער מו־זיק. די מוזיק הויבט ער אויף צו אַ מדרגה, אויף וועלכער זי

איז ביז צו אים נישט געשטאַנען ביי קיין פילאָזאָף. זי איז פאַר אים די שפּראַך פון דעם ווילן צום לעבן, אַן אוממיטלבאַרער אויסדרוק פון דעם וועלטלעכן תּוך און איז דערזעלביקער צייט גיט אונז די מוזיק — אין אירע העכסטע פאָרמען — די איינשלעפערונג און פאַרוויגונג פון דעם לעבנס־ווילן, די באַרואיקונג פאַר זיין פיין און שמערץ.

די שאָפּענהאַוערשע פילאָזאָפיע איז, ווי מען זעט, אַ מעסיאַנישע. אין איר צענטער שטייט דער געדאַנק פון באַפרייאונג און אויסלייזונג, פון אַ „משיח", אָבער דאָ גייט עס נישט אין באַפרייען און אויסלייזן אַ באַשטימטן פאָלק פון גלות, ווי אין דער אַלטער יידישער רעליגיע; נישט אין באַפרייען און אויסלייזן די נשמה פון אירע זינד, ווי אין קריסטנטום. שאָפּענהאַוער רעדט וועגן באַפרייען און אויסלייזן די גאַנצע וועלט, ווי דאָס טוט די חסידות. אָבער בעת אין דער חסידות (וואָס האָט בכלל אַ סך באַרירונגס־פּונקטן מיט דער שאָפּענהאַוערשער פילאָזאָפיע) רעדט זיך וועגן אויסלייזן די וועלט פון די טומאהנעצן און די קליפּות, אין וועלכע זי איז אַריינגעפאַלן, פאַרשטייט שאָפּענהאַוער דעם ענין פון דער וועלט־גאולה און דער וועלט־ישועה נאָר אין דעם זין פון באַפרייען דעם וועלט־ווילן פון זיין אייגענער עקזיסטענץ און דורך דעם גופא מאַכן אַ סוף צו יענער טראַגי־קאָמעדיע, וואָס רופט זיך „וועלט".

אָט דאָס איז אין די גרונט־שטריכן געווען דער אינהאַלט פון דעם בוך, וואָס איז צופעליק אַריינגעפאַלן אין ניטשעס הענט, גראָד צו אַ צייט, ווען זיין געמיט איז נאָך געווען אַזוי יונג און צאַרט, אַזוי פול מיט פּאָעזיע און מוזיק, און זיין אייגענע געדאַנקען־קראַפט האָט נאָר וואָס גענומען שפּירן, אַז אירע פליגלען האַלטן אין איין וואַקסן.

מען דאַרף נישט זוכן אין ניטשעס לעבנס־שיקזאַלן אַ וועלכע עס איז דערקלערונג, פאַרוואָס זיין נשמה האָט זיך געלאָזט אַריינפאַנגען אין די נעצן פון אַזאַ פילאָזאָפיע פון יאוש און וועלט־פאַרלייקענונג. זיין לעבן, ווי מיר האָבן שוין באַמערקט, איז בעוועַן אין דער יוגנט מער אידיליש, איידער טראַגיש, — אויב

מען זאָל נישט רעכענען די רעאומאַטישע קאָפּ־שמערצן, פון וועלכע ער האָט אָפט געליטן, און יענעם אינעווייניקסטן נשמה־טרויער, וואָס יעדער יונגערמאַן לעבט דורך, בפרט אַזאַ פּאָעטישער און מוזיקאַלישער און נאָך דערצו אַזאַ ענטוזיאַסטישער יונגער־מאַן ווי ניטשע, וועמעס פאַנטאַזיע איז צו אָפט באַפליגלט גע־וואָרן מיט שטרעבונגען צו ראָמאַנטישער העלדישקייט.

אין דעם געדאַנקענגאַנג, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אים, ליגט גענוג אייגענער צויבער און מאַגנעטיזם, וואָס דער־קלערט זיין פאַרשיכּורנדיקע ווירקונג אויף יעדן געמיט, וועלכער לעבט זיך אין אים ערנסט אַריין. עס איז דער וועלט־צער, וואָס רעדט פון אים אַזוי באַרעדעוודיק, מיט אַזוי פיל ערנסטע קענ־טעניש פון וועלט און לעבן, מיט אַזוי פיל דערהויבנקייט איבער דעם טאָג־טעגלעכן שמייען און האַווען פון דעם המון, מיט אַזוי פיל גיפטיקע קריטיק פון אַלץ, וואָס איינער האָט ביז אַהער געהאַלטן פאַר אמת און הייליק, מיט אַזאַ הויך־געשטעלטן ציל פאַר די באַשטרעבונגען פון דעם איינצלנעם: אויסלייזן די גאַנצע וועלט פון אירע זינלאָזע ליידן! נעמען אַ פּערזענלעכן אָנטייל אין יענעם פּראָצעס פון דער וועלטלעכער אַנטוויקלונג, אין וועל־כער דער מענטש ווערט דורך זיין העכערער קולטור דער גואל און מושיע פון דער גאַנצער וועלט!

דערצו דאַרף מען נאָך צוגעבן די ווירקונג אויף ניטשען פון ריכאַרד וואַגנערן, מיט וועמען ער איז פּערזענלעך באַ־קאַנט געוואָרן כּמעט אין דערזעלביקער צייט, און וועמעס מו־זיק ער האָט נאָך אַ סך פריער זיך אויסגעלערנט צו שעצן און צו ליבן.

ריכאַרד וואַגנער איז אויך געווען אַ שאָפּענהאַוערישאַנער. און אויב זיין רבי האָט געלערנט, אַז „די מוזיק בכלל איז אַ מעלאָדיע, צו וועלכער די וועלט איז דער טעקסט", האָט וואַג־נער אויף זיין אייגענער מוזיק געקוקט ווי אויף אַ מעלאָדיע, וואָס איר טעקסט איז די שאָפּענהאַוערשע וועלט־דערקלערונג צו אָט דער מוזיקאַליש־פילאָזאָפישער מיסיע האָט וואַגנער באַ־וווסטזיניק געשטרעבט אין זיינע קאָלאָסאַלע שאַפונגען אַזוי, אַז

די נעמען שאָפּענהאַוער און וואַגנער זענען ווי צונויפגעגאָסן געוואָרן אין איין קלאַנג און באַגריף פאַר אַלעמען, וואָס האָבן זיך צוגעהערט צו דער נייער שטרעמונג אין דער מוזיק און אין דער פילאָזאָפיע. אויף שאָפּענהאַוערן און וואַגנערן האָט מען געקוקט, ווי אויף די נייע לעצטע נביאים, ווי אויף די גואלים און מושיעים פון דער טאָג-טעגלעכער עקזיסטענץ.

און מיט דיזעלביקע ענטוזיאַסטיש-באַוווּנדערנדיקע בליקן האָט אויף זיי געקוקט אויך ניטשע. אָבער מערקווירדיק! אין דעם כאָר פון שטימען, וואָס טראָגן זיך פון שאָפּענהאַוערס פילאָזאָפיע, האָט ניטשע אַרויסגעהערט נישט אַזוי יענע טיפע טרויעריק-ברומיקע באַס-טענער, וואָס קלאָגן אויף דעם גורל פון מענטש און וועלט, נאָר יענע העלערע, קלינגענדיקערע, העכערע, וואָס רופן צו קאַמף אַנטקעגן די אַלטע אָנשויאונגען מיט די אַלטע אידעאַלן און ווייזן אָן אויף דעם וועג צו דער גאולה.

אין שאָפּענהאַוערס יאוש-פילאָזאָפיע האָבן פאַר דעם יונגן ניטשע געברענט אַ סך פרייד-פייערן. דאָס איז געווען די פרייליכע שׂרפה, וואָס האָט אונטערגעצונדן די גאַנצע אַלטע קולטור. אָט פאַלן פאַנאַנדער אַלע זיילן פון דער איבערנאַטירלעכער רעליגיע, דער אַלטער אַל-גוטער, אַל-גערעכטער און אַל-קלוג-שאַפענער יידישער גאָט בכבודו ובעצמו פאַלט אין פייער און אַ שטראָם לאָדערנדיקע פונקען טוט זיך אַ הויב און אַ שלאָג-אַרויף ביז הויך אין דעם נאַכטלעכן הימל אַריין. אָט צעקריכט און צעגייט אין דער גלות די אַלטע מ אָ ר אַ ל, מיט אירע הייליקע באַפעלן, מיט אַלע אירע איינצאָמענדיקע „מעגן און נישט טאָרן.“ אָט דרייט זיך צונויף אין דרייצן די גאַנצע אַלטע מ ע ט אַ פ י ז י ק, וואָס האָט געוואָלט פאַרפּוצן די וועלטלעכע עקזיסטענץ און פאַררעדן די מענטשן די ציין. אָט ווערט אויסגעברענט די גאַנצע שטויביקע טאָג-טעגלעכקייט פון דעם לעבן, מיט דעם גאַנצן ה מ ו ן-עולם, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אין דעם שטויב, אַרומגעקראָכן אין אים און האָט געוואָלט אויסוועבן פון דעם שטויב מאַנטלען פאַר זיין הוילער נאַקעטקייט.

„די צעשטערנדיקע לוסט איז אַ שאַפנדיקע לוסט“, האָט אַמאָל,

נאָך אין די דרייסיקער יאָרן, געזאָגט דער אַנאַרכיסט באַקונין. פאַר ניטשען האָט זיך דער לעבנס־פינסטערער אומעט פון דעם שאָפּענהאַוערשן פּעסימיזם אומבאַוווסטערהייט פאַרוואַנדלט אין אַ צעשטערנדיקע לעבנס־לוסט. דער „הבל־הבלים״־טאָן איז פאַר אים אינגאַנצן פאַרשטומט געוואָרן. עס איז נישט קיין „גאָרנישט שבגאָרנישט״ — פאַנאַנדערצוריִיען אַלע יסודות פון אַ מענטשלעכער קולטור און אַוועקשטעלן זי אויף אַ גאַנץ נייעם פונדאַמענט! צו דער צעשטערנדיקער לוסט איז צוגעקומען די ריין־שאַפנדיקע לעבנס־לוסט: די אויסאַרבעטונג און אַריינפירונג אין לעבן פון יענעם נייעם פונדאַמענט.

פאַרגעסן מיר נישט: ניטשע איז בטבע נישט נאָר פּאָעט, מוזיקער און דענקער, וואָס לעבט און פילט־דורך זיינע געדאַנקען און דערהויבט זיי ביז צו דער מדרגה פון אַ ליידנשאַפטלעכן עקסטאַז; ער איז אויך דער רעפאָרמאַטאָר און, — ווי משונהדיק דאָס זאָל נישט קלינגען בנוגע צו ניטשען, — דער שטרענגער מאָראַליסט, וואָס פאָדערט מיט דעם האַרבן וואָרט: וואַרפט אַוועק אַלע אייערע אַלטע עבודה־זרהס! אָט אַזוי זאָלט איר לעבן! אָט צו דעם זאָלט איר שטרעבן! אָט דאָס זאָלן זיין אייערע לעבנס־צילן!

דאָס איז דער קאַנטישער „קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו״, דער אייביקער „דו זאָלסט!״, וואָס האָט תמיד געלעבט אין ניטשעס בלוט, אַנטקעגן וועלכן ער האָט זיין לעבן־לאַנג געקעמפט און וואָס האָט אים תמיד גובר געווען.

אין דער שאָפּענהאַוערשער פילאָזאָפיע גופא, אין דער סיסטעם, וואָס לייקנט פּרינציפּיעל אָפּ יעדע אַרט לעבן; וואָס באַטראַכט פאַר דעם אידעאַל פון אַ מענטשלעכן לעבן (מיר האָבן דאָס אויבן פאַרגעסן צו דערמאָנען) דעם פרייוויליקן טויט דורך פאַרהונגערונג, דורך דער אָפּטויטונג פון דעם ווילן צום לעבן, — אין אַזאַ פילאָזאָפיע גופא געפינט ניטשע אַ קוואַל פון שאַפנדיקער לעבנס־לוסט.

דאָס הויפּט־ציל פון אַ פאַרנינפטיקן לעבן בלייבט נאָך ביי אים פאַר אַ צייט דאָס אייגענע, וואָס ביי שאָפּענהאַוערן: גובר

זיין אין זיך דעם בלינדן ווילן צו עקזיסטענץ, אַרויסרייסן זיך פון די דמיונות און אילוזיעס, מיט וועלכע דער ווילן שפּינט אַרום זיין בלינדן אימפּולס צום לעבן. דער עיקר — באַפרייען זיך פון יענער אילוזיע, וואָס גלויבט אין דער מעגלעכקייט פון גליק אויף דער וועלט.

אין אַ בריוו צו אַ פריינט פון יענער צייט קריטיקירט ער די סאָציאַליסטישע באַוועגונג, וואָס האָט זיך גענומען פאַנאַנדער־וואַקסן, אַ דאַנק דער אַגיטאַציע פון פערדינאַנד לאַסאַל (געשטאָרבן אין 1863). ער ווייזט אָן אויף דעם פרינציפּיעלן גרונט־פעלער פון לאַסאַלן און דעם גאַנצן סאָציאַליזם בכלל: דעם גלויבן אין דער מעגלעכקייט פון גליק.

אינאיינעם מיט שאָפּענהאַוערן שטרעבט ער צו דער גאולה פון דעם בלינדן וועלט־ווילן. אָבער גראָד דאָ הויבט ער זיך אָן פאַנאַנדערצוגיין מיט זיין רבין. די גאולה דאַרף באַשטיין נישט אין דעם ראַדיקאַלן אָפּלייקענען פון יעדן זיין, ווי דאָס פאָדערט שאָפּענהאַוער. זי דאַרף אָנגעשטרעבט ווערן אויף דעמזעלביקן וועג, אויף וועלכן די בעסטע מענטשן, די העלדישע עקזעמפּלאַרן פון דער מענטשהייט, האָבן זי אָנגעשטרעבט ביז אַהער: אויף דעם וועג פון שאַפן העכערע מענטשלעכע ווערטן, אין וועלכע דער איינצל־מענטש שטעלט זיך אַוועק העכער פאַר דעם וועלט־ווילן און זיינע טאָג־טעגלעכע זינלאָזע שטרעבונגען.

געוויס איז אָט דער וועג פאַרשפּאַרט פאַר דעם המון, פאַר דער מאַסע, וואָס ווערט שטענדיק שטיין אונטער דעם דרוק פון דעם וועלט־ווילן און זיינע אינטערעסן. אָבער דער זין פון דעם מענטשלעכן לעבן דאַרף גאָרנישט געזוכט ווערן נישט אין די מאַסן, נישט אין אַ לעבן צוליב די מאַסן. אין אַזאַ פעלער זעען — מיינט ניטשע — אַריינגעפאַלן אַלע דעמאָקראַטישע טענדענצן פון דער מענטשהייט, אָנגעהויבן פון דעם קריסטנטום און געענדיקט מיט דעם סאָציאַליזם. דער גלויבן אין די מאַסן און דער איבערגעשפּאַנטער אינטערעס צו זייער שיקזאַל איז

אַקוראַט אַזאַ גרונט-פעלער, ווי דער גלויבן אין דער מעגלעכ-קייט פון גליק.

אָבער אַ חוץ דעם המון-עם מיט זיין טאָג-טעגלעכן יאָגן זיך נאָך דער אילוזיע פון גליק, — ברענגט די מענטשהייט אַרויס אַן אַנדער דערשיינונג: דעם זשעני, דעם באַשאַפער פון נייע גייסטיקע וועלטן, דעם העלד, וואָס ווערט געטריבן צו זיינע טאַטן, נישט פון דעם בלינדן ווילן צו גליק, נאָר ווייל ער שטרעבט באַוווסטזיניקערהייט צו גרויס און שיין.

ווי וויסט און נישטיק די וועלט זאָל נישט זיין, — און זי איז אין איר גרעסטן שטח נישטיק און וויסט, — די דער-שיינונג פון דעם זשעני פאַרשיינט זי, גיט איר אַ זין און אַ ציל. דער זשעני איז דער תיקון פאַר דעם וועלט-ווילן, — וואָלט ניטשע געקאָנט זאָגן אין דער שפּראַך פון דער חסידות.

און ווען ניטשע טראַכט אין יענער צייט פון דעם זשעני, טראָגן זיך פאַר זיינע אויגן די געשטאַלטן פון שאָפּענהאַוערן און וואַגנערן. וועלכע וועלטן האָבן זיי באַשאַפן! וועלכע וווּנדער פון גייסט און געפיל האָבן זיי אַנטפּלעקט!

די גאולה פון דעם בלינדן וועלט-ווילן קאָן געפונען ווערן נאָר אין יענע וועלטן, וועלכע דער זשעני באַשאַפט. ער, און נישט דער מענטש בכלל, איז די קרוין פון דעם באַשאַף. פאַר אים און צוליב אים איז ווערט צו לעבן אויף דער וועלט.

אָט מיט דעם קולט פון דעם העלד, פון דעם זשעני, — מיט אָט דעם רוף צו לעבן אין דעם העלדס וועלטן און צוליב דעם העלד, — פאַרלאָזט ניטשע די גרענעצן פון שאָפּענהאַוערס פילאָזאָפיע און שטעלט זיך אויף זיינע אייגענע פיס. ער הויבט אָן דורכצוברעכן זיין אייגענעם וועג אין דעם פילאָזאָפישן גע-דאַנק, — אַ וועג, וואָס פירט אין דערזעלביקער ריכטונג, אין וועלכער עס זענען פאַר אים געגאַנגען נאָך אַנדערע אָפּלייקענער פון דער מאַסע און פאַרהימלער פון דעם „העלד״: ברונאָ באַוער, קאַרלייל, עמערסאָן.

פאַרשיידענע געשטאַלטן האָבן צו פאַרשיידענע צייטן אָנגע-נומען ניטשעס פילאָזאָפישע אָנשויאונגען. אָבער דער גלויבן און

די ליידנשאַפטלעכע בענקשאַפט נאָך דעם העכערן מהות־מענטש, דעם באַשאַפער פון נייע גייסטיקע וועלטן, וואָס יאָגט זיך נישט נאָך גליק, — אָט דער גלויבן איז געבליבן די צענטראַל־זון, אַרום וועלכער עס האָבן זיך געדרייט אַלע זיינע געדאַנקען און וועלכער איז אין דער לעצטער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער לערע און דער פרעדיק פון דעם איבערמענטשן.

11

## ראַדיקאַלער פּאָזיטיוויזם און סקעפּטיציזם.

וואָס מער הויפטגעוויכט ניטשע האָט גענומען לייגן אין זיין געדאַנק אויף די פריידן פון דעם לעבן צוליב דעם זשעני און אין דעם זשעניס וועלטן, אַלץ מער האָט ער זיך גענומען דערווייטערן פון זיין שאָפּענהאַוערן, פון דעם פּעסימיסטישן לעבנס־בליק און דער מעטאַפיזישער אויסטייטשונג פון דער נאַטור בכלל.

די קריטיק פון דער רעליגיע און דעם גלויבן אין גאָט, דער עיקר פון דעם הערשנדיקן קריסטנטום, מיט איר ליבע צו די אָרעמע מאַסן, און מיט איר רחמנות צו די ליידנדיקע — אין דעם נאָמען פון „גליק”, — האָט אַריינגעפירט ניטשען אין דער וועלט פון דעם מאָדערנעם ראַדיקאַלן געדאַנק.

ניט פאַרלירנדיק זיין זעלבשטענדיקייט, פילט זיך ניטשע איינס מיט יענע גייסטיקע שטרעמונגען, אין וועלכע דער ראַדיקאַליזם האָט מיט די מיטלען פון דער וויסנשאַפט בכלל און דער נאַטורוויסנשאַפט בפרט — גענומען אַרונטערשווענקען די פונדאַמענטן פון דער אַלטער גייסטיקער וועלט.

עס הייבט זיך אָן אַ צווייטער פעריאָד אין ניטשעס לעבן און שאַפן, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט און אָנגעהאַלטן ביז צו דעם סוף פון די זיבעציקער און דעם אָנהויב פון די אַכציקער

יאָרן, ד. ה., ביז צו דער צייט פון זיין אייגענער פילאָזאָפי־שער וועלטאָנשויאונג אין דעם „זאַראַטוסטראַ״־פעריאָד.

די שאָפּענהאַוערשע מעטאַפיזיק ווערט ביי אים צוריקגע־שטויסן דורך דעם מאָדערנעם פּאָזיטיוויזם, וואָס טראַכט נישט וועגן דעם פאַרבאָרגענעם תּוך פון דער וועלט, נאָר וועגן די דערשיינונגען פון דער וועלט, ווי זיי באַווייזן זיך פאַר אונזערע חושים, פאַר אונזער דערפאַרונג.

אָבער אויך דאָ גייט ער אַ ביסל ווייטער, איידער יענע ריכטונג, צו וועלכער ער שטייט צו. דער פּאָזיטיוויזם פון אַ קאָנט און אַ ספּענסער לאָזט צו די עקזיסטענץ פון וועלט־גרונטן, וועלכע דער שכל קאָן נישט משיג זיין, זאָגט זיך אָבער אָפּ צו רעכענען זיך מיט זיי, ווייל דאָס וואָלט סיי־ווי־סיי געווען אַן אומזיסטע טרחה. אויף אַזאַ אופן בלייבט נאָך דאָגמאַטיש אַ שטי־קעלע „יענע וועלט״, וואָס שטייט הינטער דער וועלט, וועגן אַפילו מיר ווייסן זיכער, אַז מיר קאָנען אין איר נישט אַריינ־דרינגען.

ניטשע איז שטאַרק מסופק, צי עס איז איבערהויפּט דאָ אַ וועלכער עס איז אַן אַנדער מין זיין, איידער דער, מיט וועלכן מיר ווערן באַקאַנט פון די חושים און אין דער וויסנ־שאַפטלעכער דערפאַרונג.

זיין פּאָזיטיוויזם אין דער וויסנשאַפט ווערט געבויט אויף אַ סקעפּטישן פונדאַמענט. ער צווייפלט אין יעדער מעטאַפיזיק, וואָס וויל אונז עפּעס וואָס דערציילן פון דער וועלטס פאַרבאָר־גענע תּוכן. ניטשע וויל אַפילו נישט צוגעבן אויף געוויס, אַז אַזעלכע פאַרבאָרגענע תּוכן זענען דאָ.

דערפאַר פילט ער זיך נאָך זיכערער אין דער וועלט פון דער דערפאַרונג, אין דער וויסנשאַפט. דאָ ווערט ער גלייך אַן ענטוזיאַסטישער אָנהענגער פון דעם דאַרוויניסטישן עוואָלו־ציע־געדאַנק, הגם ער איז נישט מסכּים אין אַלע פּונקטן מיט אַלץ, אין וואָס די דאַרוויניסטן גלויבן.

זיין קינסטלעריש־פּאָעטישער געמיט זוכט אויך דאָ, ווי אומעטום און אַלעמאָל, צו איבערזעצן די געדאַנקען און געפילן

און צו שטייגערן די געפילן ביז צו דער העכסטער ליידנשאַפט. דער דאַרוויניזם באַווייזט אים די אומגעהייערע מאַכט פון דעם לעבן אין דער פלאַנצלעכער און חיהשער וועלט, די אומציילי־קע לעבנס־פאָרמען, — איינע העכער פאַר דער אַנדערער, — וואָס שפּרינגען אַרויס אין דעם פּראָצעס פון דער ביאָלאָגישער עוואָלוציע. ניטשע ווערט באַרוישט פון דער נישט־איינצוצוימענ־דיקער וועלט־מאַכט, וואָס רופט זיך לעבן.

די אַרויסווייזונגען פון דער לעבנס־קראַפט אין דער נאַטור מיט דעם פאַרעקשנטן אכזרישן קאַמף פאַרן לעבן, זענען אַזוי געוואַלטיק, אַזוי גרויס און שיין, אַז אויף דער שאָפּענהאַוערשער גאולה פון דעם וועלט־ווילן, אויף דאָס וועלן אַנטלויפן פון דעם לעבן אין אויסגעטראַכטע מענטשלעכע עולמות קוקט ער איצטער, ווי אויף אַ קינדישע נאַרישקייט. ניטשע לעבט דאָ דורך אַ מין רוסאָשן „צוריקקער צו דער נאַטור". וואָס קאָן זיין שענער און פרייידיקער, איידער די רוישנדיקע פאַנטאַזיע פון לעבן, וועלכע שלאָגן פון אַלע זייטן אין דער נאַטור, איידער די פילפאַר־ביקייט פון פאָרמען, וועלכע דער קאַמף פאַרן לעבן ברענגט אַרויס!

אַנשטאָט דער שאָפּענהאַוערשער גאולה־מיסטיק ווערט איצ־טער ביי ניטשען געבאָרן אַן אַנדער אידעאַלער פּרינציפּ, מיט וועלכן ער מעסט אָפּ די עקזיסטירנדיקע קולטור און מיט וועלכן ער וויל אַרויסברענגען דאָס העכסטע גוט פאַר דעם מענטשנס לעבן אויף דער וועלט. אָט דעם פּרינציפּ קאָן מען אָנרופן: „דאָס לעבן אין פריידיקן קאַמף פאַרן לעבן."

אויב ער האָט פריער געזוכט אין די העכערע עולמות אַ מקום מקלט פאַר דעם מענטשן, וווהין ער אַנטלויפט און באַפרייט זיך פון דעם בלינדן וועלט־ווילן צום לעבן, דערבליקט ער איצ־טער אין זיי נישט מער, ווי אַ פאַרהויקערונג פון דער נאַטור, פון איר פרייען שאַפן. וואָס לייגט נישט אַרויף קיין שום צוימען אויף דעם יחיד.

אין דער נאַטור זעט איצטער ניטשע אַן אָנגעשטרענגטן פרייען קאַמף פון לעבעדיקע ברואים פאַר אַ פולן לעבן מיט

אַלע חושים און איברים, נישט איינגעצאַמט דורך זיינע געזעצן און מנהגים, דורך קיינע „מאָראַלישע״ פאָרשריפטן.

דער עגאָאיזם איז די טרייבנדיקע קראַפט אין יעדן נאַטירלעכן געשעען; דער עגאָאיזם איז אין דער לעצטער שורה אויך יענער וועלט־פרינציפ, וואָס ברענגט אַרויס די העכסטע פאָרמען פון דער ביאָלאָגישער עוואָלוציע. די „מאָראַל״ און דערהויפט די קריסטלעכע מאָראַל, וואָס בויט אַלע אירע אידעאַלן אויף דעם „ואהבת״, אויף דער ליבע צו די מיטמענטשן, איז דעריבער פאַר אים אַ קלאָרע אָפּלייקענונג פון אַלע נאַטירלעכע יסודות פון דער וועלט, אַ פאַרברעכן אַנטקעגן דער נאַטור. אָט די אָפּלייקענונג און אָט דאָס פאַרברעכן אַנטקעגן דער נאַטור שטאַמען נישט פון אַ העכערער דערקענטעניש וועגן דעם מהות פון דעם וועלט־ווילן, נאָר פונקט פאַרקערט: פון אַן אָפּגעשוואַכטן ווילן, פון אַן אויסגעברענטן לעבן, וואָס האַלט ביים פאַרלאָשן ווערן, עס מוז — גלויבט ניטשע — געפירט ווערן דער העפטיקסטער קאַמף אַנטקעגן דעם קריסטנטום און דער „מענטשן־ליבע״ אין דעם נאָמען פון דעם עגאָאיזם, וואָס איז אַליין באַרעכטיקט צו זיצן אויף יענעם טראָן, וועלכן דאָס קריסטנטום האָט פאַרנומען: ווייל דער עגאָאיזם איז דער אויסדרוק פון דעם לעבנס־דראַנג, אומעטום ווו עס טליעט נאָך אַ פונק פון איר.

די רעהאַביליטירונג פון דעם עגאָאיזם, וואָס איז אַלעמאָל, אין אַלע מאָראַלישע סיסטעמען באַטראַכט געוואָרן ווי דער גרונט־פרינציפ פון אַלדאָס בייז, ברענגט ניטשען צונויף מיט אַ דענקער, וואָס איז אין אָט זיער צייט כמעט אַקוראַט אַזוי גרינטלעך פאַרגעסן און פאַרשווונדן געוואָרן פון דעם גייסטיקן האָריזאָנט, ווי פריער שאָפּענהאַוער.

דער דענקער, וועמען מיר האָבן דאָ אין זין, איז יאָהאַן קאַספּאַר שמידט, וואָס האָט אונטער דעם פּסעוידאָנים מאַקס שטירנער, פאַרעפנטלעכט אין דעם יאָר 1844 זיין שפּעטער ווידער באַרימט געוואָרן בוך: „דער איינציקער און זיין אייגנטום״.

שטירנער האָט מיט אַ דרייסיק יאָר איידער ניטשע גענוי־מען אָפּשיסן זיינע פיילן אין אַלע אידעאַלן פון מענטשן־ליבע, נישט נאָר די רעליגיעזע, נאָר אַפילו די ריין־אַפּיקורסישע און אַטעאיסטישע, ווי די, וועלכע עס האָבן אין זיין צייט געפּרעדיקט אַ לודוויג פייערבאַך און דער דעמאָלט הערשנדיקער, פאַרמאַרק־סיסטישער סאָציאַליזם. שטירנער איז אויך דער ערשטער, וואָס האָט ערנסט פאַנאַנדערגעוויקלט די פאָן פון דעם עגאָאיזם, ווי דעם איינציקן פרינציפּ, וואָס דאַרף באַהערשן אַלע מענטשלעכע האַנדלונגען. אין די אַזוי אָנגערופענע אידעאַלן פון דער מענטש־הייט און אין דער מסירת נפש צוליב זיי, אָנגעהויבן מיט די רעליגיעזע און געענדיקט מיט די מאָראַלישע און סאָציאַליסטישע, האָט שטירנער געזען נאָר „געשפּענסטער", נאָר „קינדערייען", ד. ה., פאַראירונגען פון דעם מענטשלעכן שכל, וואָס איז נאָך נישט דערוואַקסן צו אַ קלאָרן איינזען אין דעם אמתן מהות פון דער זאַך. אָט די אַלע געשפּענסטער און קינדערייען, וואָס אין זייער נאָמען וויל מען אָנטאָן די אָדער יענע קייטן אויף דעם פרייען מענטשן, מוזן אָפּגעשאַפט ווערן, כּדי דער מענטש־לעכער עגאָאיזם זאָל זיך קאָנען אומגעשטערט אויסלעבן.

ניטשע שטימט איין מיט שטירנערס גרונט־געדאַנקען אין דעם פּרט. ער מאָדיפיצירט זיי אָבער און פאַרטיפט זיי אין אַ סך פונקטן.

שטירנער האָט נישט גענוג טיף אַריינגעבליקט אין יענעם פּראָצעס, וואָס האָט ביי דער מענטשהייט אַרויסגערופן די „גע־שפּענסטער" און „קינדערייען". אַלץ וואָס ער קאָן אונז דער־ציילן וועגן דעם, שעפּט זיך אויס מיט דעם מאָגערן באַמערק, אַז זיי זענען אַ פּראָדוקט פון — אַזויצוזאָגן — ט ע ו ת ן א י ן פּ ש ט, גרייזן פון דעם מענטשנס שכל. זיין שאַרפן אַנאַליז און גלענצנדיקע שיינרעדעריי ווענדט שטירנער אָן, כּדי צו באַווייזן, ווי אַזוי דער אויסגעוואַקסענער, באַפרייטער שכל טרייסלט פון זיך אַראָפּ דעם גאַנצן כּשוף פון אַלע אַלטע „רוחות" אין דער פילאָזאָפיע, דער פּאָליטיק און דער מאָראַל, און רייסט זיך אַרויס

פון יענע פיל־פאַרפּלאָנטערטע נעצן, אין וועלכע ער איז ביז אהער געלעגן אַ געפאַנגענער.

ניטשע קאָן זיך מיט אַזאַ ריין־ראַציאָנאַליסטישן אופן, ווי צו דערקלערן און באַקעמפן זיין הויפּט־קעגנער, דעם מאָראַלישן אַלטרואיזם, נישט באַנוגענען. עס ציט אים אַריינצוטראַכטן זיך אין די טיפערע פּסיכאָלאָגישע מאָמענטן, וואָס האָבן אַרויסגע־בראַכט יענע „רוחות״ און זייער צויבער אויף דער מענטשלעכער נשמה. דערביי ווייזט ניטשע אַרויס אַן אויסערגעוויינלעכע פאַר־שטענדעניש פאַר דער מענטשלעכער נאַטור — און נאָך מער — פאַר יענע פאַרבאָרגענע, האַלב־אומבאַוווסטע פּסיכאָלאָגישע פּראָ־צעסן, מיט וועלכע דער מענטש שמועסט זיך אַליין איין, ער זאָל אָנהויבן גלויבן אין עפּעס אַזוינס, וואָס גייט אויף דעם ערשטן בליק להיפּך צו זיינע אייגענע אינטערעסן און זיין איי־גענער נאַטור.

דורכדעם איז ניטשע געוואָרן דער פּסיכאָלאָגישער דערקלערער פון דעם גייסטיקן שאַפונגס־פּראָצעס, וואָס איז פאָר־געקומען אין דער רעליגיע, דער מאָראַל און דער פילאָזאָפיע. ער האָט אויף אַזאַ אופן צונויפגעזאַמלט אַ רייכן מאַטעריאַל און באַפעסטיקט וויכטיקע שטאַנדפּונקטן, וואָס גייען איצטער אַריין אין דער מאָדערנער וועלטאָנשויאונג. קודם האָט ער באַוויזן, אַז הינטער דעם פּשוטן פּשט פון יענע געדאַנקען, וואָס ווערן גע־פּרעדיקט אין די העכערע עולמות פון דער מענטשלעכער קול־טור, שטעקן פאַרבאָרגענע, נישט אַרויסגעזאָגטע הינטער־געדאַנ־קען, וואָס זענען דער אמתער פּירוש אויף דעם טעקסט.

אין די קלאָרע געדאַנקען טרעטן פאַר אונז אַרויס גייסטיקע בנינים, וואָס האָבן — דוכט זיך — זייער צוועק און זין אין זיך גופא. זיי זענען אויפגעשטעלט פון ריינע קלאָרע לאָגישע אַר־גומענטן, וואָס שטיצן איינע די אַנדערע און וואָס ווערן אַלע געבויט אויף אַ וועלכער עס איז דערפאַרונג פון דער ווירקלעכ־קייט, אָדער אויף אַ וועלכן עס איז אין זיך קלאָרן און ריכטיקן געדאַנק: גייסטיקע, אידעאַלע וועלטן פון ריינעם שכל אָדער ריינעם יושר, אָן אַ ברעקל עגאָאיסטישער פאַראינטערעסירטקייט.

טראַכט מען זיך אָבער טיפער אַריין אין דער צייט, וואָס האָט זיי אַרויסגעבראַכט, אין די מענטשן, וואָס האָבן זיי באַשאַפן, אַזוי אַנטפּלעקן זיך פאַר אונז טונקעלע אינסטינקטן, עגאָאיסטישע אינטערעסן, גלוטיקע לעבנס־פאַרלאַנגען, וואָס ווירקן האַלב אָדער גאַנץ אומבאַוווּסט און דיקטירן די כלומרשט אידעאַליסטישע, אָנפּניותדיקע וועלטן פון ריינעם שכל און ריינעם יושר.

יענע „געשפּענסטער" — ווי שטירנער רופט זיי — וואָס האָבן פאַרטונקלט די מענטשלעכע מוחות און זיי געמאַכט אָפּשפּענסטיק פון דעם נאַטירלעכן עגאָאיזם, זענען אַליין, — האָט געלערנט ניטשע, — אַ פּראָדוקט פון דעם נאַטירלעכן עגאָאיזם און דעם גלוטיקן לעבנס־דאָרשט, וואָס איז פאַרשיידן ביי פאַרשיידענע מענטשן לויט די אומשטענדן, אין וועלכע זיי לעבן, און לויט דעם בלוט, וואָס פליסט אין זייערע אָדערן.

באַזונדערס וויכטיק פאַר דעם „ניטשעאַניזם" איז געווען זיין פּסיכאָלאָגישע קריטיק פון יענע אידעאַלן און פּרינציפּן, וואָס הערשן אין דער מאָראַל, אין דער אָפּשאַצונג פון אַלע לעבנס־דערשיינונגען, לפּחות מענטשלעכע לעבנס־דערשיינונגען, לויט דעם מאָסשטאַב פון „גוט" און „בייז", אָדער „טוב" און „רע".

אינאיינעם מיט אַ בענטהאַם, אַ מיל, און נאָך אַנדערע פּאָזיטיוויסטן און עמפּיריקער, לייקנט ניטשע, אַז אונזערע מאָראַלישע באַגריפן זאָלן קאָנען אָפּשטאַמען פון אַ וועלכן עס איז איבערוועלטלעכן גאָט, — וועמעס עקזיסטענץ ער לייקנט לגמרי, — אָדער פון אַ וועלכער עס איז מעטאַפיזישער סובסטאַנץ, וואָס בלאָזט אַריין אין אונזער נשמה איידעלע געפילן.

דער וואָרצל פון אַלע אונזערע מאָראַלישע געפילן און באַגריפן איז דער עגאָאיסטישער נוצן. ביז אָט צו דעם רעזולטאַט גייט ניטשע אינאיינעם מיט די אוטיליטאַריסטן. אָבער דאָ שיידן זיך פונאַנדער זייערע וועגן, און ניטשע אַנטוויקלט זיינע אייגענע „אַפּיקורסישע", „אַנטי־מאָראַלישע" געדאַנקען, וואָס וואָלטן אָפּגעשראָקן יעדן ערלעכן, גוט־מיינענדיקן פּאָזיטיוויסט.

נישט האָבנדיק קיין ברעקל באַגריף וועגן קאַרל מאַרקס
און זיין קלאַסן-קאַמף-טעאָריע אין דער געשיכטע, אַנטפּלעקט ני-
זשע אין דער געשיכטע פון דער מאָראַל די ווירקונג פון אַ טיף-
ליגנדיקן קלאַסן-קאַמף. אין דער מענטשלעכער מאָראַל שפּילט
זיך אָפּ אַ קאַמף פון צוויי פאַרשיידענע מאָראַלישע וועלט-אָנשוי-
אונגען: די אָנשויאונגען און די ווערט-שעצונגען פון די פרייע
שטאָלצע „האַרן” און די אנשויאונגען און ווערט-שעצונגען פון די
אונטעריאָכטע „שקלאַפן”.

האַרן-מאָראַל און שקלאַפן-מאָראַל שליסן אויס איינע די
אַנדערע. וואָס אין איין סיסטעם ווערט פאַררעכנט פאַר „גוט”,
„איידל”, „חשוב”, ווערט אין דער אַנדערער סיסטעם פאַררעכנט
פאַר „שלעכט” (בייז, „רע”), „געמיין”, „שפל”.

אין אָנהויב איז די מאָראַל געווען נאָר אַ האַרן-מאָראַל.
„איידל” האָט געהייסן נאָר דאָס, וואָס פּאַסט פאַר אַן איידל-
געבוירענעם, ד. ה. פאַר אַ מיטגליד פון דעם הערשנדיקן אַדל;
„געמיין” האָט נאָר באַטייט דאָס, וואָס שיקט זיך פאַר דעם
פשוטן המון. דאָס וואָרט „שלעכט” גופא האָט פריער געהאַט
דעם טייטש פון „שליכט”, ד. ה. פשוט. „גוט” און „שלעכט”
האָט אין דעם אָנהויב פון דער מאָראַלישער אַנטוויקלונג באַטייט
דעם געזעלשאַפטלעכן ראַנג און יחוס. „גוט” איז דאָס, וואָס
פּאַסט פאַר די הערשנדיקע, וואָס פירט צו הערשאַפט, און „שלעכט”
איז דאָס, וואָס שיקט זיך פאַר דעם פשוטן באַהערשטן המון-עם,
און וואָס איז פאַרבונדן מיט הכנעה און קנעכטשאַפט.

אָט די קלאַסן-איינטיילונג און קלאַסן-אָפּשאַצונג פון מעלות
און חסרונות, לויט דעם יחוס, לויט דער אָפּשטאַמונג פון הויך-
געשטעלטע און נידעריק-געשטעלטע אויף דער געזעלשאַפטלעכער
שטופן-לייטער, האָט נאָך ניטשעס מיינונג ערשט אַרויסגעבראַכט
די מאָראַלישע ווערטשעצונג, די איינטיילונג אין „טוגנטן”
און „לאַסטער”, לויט אַ ריין-מאָראַלישן „הויך” און „נידעריק”.

מאָראַליש-הויך, לויבנסווערט און חשוב זענען געווען אַלע
מעלות, וואָס האָבן באַצירט דעם הערשנדיקן שטאַנד: פיזישע
גבורה, העלדישקייט, אומדערשראָקנקייט אין קריג, רייכטום, מאַכט

און געוואַלט איבער די מאַסן. קיין פונק פון רחמנות, פון ליבע צו די מאַסן און דעם „שכן", קיין פונק פון „יושר" און רעספּעקט פאַר דעם אַנדערנס רעכט איז נישט אַריין אין די ערשטע אידעאַלן פון „גוט", פשוט דערפאַר, ווייל דאָס וואָלט זיך נישט געלוינט פאַר די לעבנס־אינטערעסן פון די הערשנדיקע.

ווי אַזוי האָט זיך דען די גאַנצע מאָראַלישע וועלט־אָנשוי־אונג איבערגעביטן? ווי אַזוי איז דאָס, וואָס איז אין עצם גע־ווען „גוט" פאַר די הערשנדיקע, פאַרשריען געוואָרן פון דעם עפּנט־לעכן באַוווסטזיין, ווי אַ „לאַסטער", ווי אַ „געמיינהייט", פאַר וועלכער יעדער דאַרף זיך שעמען?

געקומען איז דאָס דערפון, וואָס די אויבערהאַנט אין דעם עפנטלעכן באַוווסטזיין האָט געוווּנען די מאָראַל פון די שקלאַפן, פון דעם המון־עם, פון די שוואַכע.

דער שקלאַפישער המון, וואָס האָט געליטן פון דעם הערשנ־דיקן קלאַס, האָט, פאַרשטייט זיך, געהאַט גאַנץ אַנדערע באַגריפן וועגן גוט און שלעכט. ער האָט געליטן און געוואָלט, מען זאָל מיט אים מיט־ליידן, רחמנות האָבן אויף אים, — איז רחמנות־האָבן געוואָרן פאַר אים אַ הויכע, לויבנסווערטע מדה. ער איז געווען שוואַך, האָט נישט געהאַט אין זיך נישט קיין קראַפט, נישט קיין מוט אַוועקצושטעלן זיך אין אָפענעם קאַמף אַנטקעגן זיינע באַדריקער, האָט ער גענומען פילן, אַז באַדריקן איינעם איז אַן עולה, אַז דער „יושר" פאָדערט, אַלע זאָלן זיין גלייך; האָט ער אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק, אַז אַלע זענען פון גע־בורט גלייך. ער האָט געפילט, אַז ער מוז ליידן פון דעם שטאַרקערן, האָט ער זיך געטרייסט מיט דעם מאָראַלישן גלויבן, אַז אין תּוך אַריין איז ער אַ חשובערער מענטש, איידער דער שלעכטער געוואַלט־מענטש און באַדריקער, ווייל אומרעכט ליידן איז אַ סך אַ העכערע און מאָראַליש־שענערע מדרגה, איידער אומרעכט טאָן.

און ווען אָט דער געבראָכענער, שוואַכער, פחדנישער און שקלאַפישער המון האָט איינגעזען, אַז אויף דער וועלט איז נישטאָ פאַר אים קיין האָפענונג אויף באַפרייאונג, האָט ער אויפ־

געבויט זיין האָפּענונג אויף דעם גלויבן אין אַ יענער וועלט, מיט אַ גערעכטן משפט פאַר די צדיקים און די רשעים, מיט אַ גע־רעכטן גאָט, וואָס האָט ליב די אָרעמע, די קראַנקהאַפטע, ליידנדיקע, געבראָכענע, אונטערטעניקע, וואָס וועט זיי באַלוינען פאַר זייערע ליידן, ווי ער וועט באַשטראָפן די „רשעים" מיט דעם שרעקלעכסטן גיהנום.

אויף אַזאַ אופן איז אַרויסגעוואַקסן די „שקלאַפן־מאָראַל" פון מענטשן־ליבע, יושר און רחמנות; פון ליידן, פּייניקונגען און אָפּטויטן דעם גוף, וואָס האָט געגעבן דעם גרויסן המון די פּסי־כאָלאָגישע מעגלעכקייט צו לעבן אויף דער וועלט און געדולדיק אַריבערצוטראָגן זיינע ליידן.

דער רעליגיעזער גלויבן, וואָס האָט זיך געשטיצט אויף דעם המון און האָט זיך געמוזט רעכענען מיט זיינע געדאַנקען און האָפּענונגען, האָט די מאָראַל פון דעם המון־עם אויפגעהויבן צו דער מדרגה פון דער הערשנדיקער מאָראַל, אונטער וועלכער אויך דער שטאָלצער, פרייער הערשנדיקער האָט געמוזט בויגן זיין קאָפּ, — אויב נישט אין דעםווירקלעכן לעבן, איז לפּחות אין די טיפענישן פון זיין מאָראַלישן געוויסן, וואָס איז פאַרסמט גע־וואָרן, פאַרקרענקלט געוואָרן דורך דער פּסיכאָלאָגיע פון דעם ליידנדיקן, שוואַכן פּחדן.

ניטשעס פּסיכאָלאָגישער אַנאַליז פון דער מאָראַל־געשיכטע, וואָס דערקלערט די פאַרשיידנקייט פון די מאָראַלישע באַגריפן דורך דער פאַרשיידנקייט פון דער לעבנס־לאַגע, פון דער קלאַסן־לאַגע ביי די, וואָס באַשאַפן דעם אָדער יענעם מאָראַ־לישן מאָס־שטאָק, קלינגט גאַנץ געוויס זייער מאַרקסיסטיש. מאַרק־סיסטיש אין ניטשע איז אויך די איבערצייגונג, אַז ווייל די מאָ־ראַל, ד. ה. די איינטיילונג פון האַנדלונגען, שטרעבונגען און אייגנשאַפטן אין „טוב" און „רע", איז אַ פּראָדוקט פון אַזאַ אָפּשטאַם, האָט זי אין זיך קיין ברעקל ממשות נישט; איז זי נישט מער, ווי אַ שעדלעכע אויסטראַכטעכץ, פון וועלכער יעדער בר־דעת דאַרף זיך באַפרייען.

פונדעסטוועגן איז ניטשע אויך אין זיין „קלאַסן־טעאָריע" זייער ווייט פון דעם מאַרקסיזם. דער אונטערשייד צווישן ניטשע און מאַרקס באַשטייט דאָ אין דעם, וואָס פאַר ניטשען איז די קלאַסן־איינטיילונג פון הערשער און באַהערשטע נישט קיין פּראָדוקט פון ריין עקאָנאָמישע פּראָצעסן. ניטשע האָט איבערהויפּט נישט געהאַט קיין ברעקל חוש פאַר עקאָנאָמישע פראַגן און פּראָבלעמען, און אין דעם פּרט האָט ער זיך קיינמאָל נישט אַרויסגעריסן פון יענער טיפער עם־הארצות, וואָס האָט געהערשט ביי דעם געוויינלעכן געבילדעטן בורזשואַ פון זיין צייט.

אָנשטאָט די עקאָנאָמישע פּראָצעסן מיט זייער קלאַסן־קאַמף זענען פאַר אים אין דעם פאָדערגרונט געשטאַנען די צונויפשטויסן פון פעלקער און זייער ראַסן־קאַמף. אַ שטאַרקערע, העכערע ראַסע באַזיגט די שוואַכערע, די נידעריקערע, און ווערט איר הערשנדיקער קלאַס. און אויב דאָס קומט פאָר אין די גרענעצן פון איין פאָלק, איז דעמאָלט ווערן די שטאַרקערע העכערע אינדיווידועָן מיט דעם באַפעלנדיקן הערשער־בלוט אין די אָדערן, די באַלעבאַטים איבער די שוואַכע פּחדנים. זיי צווינגען אַרויף אויף זיי זייער הערשאַפט און באַשאַפן אַ יחוס־שטאַנד, וואָס ברענגט אַרויס גאַנצע דורות מיט איידעלע בלוט אין די אָדערן.

אָט דער איידעלער שטאַנד האָט דאָס אַרויסגעבראַכט די „הערן־מאָראַל" פון העלדישקייט, נצחון און גבורה, וואָס איז אַזוי נאָענט צו די געבאָטן פון דער נאַטור. עס פאַרשטייט זיך, אַז ניטשעס גאַנצע סימפּאַטיעס זענען אויף דער זייט פון די „הערן"־מענטשן און דער „הערן־מאָראַל", בעת די סימפּאַטיע פון קאַרל מאַרקס איז אינגאַנצן געווען אויף דער זייט פון די דעמאָקראַטישע מאַסן. דער אַריסטאָקראַטישער גרונט־שטריך אין ניטשעס אָנשויאונגען, דער סם פון דעם פוילישן „פּאַן", וואָס האָט געשטעקט אין זיין בלוט, פון וועלכן ער האָט זיך קיינמאָל נישט געקאָנט באַפרייען אינגאַנצן, האָט אים אויך געטריבן זיך ראַדיקאַל פאַנאַנדערצוגיין מיט דער פּאָזיטיוויסטיש־אוטיליטאַרישער שולע

בנוגע די קאָנסעקווענצן פון דער עגאָאיסטישער נוצן-טעאָריע פאַר דער מענטשלעכער מאָראַל.

די אוטיליטאַריסטן האָבן געגלויבט, אַז אין דעם יסוד פון יעדער מענטשלעכער נשמה, ווי פון יעדער לעבעדיקער בריאה, ליגט אַ שטרעבן צו גליק. און גליק האָבן זיי זיך פאָרגעשטעלט, ווי אַ סכום פון תענוגים און הנאות. שטרעבן צו הנאות און אויסמיידן ליידן, — אָט דאָס איז פאַר זיי געווען די גרונט-טענדענץ פון יעדן לעבן. אַרויסגייענדיק אָט פון דעם שטאַנד-פונקט, — וואָס איז נאָך עד היום דער הערשנדיקער אין דער מאָ-דערנער וועלטאָנשויאונג, — האָבן זיי אין דער פאָזיטיוויסטישער פילאָזאָפיע אַרויסגעבראַכט דעם מאָראַל-פרינציפּ פון דעם „גרעסט-מעגלעכן גליק פאַר דער גרעסט-מעגלעכער צאָל מענטשן״.

ניטשע באַקעמפּט אָט דעם מאָראַלישן פרינציפּ, און איז פיינטלעך צו יעדער ריכטונג, וואָס שטעלט זיך איין פאַר די אינטערעסן פון דעם „רבים״, פון דער מאַיאָריטעט. ער לייקנט לחלוטין אָפּ דעם ביאָלאָגיש-פּסיכאָלאָגישן פונדאַמענט פון יענער טעאָריע. לויט ניטשעס העכסט-אָריגינעלער און טיפער מיינונג, איז דאָס לעבן נישט פאַרבונדן מיט אַ שטרעבן צו גליק, מיט אַן אַנטלויפן פון יסורים און ליידן. דאָס שטרעבן פון לעבן איז — לעבן אין פרייד אָדער לייד. דאָס לעבן שטעלט זיך נישט קיין ציל — צו האָבן וואָס מער הנאות און וואָס מער אויסצומיידן יסורים. דאָס לעבן וויל קאַמף, אַרויסברענגונג פון קראַפט און גבורה, פון נצחונות. יסורים זענען דעריבער— נאָך זיין מיינונג נאָך — אַן אַבסאָלוט-נויטווענדיקער עלעמענט אין דעם לעבן. די יסורים טרייבן איינעם צום קאַמף, שאַרפן דעם ווילן צו נצחון, פאַרשטאַרקן די אימפּולסן צום לעבן און מאַכן רייכער זיין אינהאַלט. באַזונדערס מערקווירדיק זענען יענע פּסיכאָלאָגישע אַנאַליזן ניטשעס, ווו ער זוכט צו באַ-ווייזן, אַז אין די ליידן גופא שטעקט פאַרבאָרגן אַן עלע-מענט פון ליידנשאַפטלעכער לוסט.

אָט דער קאַמף מיט די יסורים, וואָס לערנט איינעם אויס-צושמידן זיין ווילן האַרט ווי שטאָל, איז דער וויכטיקסטער זיין

פון דעם לעבן. די העכסטע לוסט אין דעם לעבן איז די לוסט פון דעם נ צ ח ו ן איבער די יסורים, די ל ו ס ט פון ב אַ ש אַ פ ן לעבן אין דעם אָנגעשטרענגטסטן קאַמף אַנטקעגן אַלע שטערנדיקע עלעמענטן.

אָפּשאַפן יסורים וואָלט דעריבער געהייסן אָפּשטעלן די טרייב-קראַפט פון דעם גאַנצן ביאָלאָגישן פּראָגרעס אין דער אַניִמאַלישער וועלט. עס וואָלט געהייסן אַוועקרויבן ביי דעם לעבן די העכסטע לוסט-מאָמענטן, וואָס עס פאַרמאָגט, — די לוסט פון דעם פריידיקן טריאומף איבער די אָפּגרונטן פון ליידן. ס'איז אמת, אַז נישט אַלע זענען מסוגל צו שטייגערן אין זיך גופא די לעבנס-אימפּולסן ביז צו אַזאַ הויכער מדרגה פון גבורה, פון פרייד אין יסורים. אָבער צו אָט דער מדרגה שטרעבט דאָס לעבן. עס וויל דורכגיין די פייער-פּראָבע פון ליידן, און די, וואָס קאָנען נישט אויסהאַלטן אַזאַ פייער-פּראָבע, זאָלן גיין צו גרונט, ווי עס גייען לאבוד אין דער נאַטור מיליאָנען און מיליאָנען פון לעבעדיקע וועזנס, וועלכע קאָנען נישט אויסהאַלטן דעם קאַמף פאַרן זיין. זיי גייען לאבוד און עס דערהאַלטן זיך ביים לעבן נאָר די אויסדערוויילטע, די שטאַרקערע; נאָר זיי ווערן די טרעגער פון אַ העכערן דור, פון אַ העכערער קרעפטיקערער ראַסע.

דערפון איז ממילא געדרונגען, אַז די רחמנות-מאָראַל, אָדער אויך די אוטיליטאַריסטישע מאָראַל, וואָס וויל העלפן דער ליידנדיקער מאַיאָריטעט, באַזאָרגן זי מיט „גליק", ד. ה. באַשיצן זי פון דער פייער-פּראָבע, אין וועלכער עס דאַרפן זיך אויסלייטערן די אויסדערוויילטע, די באַשאַפער פון דער העכערער, שטאַרקערער ראַסע, — אַז אָט די רחמנות-מאָראַל איז אַ רעאַקציאָנערע טאַט, וואָס גייט להיפך צו דעם פּראָגרעס אין דער נאַטור. זי שטעלט אָפּ יעדע אַנטוויקלונג און העכער-בילדונג פון דער מענטשלעכער ראַסע און ברענגט אַרויס אַ פאַרעוון לעבן פון ווערים, וואָס ווידמען זיך אין מיסט און זענען „גליקלעך" אין זייער מיסט, — אַ לעבן אָן קאַמף און אָן שאַפן.

זאָלן די מיליאָנען, די „פיל-צו-פילע" גיין צו גרונט אין זייערע ליידן, כדי אין אָט דעם שטענדיקן קאַמף-פּראָצעס זאָלן

זיך קאָנען אויסבילדן די העכערע נאַטורן און עס זאָלן באַשאַפן ווערן יענע בעסערע ווערק, וואָס די העכערע נאַטורן ברענגען אַרויס.

אַזאַ לערע איז געוויס אוממאָראַליש און פּאַטשט אין פּנים אַלע באַגריפן פון „גוט״ און „שלעכט״, וואָס מען האָט געלערנט ביז אַהער, אָבער די מאָראַל, ווי די רעליגיע, זענען — לויט ניטשע — דער ערגסטער סם, וואָס פּאַרגיפטעט די גאַנצע מאָדערנע קולטור, און קודם כּל דאַרף מען זיך באַפרייען פון אָט דעם סם.

דעמזעלביקן ווונדערבאַרן מוט, מיט וועלכן ניטשע טרייסלט פאַנאַנדער די יסודות פון דער מאָדערנער מאָראַל, ווייזט ער אויך אַרויס אין זיין קריטיק פון אַלע אַנדערע יסודות פון אונ־זער קולטורעלן לעבן און פון דעם הערשנדיקן פילאָזאָפישן געדאַנק. נישט נאָר די רעליגיע און די מעטאַפיזיק, נאָר אויך די געהיי־ליקטע זיילן פון מלוכה און רעכט, פון דעם פאַמיליען־לעבן און דעם אייגנטום, פון ליבע צו דעם פאָטערלאַנד און פון דעם נאַ־ציאָנאַליזם ווערן אָנגעגריפן מיט דערזעלביקער שאַרפקייט, מיט וועלכער ער פירט זיין קאַמף אַנטקעגן דער מאָראַל.

אומעטום זוכט ער אָפּצודעקן יענע פּסיכאָלאָגישע מאָמענטן, וואָס האָבן אַרויסגעבראַכט אָט די אַלע „הייליקטימער״; אומעטום ווייזט ער אויף אויף דעם עגאָאיסטישן לעבנס־טריב, וואָס ליגט אין זייער יסוד און אומעטום ווייזט ער אויך אויף, ווי אַזוי און פאַרוואָס יענע פונדאַמענטאַלע לעבנס־טריבן זענען פאַרהויקערט געוואָרן אין דער מענטשלעכער קולטור.

באַזונדערס ווערטפול פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון זיין פילאָזאָפיע, ווי אויך פאַר דעם מאָדערנעם געדאַנק, איז ניטשעס קריטיק פון דער מעטאַפיזיק און פון דער טעאָרעטישער שכלדיקער דערקענטעניש בכלל.

ניטשע שליסט זיך דאָ אָן אָן יענע ריכטונגען, וואָס זעצן אַראָפּ דעם ווערט, וועלכן דער מענטשלעכער שכל האָט פאַר דער טעאָרעטישער דערקענטעניש. דאָס איז קיין חדוש נישט ביי אַ דענקער, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אויף דער שאָפּענהאַוער־

שער פילאָזאָפיע, אין וועלכער דער מענטשלעכער שכל מיט אַלע זיינע אמתן, איז נישט מער ווי אַ געצייג אין די הענט פון דעם בלינדן, ד. ה. נישט שכלדיקן וועלט־ווילן.

אָריגינעל איז דאָ ניטשעס דערקלערונג, פון וואַנען עס האָבן זיך גענומען יענע „אייביקע געזעצן“, וואָס זענען אַ „מוז“ פאַר דעם מענטשלעכן שכל און פאַר דער מענטשלעכער דער־קענטעניש. יעדער מענטשלעכער שכל גלויבט, אַז עס איז דאָ אַ רוים, אַ וועלט־חלל, אין וועלכן עס געפינען זיך אַלע זאַכן, אַ סובסטאַנץ, וואָס פילט אויס דעם חלל, אַ צייט, אין וועלכער עס שפּילן זיך אָפּ אַלע פּראָצעסן פון דער וועלט, אַ קאַוזאַליטעט, וואָס מאַכט, אַז יעדע זאַך זאָל מוזן האָבן איר אורזאַך. יעדער מענטשלעכער שכל גלויבט, אַז די אַלע זאַכן געפינען זיך דרויסן פון אים אין דער נאַטור גופא, און אַז דער שכל, אָדער די מענטשלעכע דערקענטעניש בכלל, גע־פינט נאָר אויס דידאָזיקע זאַכן, ווי זיי זענען אין דער נאַ־טור.

שוין קאַנט האָט אָבער איינגעזען, אַז דאָס, וואָס דער שכל זעט אין דער נאַטור, איז אין תוך אַריין נישט קיין אַנ־דער זאַך, ווי דעם שכלס אייגענע געדאַנקען, וועלכע ער ברענגט אַרויס פון זיך גופא, לויט זיין אייגענער טבע, — אייביקע אומפאַרענדערלעכע געדאַנקען, ווייל זיי שטאַמען פון זיין אייביקער אומפאַרענדערלעכער טבע.

ניטשע שטימט איין מיט דעם אַנטראָפּאָלאָגישן סובּ־יעקטיוויזם, וואָס ליגט אין קאַנטס סיסטעם. ער זאָגט זיך אָבער אָפּ פון דער מעטאַפיזישער אויסטייטשונג, וואָס ער האָט באַקומען ביי קאַנטן. עס איז נישטאָ, זאָגט ער, קיין אייביקע אומפאַרענדערלעכע נאַטור פון דעם מענטשלעכן שכל. די געזעצן פון דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד, זענען נישט קיין נויטווענ־דיקע אומפאַרענדערלעכע אויסדרוקן פון דער מענטשלעכער טבע; זיי זענען נאָר צופעליקע סברות, וואָס דער מענטש האָט אַרויסגעבראַכט, כדי צו קאָנען פראַקטיש באַהערשן די נאַטור: סובּיעקטיווע מענטשלעכע סברות, וואָס האָבן זיך אַרויסגעוויזן

פאַר פּראַקטיש נוצלעך און האָבן זיך דעריבער, אַזוי־צו־זאָגן, איינגעגעסן אין אונזער פליש און בלוט, און גייען איבער בירושה פון דור צו דור.

וועלכע אַבסאָלוטע אמתן קאָן מען דעריבער אַרויסזאָגן וועגן דער נאַטור? — וואַרפן מיר אַראָפּ פון חשבון אַלץ, וואָס אונ־זער שכל טראַכט אויס, כדי אַריינצוברענגען אָרדענונג אין דער נאַטור, דעמאָלט בלייבט נאָר איינאיינציקער „אמת": עס איז דאָ דרויסן פון אונז אַ כאַאָס פון איינצלנע שפּירונגען, פאַרביקע פונקטן, קלאַנגען, גערוכן, לוסט־מאָמענטן, ווייטאָקן און אַזוי ווייטער, און אָט דער כאַאָס טראָגט זיך אַרום ווי אַ ווירבל־ווינט אָן אַ וועלכן עס איז סדר; לפּחות, קאָן קיין מענטשלעכער שכל נישט אויסגעפינען דעם סדר, וואָס הערשט אין דער נאַטור, אויב דאָרטן איז דאָ אַזאַ מין זאַך, ווי אָרדענונג און געזעצמע־סיקייט.

אַלץ, וואָס דער מענטש רעכנט, אַז דאָס „מוז" זיין אין דער נאַטור, איז אפשר גאָר אַ זאַך, וואָס קאָן אין איר נישט געמאָלט זיין, און צוריק: אַלץ, וואָס דער מענטשלעכער שכל האַלט, אַז דאָס קאָן אין דער נאַטור נישט געמאָלט זיין, איז דאָרטן אפשר אַ שטענדיקער פאַקט. מיר זענען זיכער, צ. ב., אַז עס קאָן נישט געמאָלט זיין קיין אינעווייניקסטער ווידער־שפּרוך אין דער נאַטור; אַז עס קאָן נישט זיין, עפּעס אַ זאַך זאָל יאָ־זיין און נישט־זיין אין איין און דערזעלביקער צייט. אָבער אויך אָט דער כלל גדול פון דער מענטשלעכער לאָגיק, אויף וועלכן עס האַלט זיך די גאַנצע טעאָרעטישע דערקענטעניש, איז נישט קיין אמת פאַר דער נאַטור, נאָר אַ מענטשלעכע סברה און אפשר גאָר אַ מענטשלעכע אומפעאיקייט צו דענקען אַ ווידער־שפּרוך.

אין זיין קריטיק פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש דערגרייכט זיך ניטשע כמעט ביז צו יענע דריי ניהיליסטישע כללים, וואָס דער סאָפיסט גאָרגיאַס האָט אַמאָל אויפגעשטעלט אין דער אַלט־גריכישער פילאָזאָפיע: „עס איז גאָרנישט נישטאָ, און אויב עפּעס וואָלט יאָ געווען, וואָלט מען דאָס נישט געקאָנט

דערקענען. און אויב מען וואָלט עפּעס יאָ געקאָנט דערקענען, וואָלט מען דאָס נישט געקאָנט מיטטיילן."

כדי עפּעס מיטצוטיילן דעם אַנדערן, דאַרף מען דאָס פריער האָבן געטראַכט אין געדאַנק. אָבער יעדע זאַך, וואָס קאָן געטראַכט ווערן אין אַ מענטשלעכן געדאַנק, איז שוין — לויט ניטשע — אַן אויסגעטראַכטע זאַך, וואָס האָט גאָרנישט נישט צו טאָן מיט דער ווירקלעכקייט.

דער רוסישער דיכטער טיוטשעוו האָט אַמאָל געזאָגט: „אַ געדאַנק, אַן אַרויסגערעדטער, איז אַ ליגן" („מיסל איזרעטשיאָננאַיאַ יעסט לאָזש"), ווייל די מענטשלעכע שפּראַך איז נישט ביכולת איבערצוגעבן אינגאַנצן אַ מענטשלעכן געדאַנק. ניטשע גייט נאָך ווייטער אין דעם פּרט און זאָגט בפירוש: „אַ זאַך, וואָס קאָן געטראַכט ווערן, מוז בלי ספק זיין אַ פיקציע."

ציען מיר דעם סך־הכל פון ניטשעס געדאַנקענגאַנג מכּוח דער טעאָרעטישער און דער מאָראַלישער דערקענטעניש, קאָנען מיר אָנווענדן אויף אים די פאָרמול, וועלכע ער האָט אַליין אַריבערגענומען פון אַן אַלט־גריכישן סאָפיסט: „קיין זאַך איז נישט אמת; יעדע זאַך איז מותר." („ניכטס איסט וואַהר; אַללעס איסט ערלאַובט.")

בלייבן — בלייבט נאָר איין זאַך: דער ווילדער כאַאָס פון דעם לעבן, מיט זיין פאַרשכּורנדיקן טאַנץ פון לוסט און פּיין, — אַ כאַאָס, פון וועלכן עס קריסטאַליזירן זיך אַרויס גרויסע, מענטשלעכע העלדן און גאונים, מיט זייערע גרויסע באַרוישנדיקע גאונישע ווערק.

צוליב אָט די גרויסע מענטשן און גרויסע ווערק זאָל מען לעבן, זאָל מען זיך אַריינוואַרפן אין דעם לעבנס־פאַרשכּורנדיקן טאַנץ.

ווי מען זעט, איז דאָס כּמעט דערזעלביקער רעזולטאַט, צו וועלכן ניטשע איז געקומען ביי דעם סוף פון זיין ערשטן אַנטוויקלונגס־פּעריאָד, ווען ער איז געשטאַנען אונטער דער שליטה פון שאָפּענהאַוערן. דערזעלביקער שלוס־אַקאָרד וועט אָבער אויך

אַרויסקלינגען פון דעם דריטן און לעצטן פעריאָד אין זיין פילאָ־זאָפישער אַנטוויקלונג.

דער געדאַנק פון דעם „העלד״, דער געניאַלער פערזענ־לעכקייט, וואָס הויבט אויף אַ קאַמף מיט זיין גאַנצן „אַרום״, צוליב זיין פרייעם שאַפן; פון דעם „העלד״, וואָס ברענגט אַרויס די העכערע ווערק פון דער מענטשלעכער קולטור, — אָט דער געדאַנק איז די צענטראַל־אַקס, אַרום וועלכער עס האָט זיך תמיד געדרייט ניטשעס דענקען. אין די פאַרשיידענע פעריאָדן פון זיין שאַפן האָט אָבער דער „העלד״ ביי אים אָנגענומען אַביסל אַ פאַרשיידענע געשטאַלט.

אין דעם ערשטן פעריאָד, — דעם שאָפּענהאַוערשן, — איז ניטשע, דער מוזיקער און פּאָעט, מער פאַר אַלץ געווען פאַר־ליבט אין דעם קינסטלער, דערהויפּט דעם מוזיקער. אין דעם צווייטן פעריאָד, — ווען זיין אינטערעס האָט זיך אַ קער גע־טאָן צו נאַטור־וויסנשאַפט און פרייעם פאָרשן, איז זיין ליבלינג־געשטאַלט געוואָרן — דער פריידענקער, וואָס באַקעמפט יעדע אילוזיע, וואָס שאַפט אָפּ אַלע ווערטן, פאַר וועל־כע דער מענטשלעכער שכל האָט זיך געבויגן ביז אַהער. אין דעם דריטן און לעצטן פעריאָד ווערט דאָס זיין דער נביא, דער „זאַראַטוסטראַ״, וואָס באַשאַפט נייע ווערטן, נייע „לוחות הברית״ פאַר דער מענטשהייט.

דערווייל געפינען מיר זיך נאָך אין דעם צווייטן פעריאָד. דאָ איז ניטשע, ווי מען זעט, מער קריטיקער און צעשטערער, איידער פּאָזיטיווער אויפבויער. עס איז אים אמת קלאָר, אַז מיטן אַראָפּטראָגן פון דער איצטיקער קולטור ווערט געטאָן נאָר אַ העלפט פון דער נויטיקער אַרבעט, אַז אַ נייע קולטור מיט נייע פּרינציפּן און צילן דאַרף אַריינטרעטן אין לעבן אויף דעם אָרט פון דער אַלטער. אָבער די גרונט־שטריכן פון דעם נייעם, וואָס דאַרף געבויט ווערן, שטייען נאָך נישט קלאָר פאַר זיינע אויגן. ער טרוימט פון אַן אינטערנאַציאָנאַלן פאַריין פון פריי־גייסטער, וואָס זאָלן איבערנעמען אויף זיך די אויפגאַבע פון דער קולטורעלער ווידערגעבורט.

אין אָט דעם צווייטן פעריאָד איז ניטשעס „שאַפנדיקע לוסט באַשטאַנען אין דער „צעשטערנדיקער לוסט." פון אַלע זיינע ווערק קלינגען אַרויס די פאַרשייטע, אָפטמאָל כמעט ציניש קלאַנגען פון דער צעלאָזנסטער פוילישער „מאַזורקאַ". און זיי ווערן כמעט ערגעץ נישט איבערגעריסן פון די טיפערע ערנסטע אָרגל־טענער פון דעם דייטשישן פליכט־געפיל, פון דעם „קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו."

ערשט ווען די צעשטערנדיקע אַרבעט איז געטאָן געוואָרן, ווען דער באָדן איז אינגאַנצן אָפגערייניקט געוואָרן מיט דער הילף פון דעם גרויסן ראַדיקאַלן קער־בעזים — „ניכטס איסט וואַהר; אַללעס איסט ערלאַובט," — ערשט דעמאָלט האָט זיך פאַר אים אָנגעהויבן די צייט פון דעם אייגנטלעכן פּאָזיטיוון שאַפן; ערשט דעמאָלט האָבן זיך אין די „מאַזורקאַ"־קלאַנגען גענומען אַריינרייסן — וואָס מער אַלץ שטאַרקער — די אָרגל־טענער פון דער מאָראַלישער פליכט און האָבן זיך צונויפגעגאָסן מיט די שטיפערישע מאַזורקאַ־קלאַנגען אין אַ „זאַראַטוסטראַ"־סימפאָניע לכבוד דעם אָנגעשטרענגטסטן קאַמף פאַר דאָס „העכסטע גוט" אויף דער ערד, — לכבוד דעם „א ו י ב ע ר־מ ע נ ט ש ן."

## III.

## דער זאַראַטוסטראַ־פעריאָד.

ווען מיר רעדן וועגן די דריי פעריאָדן אין ניטשעס לעבן און שאַפן, וואָס זענען דריי שטופן אין זיין פילאָזאָפישער אַנטוויקלונג, דאַרף מען זיך נישט פאָרשטעלן דעם ענין אַזוי פשוט, אַקוראַט, ווי ניטשע וואָלט מעטאָדיש און סיסטעמאַטיש אַריבערגעגאַנגען פון איין פּרינציפּיעלן שטאַנדפּונקט צו דעם אַנדערן.

דאָס איז געווען אַן אומרויִק, זיג־זאַג־אַרטיק ר י י ס ן זיך פון איין שטאַנדפּונקט, אַ שטענדיק אַריינרייסן־זיך אין אַ בייעם, און אַן אָפט אַרומשפּרינגען אַהין און אַהער און אין

אַלע זייטן. כמעט אין יעדן מאָמענט פון זיין שאַפן פלעגן זיך דעריבער צונויפפאָרן עלעמענטן פון דעם שוין איבערגעלעבטן שטאַנדפונקט מיט די עלעמענטן פון דעם נייעם, און מיט קערנ־דלעך פון אַ גאַנץ אַנדער געדאַנקענגאַנג, וואָס האָט קיינמאָל נישט געשלאָגן קיין טיפע וואָרצלען אין זיין נשמה, — „צוגע־פלויגענע פייגל״, ווי „זאַראַטוסטראַ״ האָט זיי אַ נאָמען געגעבן. — דעריבער זענען כמעט אַלע ווערק ניטשעס נישט פריי פון אינעװייניקסטע ווידערשפּרוכן, — דערהויפּט אין די דעטאַלן פון זיין וועלטאָנשויאונג.

אין דעם עיקר אָבער און בדרך כּלל איז ניטשע אין יעדן פּעריאָד פון זיין אַנטוויקלונג אַן אויסגעהאַלטענער דענ־קער, ליידנשאַפטלעך טריי, אַזוי לאַנג ווי מעגלעך, צו דעם צענטראַלן אמת, וואָס שטייט פאַר אים אין דעם פאָדערגרונט, — פאַרלאָזנדיק דעם צענטראַלן אמת און באַקעמפנדיק אים ליידנ־שאַפטלעך, ווען די אינעווייניקסטע לאָגיק פון זיין דענקען און פאָרשן פירט אים צו גאַנץ אַנדערע רעזולטאַטן.

ער הויבט אָן מיט אַ דאָגמאַטישן גלויבן אין דעם אַבסאָ־לוטן אמת בנוגע דעם תּוך פון דער וועלט. ער גלויבט, אַז אָט דער אַבסאָלוטער אמת איז אויסגעפונען געוואָרן פון שאָפּענהאַוערן אין זיין מעטאַפיזיק פון דעם וועלטווילן.

די קרוין פון שאָפּענהאַוערס פילאָזאָפיע, די פאַרהערלע־כונג פון פילאָזאָפיע און קונסט, ווי אַ גאולה פון דעם בלינדן ווילן צום זיין, ווערט דער פונדאַמענט פון ניטשעס אייגענעם שאַפן און אויף דעם פונדאַמענט ווערט דער שוואַרצסטער פּעסימיזם אויף דעם נאַטירלעכסטן און לאָגישסטן אופן פאַרוואַנדלט איז אַ לעבנס־לוסטיקן אָפּטימיזם, — דערווייל נאָך, אַ צו להכעיס־אָפּ־טימיזם, וואָלט איך געזאָגט: אַ לעבנסלוסט און לעבנספרייד אויף צו־להכעיס דעם וועלטווילן, וואָס טרייבט צו צער און פּיין.

דער חשד צו דעם וועלטווילן ווערט דערנאָך פאַרוואַנדלט ביי אים אין אַ צוטרוי צו דער נאַטור, אַ העכער־שטעלונג פון נאַטור איבער קולטור. דאָס ערנסטע פאַרטיפן זיך אין אונזער וויסן וועגן דער נאַטור און דורכ־

דעם גופא אין די פּראָבלעמען פון דעם מענטשלעכן וויסן בכלל, באַפרייט אים פון יעדער אַרט דאָגמאַטיק, פון יעדן גלויבן אין אַבסאָלוטע אמתן און אין דער מעגלעכקייט פאַר דעם מענטשלעכן שכל אַרויסצובּרענגען זיי. ער ווערט אַ סקעפּטי־קער, כּמעט אַ ניהיליסט אין דעם פילאָזאָפישן זין פון דעם וואָרט. זיין אָפּטימיזם ווערט דערביי אַ שטיפערישער, כּמעט אַ יוניש־פאַרשייטער. אָבער שטיפערישקייט און רייבע „מאַזורקאַ" זענען צווידער זיין ערנסטער נאַטור. די סקעפּטיק קאָן אים נישט באַפרידיקן, און ער הויבט אָן צו קעמפן מיט זיך אַליין פאַר אַ נייער וועלטאָנשויאונג און אַ באַוווסטזיניקן, פאַרפליכטנדיקן און בינדנדיקן לעבנסציל. דער „קאַ־טעגאָרישער אימפּעראַטיוו" רייסט זיך צו באַקומען די אויבער־האַנט איבער דער „פוילישער מאַזורקאַ". און אין דעם רעזול־טאַט באַקומט זיך אַן אָפּטימיסטישע וועלטאָנשויאונג, ווו די באַ־יאַאונג פון דעם לעבן איז נישט נאָר אַ לוסט, נאָר אויך אַן ערנסטע מאָראַלישע פליכט.

ווי אַזוי אָבער איז דאָס מעגלעך פאַר איינעם, וואָס גלויבט, אַז קיין זאַך איז נישט אמת, אַז יעדע געטראַכטע זאַך איז שוין אַ פיקציע און אַז קיין זאַך טאָר אונז נישט בינדן, ווייל „אַלעס איסט ערלאַובט"?

מעגלעך ווערט דאָס אַ דאַנק דעם טיפן איינזען, אַז, נישט קוקנדיק אויף אַלע קריטיקעס און סקעפּטיציזמען, לעבט אין דער מענטשלעכער נאַטור אַ מעטאַפיזישע באַדערפעניש און אַ מאָראַלישע באַדערפעניש: אַ מעטאַפיזישע באַדערפעניש צו האָבן פאַר די אויגן אַ קלאָר בילד פון דעם אַלוועלטלעכן תּוך, און אַ מאָראַלישע באַדערפעניש צו האָבן אַן אידעאַל, צו וועלכן עס זאָל געשטרעבט ווערן אין לעבן, וואָס זאָל ווערן אַ ווירקלעכקייט אַ דאַנק אונזערע אייגענע אָנשטרענגונגען; און אַז ביידע, סיי די מעטאַפיזישע באַדערפעניש, סיי די מאָראַלישע, מוזן באַפרידיקט ווערן דורך איינאייניציקן פילאָזאָפישן גרונט־פּרינציפּ.

ווי נעמט מען אָבער אַזאַ פילאָזאָפישן גרונט־פּרינציפּ,

אויב אַלע ווענן צו דעם תּוך פון דער נאַטור זענען אונז פאַר־שטעלט? אויב צווישן אונז און „נאַטור״ שטייט די וואַנט פון דעם מענטשלעכן דענקען, פון דער מענטשלעכער „פיקציע״?

לאָמיר זען, אַרגומענטירט ניטשע, ווי אַזוי דאָס איז גע־ווען מיט די פריערדיקע „אמתן״, אין וועלכע די מענטשן האָבן געגלויבט. לאָמיר אויסנוצן דאָס ביסעלע אמת וועגן אַ טייל פון דער וועלט, אין וועלכן מיר צווייפלען נישט, ד. ה., וועגן יענע איבערצייגונגען אונזערע, וואָס האָבן אונז געפירט צו דעם סקעפּטישן בליק.

מענטשן האָבן געגלויבט, אַז זיי האָבן אין זייערע מעטאַ־פיזישע געביידן אויסגעפונען די „אמתע״ וועלט. איז דאָס געווען די „אמתע״ וועלט? ניין! וואָס דען איז דאָס געווען? פּשוטער הוילער שטות? — אויך דאָס נישט, ענטפערט ניטשע. דאָס איז געווען, זאָגט ער, אַ ווערטשאַצונג פון דער וועלט. דאָס איז אין תּוך אַריין גאָרנישט געווען קיין ענטפער אויף דער שאלה: „וואָס איז די וועלט?״, ווייל אַזאַ שאלה מוז בלייבן אומ־פאַרענטפערט. דאָס איז געווען אַן ענטפער אויף אַ גאַנץ אַנדער שאלה: „וואָס זאָלן מיר, מענטשן, גלויבן וועגן דער וועלט, כּדי מיר זאָלן קאָנען פירן אַ בעסער לעבן אין איר, כּדי מיר זאָלן זי קאָנען בעסער באַהערשן, כּדי מיר זאָלן געווינען די איבערמאַכט איבער איר?״

דער אמת וועגן דער וועלט, וועלכע דער מענטש ברענגט אַרויס, איז דעריבער נישט קיין אַנטדעקונג פון עפּעס אַזוינס, וואָס איז דאָ אין דער וועלט. נאָר אַ „פיקציע״, אָבער אויב אין דעם צווייטן פּעריאָד האָט דאָס וואָרט „פיקציע״, געהאַט פאַר ניטשען דעם באַטייט פון אַ שקר, אַן אילוזיע, פון וועל־כער מען דאַרף זיך באַפרייען, אַנטדעקט ער איצטער אין איר אַ נייע זייט: אַ „פיקציע״ איז אַ שאַפונג, אַ פּראָצעס פון גייסטיקן שאַפן, וואָס ווערט אָנגעטריבן פון דעם מענטשנס ווילן צו מאַכט איבער דער נאַטור. און יעדער דערקענטעני־שטריב איז אין זיין פּסיכאָלאָגישן שורש — לויט ניטשע — נישט קיין אַנדער זאַך, ווי אַ טריב צו מאַכט, צו הערשאַפט

איבער דער רעאַליטעט. יעדע דערקענטעניש און יעדע פילאָ-
זאָפישע סיסטעם איז דעריבער אין איר תּוך אַלעמאָל אַנטראָ-
פּאָצענטריש. זי איז — אַ באַטראַכטונג און ווערטשאַצונג
פון דער וועלט פון אַ מענטשלעכן שטאַנדפּונקט; און צו
דערזעלביקער צייט איז זי ביאָלאָגיש, ד. ה. אַזאַ באַטראַכ-
טונג, וואָס שטייגערט זיין לעבן, זיין מאַכט איבער דער
וועלט.

דער לאָגישער זאַץ פון דעם ווידערשפּרוך, צ. ב. וועמעס
אַבסאָלוטן אמת ניטשע פאַרוואַרפט, ווייל אונזער מענטשלעכע
אומפעאיקייט צו דענקען אַ ווידערשפּרוך איז נישט קיין באַפעל
פאַר דער נאַטור, באַקומט איצטער, ווען מיר באַטראַכטן די זאַך
אַנטראָפּאָצענטריש און ביאָלאָגיש, אַ גאַנץ אַנדער אויסזען. ער
איז אַ באַפעל, אָבער אַ באַפעל נישט פאַר דער נאַטור, נאָר
פאַר דעם מענטשן. „דער זאַץ פון דעם ווידערשפּרוך", זאָגט ני-
טשע, „איז אַן אימפּעראַטיוו", — אַ באַפעל פאַר דעם מענטשן,
ער זאָל אויסמיידן ווידערשפּרוכן אין זיינע געדאַנקען, ווייל אַזוי
וועט ער קאָנען בעסער באַהערשן די וועלט.

פון אַן אַנטראָפּאָצענטריש-ביאָלאָגישן שטאַנדפּונקט קאָן מען
שוין נישט זאָגן: „ניכטס איסט וואַהר", „קיין זאַך איז נישט
אמת", ווייל אָט דער שטאַנדפּונקט גיט אונז אַ גאַנץ נייעם באַ-
גריף וועגן דעם מהות פון דעם אמת. אמת איז אַלץ, וואָס
דער מענטש באַשאַפט פאַר זיך אין זיינע געדאַנקען, כדי בע-
סער צו באַהערשן די דרויסנדיקע רעאַליטעט.

ביז אַהער האָבן די מענטשן געבויט זייערע אמתן אַנטראָ-
פּאָצענטריש-ביאָלאָגיש אומבאַוווסטערהייט. לאָמיר — זאָגט ני-
טשע, — טאָן דאָס אייגענע אָבער באַוווסטזיניקערהייט,
לכתחלה וויסנדיק, אַז מיר בויען מענטשלעכע אמתן, ד. ה.
אַז מיר אַנטדעקן נישט דעם תּוך פון דער וועלט, נאָר מיר
שאַפן אַ וועלט-בילד, כדי מיט זיין הילף צו באַהערשן די וועלט.
אויף אַזאַ אופן באַפרידיקן מיר אויף אַ כשרן ערלעכן אופן אונ-
זער מעטאַפיזישע באַדערפעניש.

און אויף דעמזעלביקן אַנטראָפּאָצענטריש-ביאָלאָגישן וועג

קאָנען מיר אויך באַפרידיקן אונזער מ אָ ר אַ ל י ש ע באַדערפע-ניש, — די אויסגעפינונג פון דעם „העכסטן גוט", צו וועלכן דער מענטש זאָל שטרעבן, וואָס זאָל ווערן דער ציל און דער זין פון זיין לעבן.

ס'איז אמת, אַז אין דער נאַטור און אין דעם גאַנג פון דער געשיכטע זעען מיר נישט קיין צילן. דער כאַאָס פון די געשעענישן אין דער נאַטור האָ ט נישט קיין זין און קיין ציל. וויניקסטנס האָבן מיר קיין רעכט נישט אַריינצופּאַנטאַזירן אין איר אַזעלכע צילן. אָבער דוקא ו ו י י ל די וועלט האָט נישט קיין צילן, איז זי פאַר אונז, מענטשן, אַן אָפענע וועלט: ווער קאָן אונז דען פאַרווערן זיך אַליין אַוועקצושטעלן אַ צ י ל פאַר די אויגן ? ווער לאָזט אונז דען נישט אַרייצוטראָגן א ו נ ז ע ר מ ע נ ט ש ל ע כ ן ז י ן אין דעם פּראָצעס פון דעם וועלטלעכן געשעען ?

מיר האָבן אויף דער נאַטור אַרויפגעצוווּנגען אַ סך מענטש-לעכע צילן, וועלכע זי האָט געמוזט פאַרווירקלעכן אין אונזער טעכניק. פאַרוואָס זאָלן מיר נישט טאָרן אַרויפצווינגען אויף איר,— נישט אַריינפאַנטאַזירן אין איר, — אונזער העכסטן מענטשלעכן לעבנס-ציל ?

ניטשע ווייס גאַנץ גוט, אַז ווען מענטשן שאַפן אַנטראָפּאָ-צענטריש-ביאָלאָגיש, קאָנען זיי נישט אַרויסברענגען קיין „אָב-יעקטיווע" אמתן, וואָס זאָלן זיין אַ לאָגישער „מוז" פאַר יעדן דענקענדיקן קאָפּ. צו קלאָר שטייט פאַר אים, דעם טיפן פּסיכאָלאָג, דער פאַקט, אַז די באַשאַפונג שפּיגלט אָפּ דעם באַשאַפער, אַז די „ראַסע", ד: ה. דער גאַנצער פּסיכאָ-פיזישער מ ה ו ת פון דעם באַשאַפער, דריקט זיך אויס אין זיין ווערק.

ממילא מוז יעדער אַרויסגעבראַכטער פילאָזאָפישער אמת אָפּשפּיגלען קודם-כל דעם א י נ ד י ו י ד ו ע ל ן מהות פון דעם באַ-שאַפער: ז י י נ ע אינטערעסן, זיינע סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס, ז י י ן אַרט צו דענקען און צו ז ע ן דערשיינונגען. יעדער פי-לאָזאָפישער אמת איז דעריבער, — ווי מיר האָבן דאָס אָנגערופן

אין אַן אַנדער אָרט*), — „אַן אינדיווידועלע פּלאַנץ״; ער איז על פּי נויטווענדיקייט אינדיווידואַליסטיש-סוביעקטיוו.

אָבער דאָס שרעקט ניטשען בשום אופן נישט אָפּ. באַוווסטערהייט שטרעבט ער אַרויסצובּרענגען זיין אייגענעם אמת. ווען פאַרבייגייער פרעגן „זאַראַטוסטראַן״: „ווו איז דער וועג?״, ענטפערט יענער: דער וועג? „דער״ וועג איז גאָרנישטאָ אין מציאות, אָט דאָס איז מיין וועג! ווו איז אייערער?

דאָס וויל זאָגן: איך שטרעב אויף דעם ערלעכסטן אופן, מיט דער גאַנצער איבערגעגעבנקייט צו דעם שטרענגסטן אמת, אַרויסצוברענגען יענעם אמת וועגן דער וועלט, וואָס איז אָנגעמאָסטן אָן מיין נאַטור, אָן מיין ווערטשאַצונג פון דער וועלט. איך וויל אויך אויף דעמזעלבן שטרענגערלעכן אופן אויסגעפינען, וואָס דאַרף זיין דער העכסטער אידעאַל פאַר דעם מענטשן, וואָס זאָל באַלייכטן זיין לעבנס-וועג. איך ווייס אָבער, אַז דאָס, וואָס איך וועל אַרויסבּרענגען, וועט זיין מיין אמת. אָבער אָט דעם אמת, דעם סוביעקטיוו-אינדיווידואַליסטישן אמת מיינעם, — איך זאָג דאָס אייך ערלעך און אָפן, — וויל איך אַרויפצווינגען אויף אייך און אויף דער גאַנצער וועלט (אויב איך וועל דאָס קאָנען). טוט דאָס אייגענע! בויט אויף אייערע סוביעקטיוו-אינדיווידואַליסטישע אמתן, מיט דערזעלביקער שטרענגער איבערגעגעבנקייט נישט אָפּצונאַרן זיך אַליין, נאָר אַרויסצוברענגען אין אים אייער גאַנצן מהות, — נישט נאָר אייער דענקענדיקן „איך״, נאָר אייער „לייב און זעל״, אייער „זעלבסט״, וואָס וועט זיך אויסדריקן אין אייער ווערטשאַצונג פון דער וועלט, שטעלט אויס אייערע אמתן אין צייל אַנטקעגן מיינע, און... לאָמיר זען, „ווער-וועמען!״

אויף אַזאַ אופן גייט דאָ אַריבער דער סקעפּטישער שטאַנדפּונקט, וואָס באַצווייפלט — אָדער לייקנט לגמרי אָפּ — יעדן אמת און יעדן מאָראַלישן אידעאַל, אין אַ סוביעקטיוו-

*) זע אויבן דאָס אַרטיקל „די מאַכט פון אמת״.

אינדיווידואַליסטישן שטאַנדפּונקט, וואָס פאָדערט, אַז יעדער איינער זאָל באַוווסטזיניקערהייט שטרעבן אַרויסצוברענגען זיין אייגן וועלט־בילד און לעבנס־אידעאַל, ווי יענעם „אמת״, וואָס איז אַ נויטווענדיקייט פאַר זיין גאַנצן „זעלבסט״.

לאָמיר דאָ באַמערקן, אַז אָט דער סוביעקטיווער אינדיווידואַליזם איז שוין אַ סך פריער פאַר ניטשען אַרויסגעבראַכט געוואָרן פון פרידריך אַלבערט לאַנגען אין דייטשלאַנד און ניקאָלאַי מיכאַילאָווסקין אין רוסלאַנד, און נאָך פריער פאַר זיי ביידן פון שטירנערן, און נאָך פריער פאַר שטירנערן — אין דער אַלט־גריכישער פילאָזאָפיע פון פּראָטאַגאָראַסן.

ניטשע שמידט דאָ אויס אויף זיין אייגענעם שטייגער אַ רינג אין יענער פילאָזאָפישער קייט, וואָס ציט זיך פון פּראָטאַגאָראַסן אָן דורך די אויבנדערמאָנטע דענקער און דורך אים גופא, ביז צו די „פּראַגמאַטיסטן״ און „הומאַניסטן״ פון אונזער צייט, — אַ קייט, וואָס הויבט זיך אָן מיט דער עיקר שילערן, — אַ קייט, וואָס הויבט זיך אָן מיט דעם ערשטן גילדערנעם רינג, וועלכן פּראָטאַגאָראַס האָט אויסגעשמידט אין די ווערטער: „דער מענטש איז די מאָס פאַר אַלע זאַכן; פאַר די זייענדיקע, ווי זיי זענען, און פאַר די נישט־זייענדיקע, ווי זיי זענען נישט.״

וואָס איז און וואָס איז נישט אין דער וועלט, לויט ניטשעס בליק אויף איר?

לאָמיר זען, וואָס איז געבליבן אויפן פּלאַץ, ווען ניטשעס סקעפּטישער קער־בעזים האָט אַרויסגעקערט אַלע „פיקציעס״ פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש.

געבליבן איז אַ וועלט־כאַאָס פון איינצלנע שפּירונגען, „סענסאַציאָנען״, וואָס שפּרינגען „שטיפעריש״ אַריין אין דעם שטראָם פון דער אייביקער צייט.

געבליבן איז פאַר אים ווייטער אויך די איבערצייגונג, אַז יענע שפּירונגען (פאַרביקע פונקטן, געררוכן, קלאַנגען, לוסטן, חייטאָקן א. אַז. וו.) זענען נישט קיין מאַטעריעלע אַטאָמען, נאָר קראַפט־צענטערן, וואָס ווירקן איינע אויף די אַנדערע. און ער נעמט אָן מיט ראָבערט מייערן און דער גאַנצער פיזיק

פון זיין צייט, אַז דער סכום פון דער וועלט־קראַפט איז אַן אייביקער, ד. ה., אַז ער קאָן קיינמאָל נישט פאַרגרעסערט ווערן און קאָן קיינמאָל נישט פאַרמינערט ווערן. קלאָר איז אויך פאַר ניטשען יענער רעזולטאַט, צו וועלכן קאַנט איז געקומען און שאָפּענהאַוער האָט באַפעסטיקט, אַז דער רוים, דער „אומ־ענדלעך־אויסגעשפּרייטער חלל" איז אַ ריינע מענטשלעכע „דער־שיינונג", וואָס געפינט זיך נישט אין דער „וועלט". ער רעכנט אָבער, אַז די צייט אין איר גאַנצער אומענדלעכקייט קאָן בשום אופן נישט אָפּגעלייקנט ווערן.

שוין פון אָט די עלעמענטן אַליין בויט ניטשע אויף איי־נעם פון די וויכטיקסטע גרונט־זיילן פון זיין נייער פילאָזאָפיע. דאָס איז די לערע פון דעם „אייביקן ווידערקום."

אויב דער סכום פון דער וועלט־קראַפט איז אַן אייביקער, אַ שטענדיקער, וואָס קאָן נישט פאַרמערט ווערן, מוז ממילא דערפון געדרונגען זיין, אַז יענער סכום איז נישט קיין אומ־ענדלעכער, נאָר אַן ענדלעכער: ווייל אומענדלעכקייט באַשטייט גראָד אין דעם, וואָס איר טאָרט זיך נישט אָפּשטעלן ביי קיין סכום און מוזט צו איר מוסיף זיין אַלץ מער און מער.

אויב די קראַפט־צענטערן פון אַן ענדלעכן סכום ווירקן איינע אויף די אַנדערע, הייסט דאָס, אַז זיי אַלע זענען אויס־געבונדן איינאיינעם. ווען איר טוט אַ נעם איין דערשיינונג, מוזן זיך נאָך איר נאָכציען אַלע אַנדערע דערשיינונגען, ווי־אויגלעך פון אַ נעץ. יעדער געגעבענער מאָמענט פון דער אייבי־קער אומענדלעכער צייט איז דעריבער אַ קאָמבינאַציע פון קראַפט־צענטערן, וואָס וואַקסט אַרויס פון דעם פריערדיקן מאָמענט און באַשטימט מיט זיך די קאָמבינאַציע פון דעם קומענדיקן מאָמענט.

די קאָמבינאַציעס פון אַן ענדלעכן סכום קראַפט־צענטערן מוזן אָבער על פי הכרח אויך זיין פון אַן ענדלעכער צאָל. אין אַ געוויסער צייט מוזן אַלע מעגלעכע קאָמ־בינאַציעס, וואָס פליסן אַרויס איינע פון דער אַנדערער, זיך

אויסשעפּן. וואָס מוז פאַרקומען דעמאָלט, ווען די קאָמבּינאַציעס שעפּן זיך אויס?

פאַרשווינדן קאָן נישט די וועלט. בּלייבּן שטיין אָן אַ וועלכער עס איז ענדערונג, אויף אַ איי בּ י ק אַ פאַרגליווערטע?

אָבּער אין דער אומענדלעכער צייט, וואָס איז פאַרפלאָסן געוואָרן בּיז אַהער, וואָלט די אייבּיקע פאַרגליווערטקייט שוין לאַנג געמוזט האָבּן אַריינגעטרעטן אין לעבּן. און זעען מיר, אַז די וועלט ענדערט זיך, ד. ה. בּרענגט אַרויס אַלץ נייע און נייע פאַרבּינדונגען פון דער בּאַגרענעצטער צאָל קראַפט־צענטרען, בּלייבּט פאַר אונז נאָר איינאיינציקער אויסוועג: מיר מוזן אָננע־מען, אַז נאָכדעם, ווי אַלע מעגלעכע קאָמבּינאַציעס שעפּן זיך אויס, מוז דאָס וועלט־שפּיל זיך אָנהויבּן פון אָנהויבּ, אין דעמזעלבּיקן סדר, ווי פריער. און ווייל די צייט איז איי בּ י ק, ד. ה. אומענדלעך, מוזן מיר אויך אָננעמען, אַז אַלע מעגלעכע קאָמבּינאַציעס האָבּן זיך שוין נישט איין מאָל, נאָר אומענדלעכע, אומצאָליקע מאָל אויסגעשעפּט און האָבּן זיך ווידער אָנגעהויבּן פון אָנהויבּ.

ווען איך זיץ איצטער בּיים שרייבּ־טיש און שרייבּ אין יידיש וועגן ניטשעס פילאָזאָפיע, קאָן איך, לויט אָט דער פילאָ־זאָפיע, זיין זיכער, אַז איך בּין אין דעם אומענדלעכן עבר שוין אומענדלעכע מאָל אַזוי געזעסן בּיי פונקט דעמזעלבּיקן טיש און האָבּ געשריבּן אויף פונקט דעמזעלבּיקן פּאַפּיר פונקט דיזעל־בּיקע יידישע אותיות. און איך קאָן אויך זיכער זיין, אַז אין דער אומענדלעכער צוקונפט וועט זיך אומצאָליקע מאָל אָפּשפּילן דערזעלבּיקער מאָמענט.

איך בּין דעריבּער שוין מילי־מיליאָנען מאָל געבּאָרן גע־וואָרן, בּין מילי־מיליאָנען מאָל געשטאָרבּן און וועל ווידער מילי־מיליאָנען מאָל „שטיפעריש אַריינשפּרינגען״ אין דער וועלט און וועל פירן דאָסזעלבּיקע לעבּן, וועלכעס איך פיר איצטער, מיט די־זעלבּיקע מענטשן, וואָס רינגלען מיך אַרום, וואָס וועלן אויך אַזוי, ווי איך, קומען אינאיינעם מיט מיר אויף דער וועלט. דאָס לעבּן איז דעריבּער איי בּ י ק. עס איז נישטאָ קיין אַבּסאָלוט

שטאַרבן. עס איז דאָ נאָר אַן איבערדרייס אויף אַ געוויסער צייט (לאָז זיין פון מילי־מיליאָנען יאָרן) און אַן אייביק אויף־דאָס־ניי־געבאָרן ווערן.

אָט דאָס איז ניטשעס לערע פון דעם „אייביקן ווידער־קום״, מיט וועלכער ער איז געווען אַזוי שטאָלץ. דער געדאַנק איז אייגנטלעך נישט קיין נייער: מיר געפינען אים שוין אין דער אַלט־גריכישער פילאָזאָפיע ביי העראַקליטן און די סטאָאיקער. ניי איז נאָר די באַגרינדונג פון דעם געדאַנק, וואָס שטיצט זיך אויף די מאָדערנע לערעס פון דער פיזיק און דער דערקענטע־ניש־טעאָריע.

ליידער — (אָדער אפשר: צום גליק!) איז דער גרונט־זאַץ, וועלכן ניטשע נעמט אַריבער פון דער פיזיקאַלישער וויסנ־שאַפט, אַז דער סכום פון דער וועלט־ענערגיע בלייבט זיך תמיד גלייך, איצטער שוין נישט אַזוי פעלזן־פעסט זיכער, ווי דאָס האָט זיך אויסגעדוכט אין זיינע צייטן. די מאָדערנע פיזיק האָט שוין, מיט מאַכן, אָפּגעלייקנט די וויסנשאַפטלעכע נויטווענדיקייט פון אַזאַ געדאַנק, און עס מערן זיך אין דער איצטיקער צייט פיזי־קאַליש־מאַטעמאַטישע אונטערזוכונגען, וואָס באַווייזן, אַז ענער־גיעס קאָנען לחלוטין פאַרשווינדן, — ממילא איז נישט אויס־געשלאָסן, אַז זיי קאָנען געבאָרן ווערן לגמרי פון זיך אַליין, און ממילא קאָן דער סכום פון די מעגלעכע וועלט־קאָמבינאַציעס ווערן אַן אומענדלעכער, ד. ה. קיינמאָל נישט, צו קיין צייט נישט, אַן אויף אייביק אָפּגעשלאָסענער.

דאָס עפנט אויף די וויסנשאַפטלעכע מעגלעכקייט פאַר אַזאַ פילאָזאָפיע, ווי בערגסאָנס, וואָס לערנט, אַז דער וועלט־פּראָצעס איז נישט אַן אייביק קאָמבינירן פון אַ סכום עלע־מענטן, וואָס איז איינמאָל פאַר אַלעמאָל פאַראַנען אין דער וועלט; נאָר אַז דער אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פון דער וועלט איז אַן אייביק־שאַפנדיקער פּראָצעס, וואָס ברענגט אַרויס נייע ענערגיעס, וועל־כע קאָנען אַריינטרעטן אין איר אָן אַ צאָל און אָן אַן ענד.

דאָס גראָבט אונטער איינגאַנצן דעם פונדאַמענט פון ניטשעס גלויבן אין דעם „אייביקן ווידערקום״. אָבער ניטשע האָט אַזאַ

נייעם קער אין דעם וויסנשאַפטלעכן דענקען נישט געקאָנט פאַר־אויסזען. און שטאָלץ איז ער געווען אויף זיין געדאַנק דערפאַר, וואָס ער באַשאַפט אַזאַ וויכטיקע פילאָזאָפישע פּאָזיציע אין דעם קאַמף אַנטקעגן דעם פּעסימיזם פון איין זייט און דער רחמנות־מאָראַל פון דער אַנדערער.

דאָס לעבן איז אייביק, און אַלץ וואָס איז געווען וועט ווידער אַמאָל קומען אין דערזעלביקער פאָרם און קאָמבינאַציע, ווי עס איז געווען. עס איז דעריבער נישטאָ קיין ברעקל האָפענונג אויף דער „ג א ו ל ה פון דעם זיין," נישט פאַר דעם אינדיווידו־אום, נישט פאַר דער גאַנצער וועלט, און אויב אייך איז נמאס די וועלט, בלייבט פאַר אייך קיין אַנדער אויסוועג נישט, ווי דער נרענעצלאָזער, האָפענונגסלאָזער יאוש, פון וועלכן איר קאָנט נישט רעטן אַפילו זיך אַליין, ווייל ווען איר זאָלט אַפילו פאָלגן שאָ־פּענהאַוערן און זיך „אַרויסהונגערן" פון דער איצטיקער וועלט, וועט דאָס אויך זיין אַ תּרופה נאָר אויף אַ קליינער ווײַלע. דער „גלגל החוזר" וועט ווידער קומען צו דעם פּונקט, ווען איר דאַרפט געבאָרן ווערן און — אָט זייט איר ווידער דאָ!

אָבער פאַרוואָס זאָל מען בכלל זיין פּעסימיסטיש? איז דען נישטאָ אין דעם זיין, מיט אַלע זיינע ליידן, אַזעלכע מאָ־מענטן, צוליב וועלכע עס לוינט זיך צו לעבן און צו ליידן? — אַזעלכע מאָמענטן זענען דאָ, זאָגט ניטשע. דאָס זענען די ל ו ס ט־מ אָ מ ע נ ט ן פ ו ן ד ע ם ש אַ פ ן און די פריידיקע באַוווּנדערונג פון די גרויסע מענטשן און זייערע ווערק. אָט די גרויסע מענטשן און ווערק וועלן אייביק אַרויסגעבראַכט ווערן און אייביק צוריקקומען. עס איז די א ו מ ש ט ע ר ב ל ע כ ק ײ ט פ ו ן ד ע ר ש אַ פ נ ד י ק ע ר ל ו ס ט, וואָס דער „גלגל החוזר"־געדאַנק גיט אונז, און יעדער, ביי וועמען די לעבנס־לוסט איז נישט פאַרדאָרבן דורך קראַנקהייט אָדער קראַנקע געדאַנקען, יעדע שטאַרקע, לעבנס־פריידיקע נאַטור מוז זיך פילן טויזנט מאָל געשטאַרקט דורך דער פּערספּעקטיווע פון איר אייביקן ווידערקום, ווייל „לוסט וויל טיפע, טיפע אייביקייט."

די לעבנס־פרייד און די עקזיסטענץ־פרייד ווערט נאָר געשטערט

דורך אונזערע מאָראַלישע רחמנות-געדאַנקען, וואָס קאָנען נישט אַריבערטראָגן אַלע אכזריותן און יסורים, וואָס קומען פאָר אין דער וועלט, וועלכע דער „גלגל החוזר", דאָס וועלטן-יאָר, וועט ווידער אַרויסברענגען אויפסניי: אָבער אין דעם איז שוין נישט שולדיק די וועלט, נאָר דאָס *מענטשלעכע שוואַכע האַרץ*. ווער הייסט אונז דען זיין שוואַכינקע און נעבעכדיקע, און סימפּאַטיזירן מיט די שוואַכינקע און נעבעכדיקע! „רחמנות איז אַ מדה מגונה, ווייל זי פאַרפיינדט אונז מיט דער וועלט און מיט דעם לעבן", — אַזוי וואָלט ניטשע געקאָנט פאָרמולירן זיין מאָראַלישן גרונט-זאַץ, שטיצנדיק זיך אויף אַן ענלעכן געדאַנק ביי דעם גרעסטן יידישן דענקער שפּינאָזאַ. מיר דאַרפן *וועלן* אַזאַ וועלט, ווי זי איז, נישט דערפאַר אַליין *ווייל* זי איז, נאָר ווייל עס איז *גוט* אַזוי, ווי זי איז, — אַ שטאַרקע, קראַפט-רייכע, פול מיט לעבנס-לוסט פאַר די שטאַרקע און קראַפט-רייכע.

דאָס ווערט נאָך קלאָרער, ווען מיר ווילן אונז אויסמאָלן דעם טיפסטן תוך פון יענע קראַפט-צענטרען, וואָס פון זיי און פון זייער קאָמבינאַציע-שפּיל באַשטייט די וועלט.

מיר זענען שוין באַקאַנט געוואָרן מיט דעם לעצטן פּסיכאָלאָגישן רעזולטאַט, צו וועלכן זיין דערקענטעניש-טעאָריע האָט געפירט ניטשען. די דערקענטעניש איז נישט אַ פּראָדוקט פון דעם קלאָרן שכל און דעם דענקען, נאָר פון דעם *ווילן*. דער מענטש איז אין זיין תוך נישט געדאַנק, נאָר *ווילן*. דאָס ווערט פאַראַמתט דורך אַלע אַנאַליזן, וועלכע מיר מאַכן סיי אין דער פּסיכאָלאָגיע פון דעם טאָג-טעגלעכן לעבן, סיי אין דער פּסיכאָלאָגיע פון אַלע ווערק, וועלכע די מענטשהייט האָט אַרויסגעבראַכט: הינטער זיי אַלעמען לויערט די פאַרבאָרגענע ווילנס-קראַפט.

דאָס האָט שוין שאָפּענהאַוער ריכטיק איינגעזען און *ער* האָט שוין דערפון געצויגן דעם ריכטיקן שלוס, אַז מיר זענען נאָר אַ טייל פון דער גאַנצער וועלט, און אַז אונזער אינעווייניקסטער פאַרבאָרגענער תוך איז ממילא דער אינעווייניקסטער

פאַרבאָרגענער תּוך פון דער גאַנצער וועלט: ד. ה., אַז מיר זענען אין תּוך אַריין װילן.

מיר האָבן אַ גוט רעכט, זאָגט ניטשע, צו ציען דעמזעל־ביקן שלוס, מיר דאַרפן זיך אָבער דערביי היטן נישט אַריינצו־פאַלן אין יענע גרונט־טעותן, וועלכע שאָפּענהאַוער האָט געמאַכט מיט זיין וועלט־ווילן.

שאָפּענהאַוער האָט אינאיינעם מיט שפּינאָזאַן און די איבע־ריקע מעטאַפיזיקער, ווי פיכטע, שעלינג און העגעל, אָנגענומען אַן איינאיינציקע וועלט־סובסטאַנץ: אַלע איינצל־קרעפטן און דערשיינונגען זענען נאָר צופעליקע וואַלן אין דעם גרויסן וועלט־ים, אָן אַ ברעקל זעלבשטענדיקייט און אייגענע עקזיסטענץ. דעמזעלביקן טעות האָט געמאַכט שאָפּענהאַוער מיט זיין איינ־איינציקן וועלט־ווילן. אַלע איינצלנע ווילנס ווערן פאַרטרונקען אין אים און באַהערשט פון אים. מיר ווייסן אָבער, אַז די וועלט באַשטייט פון אַן אומגעהייערן סכום איינצלנע שפּירונגען, וואָס ווירקן איינע אויף די אַנדערע, ד. ה., וואָס זענען זעלבשטענדיק אין זייער ווירקן. מיר האָבן זיי דערקענט פאַר קראַפט־צענטרען, פאַר באַזונדערע אינדיווידואַליטעטן. איצטער טראָגן מיר אַריבער אויף זיי אונזער אינעווייניקסטן תּוך, דעם ווילן, און זיי דערשיינען פאַר אונז ווי צאָלרייכע, פיל־געשטאַלטיקע ווילנס־צענטרען, „ווילנס־פּונקטואַציעס,״ ווי ניטשע רופט זיי. יעדער ווילנס־צענטער איז אַן אינדיווידו־אום, וואָס האָט זיין ווילן אין זיך.

זיין ווילן צו וואָס? צו עקזיסטענץ, צו זיין, ענטפערט דערויף שאָפּענהאַוער. אָבער דאָ מאַכט ער, לויט ניטשעס קריטיק, ווידער אַ טעות, אַן אומזיניקן טעות.

וואָס הייסט וועלן זיין? אויב איינער איז נאָך נישטאָ אין דער עקזיסטענץ, איז ווער זאָל דאָ וועלן? און אויב איי־נער איז שוין דאָ, הייסט וואָס דאַרף ער נאָך וועלן, שטרעבן צו עפּעס אַזוינס, וואָס איז שוין דאָ?

אָדער איז דאָס אַ וועלן צו גליק? אַ שטרעבן צו הנאות, וואָס זענען נאָך נישטאָ? אויך דאָס נישט. דאָס שטרעבן צו גליק

קומט פאָר (אָדער ריכטיקער: עס דוכט זיך אויס, אַז עס קומט פאָר) אויף די העכערע שטופן פון דעם אַנימאַלישן לעבן. דער, וואָס וויל אָבער אַריינדרינגען אין די פאַרבאָרגענע סודות פון דעם לעבן, יענער דאַרף זיך אַראָפּלאָזן אויף די נידעריקסטע ביאָלאָגישע שטופן.

אָט האָבן מיר אַזאַ רייכע לעבנס־וועלט, ווי די פלאַנצן. וואָס ווייסן די פלאַנצן פון גליק און פון הנאות? ווי קאָן מען דערקלערן זייער קאַמף „אומס דאַזיין” דורך אַ שטרעבן צו אַ גליק? און ווייס עפּעס די חיה דערפון? אין דער גאַנצער לעבעדיקער נאַטור שפּילט דאָס שטרעבן צו גליק קיין ברעקל ראָלע נישט. פאַרוואָס זאָל דער מענטש זיין אַן אויסנאַם פון דעם אַלגעמיינעם כּלל, וואָס הערשט אומעטום אין דער לעבעדיקער נאַטור? און האָט דער מענטש דערגרייכט אין זיין לעבן מער גליק, איידער די חיה? ניין, נישט מער גליק האָט ער דערגרייכט, נאָר מער — — — מ אַ כ ט!

לאָמיר זיך ווידער דערמאָנען, וואָס טרייבט אָן די מענטשלעכע דערקענטעניש! יעדע דערקענטעניש איז אַ שטרעבן צו ב אַ ה ע ר ש ן די נאַטור, אַרויפצוצווינגען אויף איר די מ אַ כ ט פון דעם מענטשלעכן ווילן. ד ע ר ו ו י ל ן צ ו מ אַ כ ט, — דאָס איז דער אינעוויניקסטער פּסיכאָלאָגישער תּוך פון דעם מענטשן, דעריבער מוז דאָס אויך זיין ד ע ר א י נ ע װ י נ י ק ס ט ע ר פ אַ ר ב אָ ר ג ע נ ע ר ת ּו ך פ ו ן י ע ד ן ק ר אַ פ ט ־ צ ע נ ט ר. דער „ווילן צו מאַכט” איז דער סוד פון דער וועלט, אויף וויפל מיר, מענטשן, קאָנען אונז דענקען אַזאַ „סוד”.

יעדער קראַפט־צענטר שטרעבט צו פ אַ ר מ ע ר ן זיין מאַכט דורכדעם, וואָס ער צווינגט אַרויף זיין ווילן אויף אַן אַנדער קראַפט־צענטר, אָדער אַ סך אַזעלכע צענטרען. די פּראָטאָפּלאַזמאַ זוכט שפּייז, נישט אויס הונגער, נאָר אויס דעם ווילן, אַרונטערצוצווינגען אַנדערע קראַפט־צענטרען (די שפּייז) אונטער איר ווילן. און דאָס איז אויך דער סוד פון י ע ד ן אָרגאַניזם אין דער נאַטור: דער אָרגאַניזם איז אַן א ו י ב ע ר ה ע ר ש אַ פ ט פון אייניקע צעלן איבער אַ סך אַנדערע צעלן. מען וויל זיך דערנערן,

כדי צו ווערן שטאַרקער, כדי אָנצוהאַלטן אָט די איבער־הערשאַפט.

אַ ווילן צו פאַרגעוואַלטיקן דעם אַנדערן און נישט צו דערלאָזן, אַז דער אַנדערער זאָל מיר פאַרגעוואַלטיקן, — אָט דאָס איז די גאַנצע נאַטור. מען וויל אַ ווידערשטאַנד, כדי מען זאָל אים קאָנען מנצח זיין, כדי אין דעם נצחון צו דערשפּירן די אייגענע מאַכט. ווערט די מאַכט פאַרשטאַרקט, דעמאָלט שפּירן מיר לוסט. ווערט דאָס „נישט־לאָזן־זיך" אָפּגעשוואַכט, דעמאָלט דערשפּירן מיר אומלוסט. די אומלוסט שפּרינגט דאָ אַרויס, כדי ווידער אויפצורייצן און אויפצוּוועקן דאָס מאַכט־געפיל, דעם חשק צו קאַמף און נצחון.

און וואָס מער לעבן און לעבנס־לוסט עס איז דאָ ביי וועמען, אַלץ מער מאַכט־געפיל, קאַמף־געפיל, נצחון־דאָרשט שטעקט אין אים. און צוריק: וואָס ווייניקער לעבנס־קראַפט עס איז דאָ ביי איינעם, וואָס אָפּגעשוואַכטער איינער איז, — אַלץ ווייניקער קאַמף־לוסט, אַלץ ווייניקער פאַרגעוואַלטיקונגס־לוסט און דאָרשט צו הערשאַפט באַמערקט זיך אין אים. דאָס לעכצן נאָך רו, נאָך שטילן „גליק", ווי אַ שטענדיקער צושטאַנד אין דער נשמה, איז אַ סימן, אַז מען גייט באַרג אַראָפּ, אַז מען ווערט געעלטערט, אויסגעלעבט, אַז מען האַלט שוין ביים פאַרשווינדן.

אָט דער בליק אויף דער וועלט, ווי אויף אַן אייביק שפּיל און קאַמף פון קראַפט־צענטערן, וואָס זייער אינעווייניקסטער תּוך איז דער ווילן צו מאַכט, גיט אונז אויך די מעגלעכקייט צו באַפרידיקן אונזער מאָראַלישע באַדערפעניש, אויסצואַרבעטן אַן אידעאַל, וועלכן מיר זאָלן מיט אונזער גאַנצער מאַכט פאַרווירקלעכן אין לעבן.

באַטראַכט מען די איצטיקע ציוויליזירטע מענטשהייט, באַמערקן מיר גרינג אין איר אַלע סימפּטאָמען פון געעלטערקייט און אָפּגעלעבטקייט, — דער עיקר, ווען מיר אַנאַליזירן אַלע יענע אידעאַלן, וועלכע זי האָט אַרויסגעבראַכט אין דער רעליגיע, דער פילאָזאָפיע און דער מאָראַל. דאָס שטרעבן צו פרידן אָנשטאָט

קריג און קאַמף, צו רו און גליק אָנשטאָט ווידערשטאַנד און נצחון, צו רחמנות אָנשטאָט פאַרגעוואַלטיקונג, צו גלייכקייט און דעמאָקראַטיע אָנשטאָט איבערהערשאַפט; צו אַ לעבן אין היסטאָרישע זכרונות אָנשטאָט אַ שטענדיק ברויזן פאָראויס אין דער צוקונפט; צו שקלאַווישער געבונדנקייט אין געזעצן (מלוכהשע, רעליגיעזע און מאָראַלישע) אָנשטאָט דער פרייער אומגעבונדנקייט פון דעם אינדיווידואום, וואָס „וויל זיך נישט לאָזן,” — דאָס זענען די הערשנדיקע אידעאַלן פון דער צייט און דאָס זענען אַלץ סימנים פון געעלטערטקייט, פון דעקאַדענץ און דעגענעראַציע.

און דער הערשנדיקער טיפ-מענטש איז פונקט אָנגעמאָסטן אָן די אידעאַלן, מיט וועלכע ער לעבט. מיליאָנען און מיליאָנען פון קליינינקע מענטשעלעך, מיט קליינינקע השגות, מיט קליינינקע מצוהלעך און קליינינקע עבירהלעך, אַ מיליאָנענהאַפטע מחנה פון ווערים, וואָס קריכן אַרום אין מיסט.

דער מענטש, ווי ער האָט זיך אויסגעבילדעט אין דער מאָדערנער קולטור, איז נישט נאָר נישט די קרוין פון דעם באַשאַף, ער שטייט נאָך נידעריקער, לויט דעם גראַד לעבן, וואָס אין אים, פאַר דער ווילדער חיה.

אַזאַ בריאה, ווי דער מענטש, איז נישט ווערט צו זיין די קרוין פון דעם באַשאַף. ער מוז פאַרשווינדן, ער זאָל פאַרשווינדן פון דער ערד. אָבער ער קאָן פאַרשווינדן, אַרויסברענגענדיק פון זיך אַ העכערס וועזן, אויך אַ מענטשלעכס, אָבער אַזאַ, וואָס זאָל שטיין איבער דעם מענטשן אַקוראַט אַזוי הויך, ווי דער מענטש שטייט העכער פאַר דער מאַלפּע, פון וועלכער ער שטאַמט אָפּ. אָט דעם העכערן טיפּ מענטש, וואָס זאָל לויט זיין גאַנצן מהות זיין אַ שטייגערונג, נישט אַן אָפּשוואַכונג פון די נאַטירלעכע לעבנס-כוחות, רופט ניטשע אָן דער „אויבער-מענטש”, („איבער-מענש”) און צוליב אַרויסברענגען פון זיך גופא אָט די העכערע מענטשלעכע ראַסע פון אויבער-מענטשן, זאָל דער מענטש לעבן אויף דער וועלט. דער אויבער-מענטש זאָל ווערן אונזער אידעאַל.

דאָס שטרעבן צו אים זאָל ווערן דער זין פון אונזער לעבן.

וואָס דאַרפן זיין די כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן פון דער אויבער־מענטשלעכער ראַסע?

די קריטיק פון דעם איצטיקן מענטשן גיט אונז אַ מאסשטאַב אין די הענט צו באַשטימען דעם אידעאַל־מענטשן פון דער צוקונפט.

קודם וועט דאָס זיין אַ שטאַרקער קערפּער, דער אויסדרוק און די געצייג פון אַ מעכטיקן ווילן. און זיין מעכטיקער ווילן וועט זיין געקערט צו דעם נצחון איבער גרויסע ווידערשטאַנדן, ד. ה. צו גרויסע טאַטן, צו דער באַשאַפונג פון וווּנדער־ווערק.

זיינע לעבנס־אימפּולסן וועלן זיין אָנגעשפּאַנט ביז צו דעם העכסטן גראַד, און דאָס גופא וועט מאַכן אוממעגלעך, ער זאָל קאָנען פאַרזומפּט ווערן אין רו און הסתפקות במועט.

זיין אייביקער אומרו, זיין שטענדיקער שאַפנסדאָרשט וועט אָבער נישט זיין פאַרבונדן מיט מרה־שחורה, ווייל דער גאַנצער פּע־סימיזם איז נאָר אַן אויסדרוק פון אַן אָפּגעשוואַכטן, איבעוויי־ניק־געבראָכענעם ווילן צום לעבן. דער לעבנסדאָרשט און די טאַנצנדיקע לעבנס־פרייד, וועט שלאָגן פון דעם אויבער־מענטשן ווי אַ פאָנטאַן (מאַזורקאַ!).

אין זיין פריידיקן מאַכטפולן שאַפן וועט ער זיך דערהויבן צו דער העכסטער מדרגה פון העלדישקייט און גבורה, נישט נאָר איבער דער דרויסנדיקער וועלט, נאָר אויך איבער דעם אייגענעם גוף און איבער דעם אייגענעם לעבן.

ער וועט זיין אַן אכזר צו אַלץ, וואָס האָט אָפּגעלעבט און מוז באַקעמפט ווערן, אָבער ער וועט נישט שאַנעווען אויך זיך אַליין, אָן רחמנות אויף זיך און אויף אַנדערע וועט ער שטעלן דאָס אייגענע לעבן און דאָס פרעמדע לעבן אין קאָן פאַר זיינע צילן.

קיינע אויטאָריטעטן, מנהגים און טראַדיציעס וועלן נישט האָבן קיין ברעקל שליטה אויף זיין גייסט. ער וועט זיין אַבסאָלוט פריי. אָבער דאָס וועט נישט זיין די פרייהייט פון אַ צעלאָזענעם חזיר, וואָס האָט קיין השגה נישט פון האַלטן זיך

אין צוואַנג. פריי וועט דער איבער־מענטש זיין, כּדי אַליין, אָן קיינעמס שליטה, אויסצואַרבעטן פאַר זיך יענע „לוחות הברית,“ יענע נייע „טאָוולען פון געזעץ“, וועלכע ער וועט אויפהענגען איבער זיך, ווי אַ צוואַנג, ווי אַן אומבאַדינגטע פליכט, לויט וועלכער ער וועט לעבן, כּדי צו דערשטרעבן דאָס העכסטע (דער קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו !).

אונטערשטרעבן וועט ער צו דעם העכסטן אויף זיין אייגענעם וועג מיט דער גאַנצער מאַכט פון זיין ליבע און פון זיין האַס. און אַלץ פאָראויס, מיט אַ נביאישער זעאונג אין די ווייטע צוקונפטן, נישט דאָס פאָטערלאַנד וועט אים אינטערעסירן, צוליב דאָס קינדער־לאַנד וועט ער לעבן, נישט די פאַרגאַנגענהייט וועט האַלטן געפאַנגען זיין געפיל, נאָר די צוקונפט, יענע בעסערע צוקונפט, וועלכע ער, דער איבער־מענטש וויל באַשאַפן, וויל אַרויסברענגען אָדער העלפן אַרויסברענגען דורך זיין אייגענעם ווילן און מאַכט.

אָבער פאַרוואָס זאָל דער איבער־מענטש לעבן צוליב דער צוקונפט? פאַרוואָס לעבן צוליב די אַנדערע, וועמעס צוקונפט ער וויל געשטאַלטן?

נישט אויס רחמנות צו שוואַכע און ליידנדיקע, נאָר מחמת אַ גאַנץ אַנדערן געפיל. אויס דער פולקייט פון ליבע צו די מיט־איבער־מענטשן און די אונטער־מענטשן. אויס דער פולקייט פון יענער שפע, וואָס ער קאָן זיי געבן, וואָס וויל „זען אויסגעשטרעקטע הענט“. דער „איבער־מענטש“ איז ווי אַ מוטער מיט פולע בריסט, וואָס וויל געזויגט ווערן.

„שטאַרק, ווי אַ לייב און מילד, ווי אַ טויב,“ — אָט דאָס איז די קורצע פאָרמול פאַר דעם איבער־מענטשן.

איין זאַך דאַרף אָבער נישט אַרויסגעלאָזן ווערן פון אויג ביי אָט דער לערע. זי איז נישט געמיינט געוואָרן אין אַ סאָציאַליסטיש־דעמאָקראַטישן זין, נאָר אין אַן אינדיווידואַליסטיש־אַריסטאָקראַטישן.

נישט אַלע מענטשן וועלן ווען עס איז דערהויבן ווערן צו דערזעלביקער הויך און אויסגעגליכן ווערן אין איר. און נישט

אַלע די, ביי וועמען דער לעבנס־טעמפּאָ וועט געשטייגערט ווערן, וועלן האָבן אין זיך די העכסטע טוגנט פון אַלע טוגנטן, די „שענקנדיקע ליבע.״ עס וועלן אַלעמאָל בלייבן העלדן און מאַסן, און צווישן גיגאַנטישע פיגורן, וואָס וועלן אַרויסגעבראַכט ווערן, וועלן אויך זיין אַזוינע, וואָס וועלן פאַרקערפּערן אין זיך די גיפּטיקסטע בייז. דעם גרויסן העלד וועט אויך אויסוואַקסן דער גרויסער „דראַך״, אויף וועמען ער וועט דאַרפן באַווייזן זיינע גבורות און נצחונות. און די מאַסן וועלן בלייבן און זאָלן בלייבן מאַסן־מענטשן, כדי דער „משפּיע״ זאָל האָבן זיינע „מקבלים״, די וואָס נויטיקן זיך אין זיין שפע, די, וועמען די שענקנדיקע ליבע פון דעם העלד קאָן עפּעס געבן.

אויף אַזאַ אופן דאַרף אַן אידעאַלע קינפטיקע געזעלשאַפט נישט זיין קיין געזעלשאַפט פון גלייכע. אָפּשטופּונגען און ראַנג־אָרדענונג וועלן הערשן אין איר. אויף דער העכסטער מדרגה פון „איבער־מענטשנטום״ וועט שטיין דער פרייער דענקער, וואָס איז אָבער אויך אין דערזעלביקער צייט דער נביא און דער מאָראַלישער רעפאָרמאַטאָר, דער „זיך־זעלבסט־באַשאַפער״, וואָס באַשאַפט נייע ווערטן פאַר דער מענטשהייט.

זיינע געדאַנקען און אידעאַלן וועלן דורך זייער אינעווייניקסטער מאַכט און פראַכט אַרויפגעצוווּנגען ווערן אויף אַקוראַט אַזעלכע פרייע, שטאַרקע און איידעלע תלמידים; יענע וועלן מיט זייער מאַכט, וואָס וועט זיך נישט אָפּשרעקן פאַר פיזישער געוואַלט, דורכזעצן דעם נייען ווילן אין דעם לעבן פון דעם כלל, אַרויפצווינגען די נייע מאָראַלישע געבאָטן אויף אַלע זיינע טיילן, לויט דער נויטיקער היעראַרכישער אָפּשטופּונג און ראַנג־אָרדענונג, וואָס וועלן דאַרפן הערשן אינם לעבן, — אַרויפצווינגען, כל־זמן ביי די מאַסן וועט זיך נישט אויסבילדן די טוגנט פון דעם פרייעם „טאָן פאָלגן״, כל־זמן זיי וועלן נישט איינזען, אַז אַזוי דאַרף זיין, אַז דער העכסטער לעבנס־אידעאַל פאָדערט זייער אונטעריאָכונג אונטער זיין מאַכט.

די דענקער וועלן אין זייער „שענקנדיקער ליבע״ באַשאַפן

די נייע ווערטן, די תּלמידים פון די דענקער וועלן זיין דער הערשנדיקער קלאַס, וואָס וועט פאַרוואַלטן אַלע ענינים פון דעם לעבן נישט צוליב קיין אַנדער צוועק, ווי נאָר צוליב פאַר־ווירקלעכן די פאָדערונגען פון דעם ליבע־פולן געדאַנק, און דער ליבע־פולער געדאַנק וועט תּמיד זיין פאַראינטערעסירט אין דער שטייגערונג פון די לעבנס־כּוחות און דער אינדיווידואַליטעט ביי יעדן איינעם, אין דער העכער־בילדונג פון דעם מהות־מענטש אין דער אַרויסברענגונג פון אַלץ גרעסערע מענטשן און אַלץ גרעסערע ווערק.

ניטשעס לערע וועגן דעם „אייביקן ווידערקום", דעם „ווילן צו מאַכט", ווי דעם תּוך פון דער וועלט, און דעם „איבער־מענטשן", ווי דעם ציל און דעם זין פון דעם מענטשלעכן לעבן, זענען די דריי הויפּט־זיילן פון זיין אייגענעם פילאָזאָפישן געביי. זיי זענען די לייכטנדיקע שטערן, וואָס העלפן אים „איבערשאַצן אַלע ווערטן" (די „אומווערטונג אַללער ווערטהע") און אָנוואַרפן די גרונט־ליניעס פון אַ נייער קולטור.

דער רעזולטאַט פון דער אומווערטונג איז אַזאַ, אַז דאָס רוב אַלטע ווערטן ווערן אינגאַנצן אַוועקגעוואָרפן, אייניקע פון זיי גייען אַרויס בשלום אין אַ שטאַרק מאָדיפיצירטער פאָרם, אַנדערע אָבער ווערן אַריבערגעטראָגן אין זיין סיסטעם, כּמעט ווי נישט אָנגערירט פון דעם פלאַם פון זיין קריטיק.

ראַדיקאַל פאַרוואָרפן ווערן אַלע רעליגיעזע ווערטן און אָנשויאונגען, וואָס שטאַמען פון אַ גלויבן אין אַ גאָט און אין אַן איבערנאַטירלעכער יענער וועלט. צוריקגעשטויסן ווערן אויך אַלע יענע מאָראַלישע אָפּשאַצונגען, וואָס זענען געגרינדעט אויף אַ פּעסימיסטישן „בטול היש", דעם רחמנות־געפיל צו אַלע ליידנדיקע און דער הכנעה פאַר אַ וועלכער עס איז דרויסנדיקער אויטאָריטעט.

שטאַרק מאָדיפיצירט ווערן אָבער דערביי די מאָראַל פון ליבע און די פליכט־מאָראַל.

אויף דעם ערשטן בליק קלינגט זיין לערע פון דער „שענקנ־דיקער ליבע" אין פולער האַרמאָניע מיט דעם קריסטנטום און

טאָלסטאָיס לערעס. אָבער צווישן ניטשעס מאָראַל־פילאָזאָפיע און דער קריסטלעך־טאָלסטאָיאַנער הערשט אַ גרויסער חילוק. דאָס קריסטנטום אין טאָלסטאָיס אינטערפרעטאַציע פּרעדיקט ליבע — און נאָר ליבע — צו אַלע מענטשן אָן אַן אונטערשייד פון זייער מהות, — די ליבע צו דעם „נאָענטסטן״, דעם „שכן״, מחילה וסליחה אַפילו צו דעם „זינדיקן.״

ניטשעס ליבע איז ווייט פון אַזאַ ברייטהאַרציקייט, אָדער — ווי ער וואָלט זיך אויסגעדריקט — „שוואַכהאַרציקייט.״ ליבן זאָל מען נאָר ליבן די, וואָס פאַרדינען עס, און אויב אַלע נאָענטע פון דעם היינט פאַרדינען עס נישט, זאָל מען זיי האַסן בתכלית השנאה, און ליבן מיט דער גאַנצער קראַפט דעם אידעאַל פון אַ מענטשן, וואָס קאָן ווערן אַווירקלעכקייט אין דער ווייטער צוקונפט. און אַזוי ווי דער גרויסער אויבער־מענטש שטייט אַלע מאָל — און וועט אַלע מאָל שטיין — העכער פאַר זיין סביבה און זיין היינט, וועט זיין גרויסע ליבע אַלע מאָל זיין געווענדט צו דער ליכטיקער צוקונפט, פאַר וועלכער ער קעמפט אָן קאָמפּראָמיסן און אָן רחמנות צו דעם שוואַכן ליידנדיק היינט.

אין אָט דעם קאַמף פאַר דער העכערער בעסערער צוקונפט קאָן דער העלד נישט דורכפירן זיין מיסיע, סיידן ער זאָל אַרויפלייגן אויף זיך גופא שאַרפע פליכטן, וואָס זאָלן באַהערשן זיין ווילן און זיינע מעשים. אין דער שטרענגקייט פון די מאָראַלישע פאָדערונגען, וואָס ניטשע שטעלט דאָ אַוועק פאַר דעם יחיד, גייט ער זיך נישט פאַנאַנדער מיט אַלע גרויסע און ערנסטע פליכט־טעאָרעטיקער, פון די סטאָאיקער אָן ביז אויף קאַנט און פיכטע. דאָס „נייע״, וואָס ניטשע באַטאָנט אין זיין לערע, באַשטייט נאָר אין איין פונקט: די פליכט דאַרף זיין אַ זעלבסט־געשאַפענע, אַ סוביעקטיוו־אינדיווידועלע, אַ פרייוויליק־אַרויפגעלעגטע אויף זיך, צוליב די אייגענע, זעלבסט־אויפגעבויטע העכערע צילן. יעדעס בויגן זיך פאַר אַ פרעמדער פליכט פון אַ וועלכן עס איז דרויסן, וואָס שטעלט זיך אַוועק אַנטקעגן מיין

אייגענעם ווילן, איז שקלאַפעריי און אומווירדיק פאַר אַ פרייעם מענטשן.

עס איז דאָ דאָס אָרט צו באַמערקן, אַז די זיעלביקע באַדינגונג פון „אויטאָנאָמיע", פון „זעלבסט־געזעצלעכקייט" און פרייהייט פון אַ וועלכער עס איז פרעמדער אויטאָריטעט, שטעלט אויך קאַנט אַוועק פאַר זיין קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו. פון זיין אייגענעם שטאַנדפּונקט האָט ניטשע געהאַט אַ רעכט אָנצופאַלן נאָר אויף קאַנטס טעאָרעטישער באַגרינדונג פון דעם קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו. אויף וויפל ניטשע פאַלט אָבער אָן מיט אַזוי פיל האַס און סאַרקאַזם אויף קאַנטס קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו גופא, אויף דער אידייע פון זעלבסט־געוואָלטע מאָראַלישע פליכטן, איז דאָס אַ פּראָדוקט פון זיין סקעפּטישן פּעריאָד, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער שליטה פון „אַללעס איסט ערלאַובט". אין די שפּעטערע יאָרן איז דאָס געווען אַ פּראָדוקט פון אַ באַדויערלעכן פאַרזען און פון אַ מיספאַרשטענדעניש.

נאָר כמעט אינגאַנצן אומבאַרירט זענען פון ניטשעס פייער־פּראָבע אַרויס די יסודות פון דעם איצטיקן סאָציאַלן און עקאָנאָמישן לעבן, ווי אויך די איצטיקע פעלקער־באַציאונגען אין קריג און פרידן. אמת, זיי האָבן פאַרלאָרן אין זיינע אויגן יעדע רעליגיעזע און מאָראַלישע הייליקייט. אָבער ער קאָן זיך נישט אָפּזאָגן פון זיי, ווייל ער זעט אין זיי אַ מיטל, וואָס האַלט אויף דעם לעבנס־קאַמף צווישן מענטש און מענטש, צווישן פאָלק און פאָלק, — אַ קאַמף, אין וועלכן די שוואַכערע דאַרפן פאַלן און די שטאַרקערע דאַרפן אַרויסגיין געלייטערט און געשטאַרקט.

אַ דאַנק אָט דער שטעלונג זיינער צו די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פון אונזער צייט, — צו דער אָפּשאַפונג פון דער סאָציאַלער אומגלייכהייט און פון דעם קריג צווישן פעלקער, — מוז ניטשע צוגערעכנט ווערן צו די בירגערלעכע פילאָזאָפן. ער איז אפשר דער ראַדיקאַלסטער און פרייסטער פון זיי. אָבער אויך זיין געדאַנק האָט אין די פּראַקטישע אויספירונגען נישט געקאָנט איבערשפרייזן די גרענעצן פון דער איצטיקער סאָציאַלער סיסטעם.

IV.

# קריטישע שלוס-באַמערקונגען: ניטשע און דער סאָציאַליזם.

שרייבן אַ קריטיק אויף ניטשעס וועלטאַנשויאונג און לעבנס-בליק קאָן נישט אַריינגיין אין די אויפגאַבן פון מיין קורצער אייליקער סקיצע, וואָס כאַראַקטעריזירט די הויפּט-עטאַפּן פון זיין פילאָזאָפישער אַנטוויקלונג. צוליב אַן ערנסטער קריטיק וואָלט מען געדאַרפט געבן אַ גרינטלעכן אַנאַליז נישט נאָר פון זיינע גרונט-פּרינציפּן, נאָר אויך פון די וויכטיקסטע איינצל-געדאַנקען און פון זייער אינעווייניקסטער שייכות אין דער סיסטעם. נאָר אויף אַזאַ אופן וואָלט מען געקאָנט קומען צו אַן אומפּאַרטייאישער אָפּשאַצונג פון ניטשעס פילאָזאָפיע, פון אירע מעלות, אירע חסרונות, איר ווערט און איר אָרט אין דער פילאָזאָפישער אַנטוויקלונג אין אונזער צייט.

מיר קאָנען אָבער נישט אַנידערלייגן די פעדער, איידער מיר מאַכן אַ פּאָר קריטישע באַמערקונגען, וואָס רירן נישט אָן די הויפּט-פונדאַמענטן פון זיין געביי. אין דער ערשטער ליניע אינטערעסירט אונז דאָ זיין שטעלונג צו דעם סאָציאַליזם, — אַ שטעלונג, וואָס איז דורכאויס נישט באַרעכטיקט פון זיין אייגענעם שטאַנדפּונקט.

ניטשע פּראָטעסטירט מיט דער גאַנצער מאַכט פון זיין ליידנשאַפטלעכן געדאַנק אַנטקעגן די איצטיקע מ ע נ ט ש ן, מיט זייער אָפּגעשוואַכטער לעבנס-ענערגיע, מיט דעם שקלאַפישן געמיט, מיט דעם פאַרווייכלעכטן ווילן; ער פּראָטעסטירט אַנטקעגן דעם איצטיקן גרויעם ל ע ב ן, וואָס לאָזט זיך צופרידנשטעלן מיט ווייניק און קליין.

ניטשע וויל האָבן מענטשן שטאַרקע אין קערפּער און גייסט, מיט הייסע דרום-בלוט אין די אָדערן, מיט אַ ברויזנדיקער לעבנס-ענערגיע, וואָס זאָל שפּריצן פון אַלע פּאָרעס, פול מיט

פרייעם העלדנמוט און באַשאַפערישן חילנס-דראַנג, און אַ לעבן וויל ער אַ זוניקס, אַ „דרומדיקס״, וואָס זאָל קאָנען מיט נייע גרויסע טאַטן.

און ער זעט נישט איין, אַז איינע פון די וויכטיקסטע אורזאַכן, — הגם געוויס נישט די איינציקע, — פון דעם מיזעראַבעלן איצטיקן זיין און פון די צרהדיקע פאַרנעבעכטע מענטשלעכע נשמות, מיט וועלכע די מענטשהייט איז איצטער איבערפילט, ליגט אין די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע יסודות פון אונזער געזעלשאַפטלעכן לעבן. ניטשע האָט זיך צו ווייניק אַריינגעטראַכט אין דעם סאָציאַליסטישן געדאַנקענגאַנג. ער האָט זיך נישט איינגעהערט גוט אין דער סאָציאַליסטישער קריטיק פון מענטש און לעבן, אין דעם סאָציאַליסטישן אַנאַליז פון די אורזאַכן, וואָס האָבן מענטש און לעבן געמאַכט אַזוינע ווי זיי זענען, און אין די סאָציאַליסטישע אידעאַלן, וואָס דאַרפן באַשאַפן אַן אַנדער לעבן און אַנדערע מענטשן; גראַד אַזעלכע, נאָך וועלכע ער האָט געבענקט ניטשעס האַרץ.

אין דעם סאָציאַליזם האָט ער קודם כל געזען ריין-מאָראַלישע פאָדערונגען, וואָס ווילן אויס רחמנות צו די מאַסן, אויס דעם יושר-געפיל צו זיי, אַריינזעצן אַלעמען אין אַ וואַרעמלעכע וואַנע פון אַלגעמיינעם גליק, פאַנאַנדערטיילנדיק דאָס ביסל עשירות, וואָס איז דאָ, גלייך צווישן אַלעמען: „מיר אַ פיצל, דיר אַ פיצל״. ער האָט געזען אין דעם נאָר אַ נייע וואַריאַציע פון בירגערלעכע גלייכמאַכעריי, פון אייביקער צופרידנקייט אין קליינע האָריזאָנטן.

דער אידעאַל פון אַ הייכלעך-וואַרעמלעכן גליק אָן גרויסע אויפגאַבן, אָן קאַמפן און אָן קרבנות צוליב די אויפגאַבן, שלאָגט אים צו דער גאַל; ער האָט זיך נישט געוווּנשן אַזאַ גן-עדן און האָט נישט געקאָנט ווינשן אים קיינעם נישט.

דערנאָך האָט זיך אים געמוזט וואַרפן אין די אויגן יענע איינזייטיקייט פון דער סאָציאַליסטישער טעאָריע, וואָס פאַרטרינקט דעם מענטשן אין די לעבנס-אומשטענדן און דעם שאַפנדיקן זשעני — אין די גרויסע מאַסן.

דאָס איז טאַקע אַ געוואַלטיקע איינזייטיקייט, אין וועלכער עס איז אָבער שולדיק נישט די טעאָריע, נאָר איר פאַלשע אויסטייטשונג. אויסגעוואַקסן איז זי אין די ערשטע פאַזן פון דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק, דער עיקר ביי דעם קאָמוניסט אָוען. אונטער דעם איינפלוס פון דעם פראַנצויזישן מאַטעריאַליסט העלוועציוס, האָט מען געגלויבט, אַז אַלע מענטשן קומען אויף דער וועלט מיט פונקט גלייכע נשמות; אַלע נשמות — אַ „ליידיק בלאַט פאַפיר", אויף וועלכן די דערציאונג שרייבט אַרויף דאָס צעטל פון מענטשנס פעאיקייטן, קענטעניש, מעלות און חסרונות. לויט העלוועציוס, איז אַפילו געניאַליטעט און באַשאַפערישע כוחות אַ פּראָדוקט פון דערציאונג אין דעם ברייטן זין פון דעם וואָרט. אָוען האָט דעם געדאַנק פון דער פעדאַגאָגישער אַלמאַכט איבער דער מענטשלעכער נשמה פאַרוואַנדלט אין דעם געדאַנק פון סאָציאַלער אַלמאַכט. דער דערציער פון דעם מענטשן איז דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן, און אַזוי ווי זיין מענטשלעכער אידעאַל איז געווען דער קריסטלעך-ליבנדיקער מענטש, האָט ער געטראַכט וועגן אַזאַ קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, וואָס זאָל אויפשרייבן אויף אַלעמענס ליידיקע בלעטלעך דעם אייביקן „ואהבת" און זאָל אַרויסברענגען קריסטלעך-ליבנדיקע הערצער.

אויף אַזאַ אופן איז פאַרטונקלט געוואָרן די באַדייטונג פון די איינגעבוירענע פעאיקייטן, אָפּגעווישט געוואָרן די אומגעהייערע נפקא מיניה צווישן דעם טאַלאַנט, דעם זשעני, — די באַשאַפער פון נייע גרויסע ווערק, — און דעם געוויינלעכן בשר-ודם.

אַפילו אַזעלכע דענקער, ווי לאַסאַל און מאַרקס, וואָס — ווי מען קאָן דאָס באַווייזן, — זענען געווען לגמרי פריי פון פאַרטרינקען דעם פסיכאָ-פיזיאָלאָגישן עלעמענט אין דעם סאָציאַלן, האָבן אַראָפּגעשריפט די באַדייטונג פון די באַשעפערישע זשעניען, פון די אויסדערוויילטע איינצל-מענטשן, פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער געשיכטע. נישט אָפּלייקענעדיק זייער עקזיסטענץ, זייער מהות, און זייער ראָלע

אין די גרענעצן פון זייער צייט, האָבן זיי זיך געפלייסט צו באַווייזן, אַז נישט זיי, נישט די גאונים באַשטימען די צייט, נאָר, אַז די צייט באַשטימט סיי די גאונים, סיי די מאַסן, וואָס גייען נאָך זיי.

„דאָס לעבן און נאָר דאָס לעבן פורעמט די מענטשן" — איז דער איינזייטיקער כלל־גדול, וואָס האָט באַשטימט כמעט דעם גאַנצן סאָציאַליסטישן געדאַנק. דער סאָציאַליזם האָט זיך דעריבער זייער ווייניק אינטערעסירט מיט דעם יחיד, דער אינדיווידועלער מענטשלעכער פערזענלעכקייט, און מיט די פּראָבלע־מען, ווי אַזוי צו אויפצוהייבן אויף אַ העכערער הויך. עס וועט זיין אַן אַנדער לעבן, וועלן ממילא זיין אַנדערע מענטשן. וואָס פאַר אַ מהות־מענטש עס זאָל באַוווּסטערהייט אַרויסגע־בראַכט ווערן, האָט אַפילו דעם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם נישט אינטערעסירט, ווייל ער האָט בכלל געלייקנט, אַז מען קאָן וואָס עס איז באַוווּסטערהייט אַרויסברענגען. דאָס לעבן ברענגט זיך אַרויס, לויט די אייזערנע געזעצן, וואָס הערשן אין אים, און ממילא וועט עס אַרויסברענגען יענעם מין מענטש, וואָס וועט זיין צוגעפּאַסט צו אים, — אַלץ איינס, צי אונז, איצטיקע, וואָלט יענער מין מענטש געפעלן געווען, צי נישט. דערמיט איז דער גאַנצער ענין פון דעם העכערן מהות־מענטש אָפּגעפּטרט.

פון דעם סאָציאַליזם האָט אָפּגעשטויסן ניטשען אויך אָט די איינזייטיקייט און די אַפּלייקענונג פון דער מאַכט פון די מענטשלעכע אידעאַלן אויף דעם גאַנג פון דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג. ער האָט געפּרוּווט אויסגלייכן דעם פאַרקרימטן שטעקן, אויסבויגנדיק אים אויף דער אַנדערער זייט. נישט דאָס לעבן מאַכט די מענטשן, נאָר די מענטשן מאַכן דאָס לעבן. און וואָס פאַר אַ מהות־מענטשן מען האָט, אַזאַ לעבן לעבט מען. דער מענטשלעכער מהות הענגט אָבער אָפּ פון דעם בלוט, וואָס אין די אָדערן און פון דעם ווילן אין דעם האַרצן. לאָ־מיר אָנהויבן וועלן אַן אַנדער מין מענטש, וועלן מיר אויס־געפינען מיטלען, ווי אַזוי אויך ביאָלאָגיש צו פאַרבעסערן זיין בלוט, ווי אַזוי אויפצוהייבן אויף אַ העכערער מדרגה זיין ראַסע.

ווער זאָל וועלן? מיר, די גרויסע, די באַשאַפער, די למדנים? און אַז מיר וועלן דאָס וועלן, וועלן מיר דאָס דורכפירן, ווייל מיר און נישט די מאַסע באַשאַפן דאָס לעבן.

וואָלט ניטשע זיך נישט געפילט אָפּגעשטויסן פון דעם סאָציאַליזם, מחמת געוויסע אויבערפלעכלעכקייטן און איינזייטיקייטן, וואָס ווערן געפּרעדיקט אין זיין נאָמען; וואָלט זיך ניטשע אַביסל טיפער אַריינגעהערט אין דעם גרונט-טאָן פון דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק, דעמאָלט וואָלט ער אין אים געזען נישט דעם „גיהנום-הונט”, נישט דעם פיינט, וועלכן מען דאַרף באַקעמפן אויף שריט און טריט, נאָר דעם פאַרבינדעטן אין קאַמף, וואָס דערקלערט אַ סך זאַכן אין ניטשעס אייגענעם געדאַנקענגאַנג, און וואָס האָט די מאַכט צו פאַרווירקלעכן יענעם אידעאַל, צו וועלכן ניטשע שטרעבט.

דער לעבנס-טעמפּ פון דעם מענטשן איז געפאַלן. זיינע אינטערעסן און השגות זענען געוואָרן ענגע און קליינע. פאַר ניטשען, דעם ביאָלאָג, האָט קודם כל געדאַרפט שטיין די פראַגע: וואָס זענען די ביאָלאָגישע אורזאַכן פון אַזאַ פיזישער אָפּגעשוואַכטקייט אין די העכערע שיכטן פון דער געזעלשאַפט, ווייל נאָר מיט זייער לעבן אינטערעסירט ער זיך דאָך?

עס וואָלט אים נישט געקאָסט קיין סך מי איינצוזען, אַז ביאָלאָגיש ווערט די דערשיינונג צוריקגעפירט צו דער אָפּשוואַכונג פון דער מוסקל-קראַפט. פון וואַנען נעמט זיך אָבער אָט די אָפּשוואַכונג? דאָ מוז שוין דער ביאָלאָג אָנקומען צו דעם סאָציאָלאָג, זי נעמט זיך פון יענער אַרבעטס-טיילונג אין דער געזעלשאַפט, וואָס האָט פאַנאַנדערגעשפּאָלטן די מענטשלעכע אַרבעט אין אַ ריין פיזישע און אַ גייסטיקע, און האָט באַשאַפן אַזעלכע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, אַז די פאַרטרעטער פון דער פיזישער מוסקל-אַרבעט האָבן קיין צייט נישט צו אַנטוויקלען זייער גייסט, און די פאַרטרעטער פון די גייסטיקע באַשעפטיקונגען האָבן נישט דעם חשק און אָפטמאָל אויך נישט די צייט צו אַרבעטן פיזיש. דער פועל-יוצא פון אַזאַ געזעלשאַפט-

לעבער אַרבעטס-פּאַרטיילונג מוז דיין אָפּגעשוואַכטער קערפּער אויף איין זייט און פאַרשטעמפּטער גייסט אויף דער אַנדערער.

ניטשע פאַרוואַרפט דעם איצטיקן מענטשן אויך מחמת דעם, וואָס ער איז נישט קיין *גאַנצער* מענטש, נאָר אַ *שערבל* פון אַ מענטשן, די איצטיקע זשעניען זענען אויך אָפטמאָל נישט קיין אַנדער זאַך, זאָגט ער, ווי אַ פאַרהויקערטע אויסבילדונג פון איין-איינציקער פעאיקייט אויף דעם חשבון פון אַלע אַנדערע.

וואָס זענען די ביאָלאָגישע אורזאַכן פון אָט דער דערשיינונג? אויך דאָ וועט דער ביאָלאָג זיך מוזן ווענדן צו דעם *סאָציאָלאָג*, צו די *געזעלשאַפטלעכע* לעבנס-אומשטענדן, וועלכע אַנדערע אורזאַכן האָבן געקאָנט אַרויסברענגען די צעשערבלונג פון דעם מענטשלעכן מהות, אויב נישט דיזעלביקע *אַרבעטס-טיילונג* אין דער געזעלשאַפט, וואָס פאַרמשפּט דעם אַרבעטער צו ווערן אַ שרייפל אין אַ מאַשין און דעם מוזיקער צו זיין בלויז אַ „גרויסער אויער מיט אַ פּיצינקן פּנימל, וואָס באָמבלט זיך אויף אַ קליין דין שטעקעלע?"

אין דער פויערימשאַפט געפינט נאָך אויך איצטער ניטשע גאַנצע אוצרות פון נישט געבראָכענער לעבנס-קראַפט. אויך דאָ קאָן דער ביאָלאָג מיט זיינע אייגענע מיטלען נישט דערקלערן אינגאַנצן, פאַרוואָס די דאָרפישע האָבן נאָך אַזויפיל לעבנס-קראַפט אין זייערע אָדערן, בעת די שטאָטישע ווערן אָפּגעשוואַכט און קערפּערלעך פאַרהויקערט. אויך דאָ טאָר נישט נישט אַרויסגעלאָזט ווערן פון אויג דער *סאָציאָלאָגישער* הינטערגרונט: די פאַנאַנדעררייסונג פון שטאָטישע און דאָרפישע באַשעפטיקונגען, דער פאַנאַנדערפאַל פון דער געזעלשאַפט אין שטאָט און דאָרף.

און אַזוי קאָנען מיר ברענגען ביישפּיל נאָך ביישפּיל פון יענע וווּנדן, וועלכע ניטשע דעקט אויף אין דעם איצטיקן לעבן און דער איצטיקער מענטשהייט, און אומעטום וואָלט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז מיט *ריין*-ביאָלאָגישע און פּסיכאָ-פיזיאָלאָגישע פּראָצעסן קאָן מען זיי נישט דערקלערן *אינגאַנצן*, — אַז יענע ריין-נאַטירלעכע פּראָצעסן האָבן געקאָנט זיך פאַנאַנדערוויקלען

נאָר *אויף אַ באַשטימטן סאָציאַלן באָדן*, אויף דעם באָדן פון אַ געזעלשאַפט, וואָס איז איינגעטיילט אין הערשנדיקע און באַהערשטע, אין אַרבעטער און ליידיקגייערס, און ווו דער גאַנצער איינהייטלעכער מענטשלעכער אַרבעטס־פּראָצעס איז צעפּיצלט אין איינצלנע טייל־אָפּעראַציעס, וואָס פאַרוואַנדלען די מענטשן אין „שערבלעך״, אין פראַגמענטן פון אַ גאַנצער מענטשלעכער איינהייט.

און אַקוראַט אַזוי ווי די סאָציאַליסטישע טעאָריע גיט די ריכטיקע דערקלערונג פאַר יענע לעבנס־דערשיינונגען, אויף וועלכע עס קלאָגט דער נביא ניטשע, אַזוי ווייזט זי אויך אָן דעם וועג, אויף וועלכן די געזעלשאַפט מוז אַרויפגיין, כדי פּטור צו ווערן פון יענע פורעניותן.

קיין סאָציאַליסט וועט זיך נישט אָפּזאָגן פון יענער מענטשלעכער אידעאַל־פיגור, וואָס האָט זיך געטראָגן פאַר ניטשעס אויגן אין דער געשטאַלט פון דעם „איבער־מענטש״. און יעדער סאָציאַליסט וואָלט וועלן, אַז אַלע מענטשן זאָלן אויפגעהויבן ווערן אויף דערזעלביקער הויכער מדרגה. נאָך מער: איבער ערגעץ־ווו אין דעם איצטיקן לעבן קאָן מען נאָך אָנטרעפן טיפּן, וואָס דערנענטערן זיך צו דעם „איבער־מענטש״־אידעאַל, וואָס איז „שטאַרק ווי אַ לייב און מילד ווי אַ טויב״, וואָס „פאַרוואַרפט זיין בענקשאַפט״ ווייט איבער די גרענעצן פון דעם היינט, וואָס, — ביי זיין גאַנצער לעבנס־לוסט און לעבנס־פרייד, — שענקט ער אַוועק, אויס ליבע, זיין ברויזנדיקע ענערגיע און זיין שטאָלערנעם ווילן, — אָפטמאָל אויך זיין גאַנץ לעבן, — דעם אידעאַל, וואָס האָט באַהערשט זיין נשמה, — קאָן מען דאָס אָנטרעפן נאָר צווישן די העלדן פון דעם סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן קאַמף. נאָר אין דער געשיכטע פון דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף און פון די העלדן, וועלכע ער האָט אַרויסגערופן אין לעבן, שטויסן מיר זיך אָן אויף מענטשן פון דעם „זאַראַטוסטראַ״־טיפּ, דעם נאָענטסטן צו דעם „איבער־מענטש״.

אין דער איצטיקער געזעלשאַפט זענען אַזעלכע מענטשן נאָר אויסנאַמען, און מיט קינסטלעכע מיטלען, וועלכע ניטשע שלאָגט

פאַר, קאָן מען, ווי אין אַן אָראַנזשעריע, אויפציען נאָר ווייניקע עקזעמפּלאַרן פון דעם מין, ערשט דער סאָציאַליסטישער איבער־קער וועט מאַכן מעגלעך, אַז אַזעלכע נאַטורן זאָלן זיך פּאַנאַני־דערבליען און פּאַנאַנדערוואַקסן אונטער דעם פרייעם הימל.

וואָס ניטשען שרעקט אָפּ פון דעם סאָציאַליזם, איז די מורא, טאָמער וועט די אָפּשאַפונג פון דעם סאָציאַלן קאַמף אין דער געזעלשאַפט און פון דעם נאַציאָנאַלן קאַמף צווישן די פעלקער אָפּשאַפן אויך יעדן קאַמף צוליב נצחון און דעריבער אָפּשטעלן די טרייב־קראַפט פון דער פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג.

איך וויל דאָ נישט אויפהויבן די פראַגע, צי געהער טאַקע דער קאַמף צוליב נצחון צו די נויטווענדיקע טרייב־קרעפטן פון דעם ביאָלאָגישן פּראָגרעס. איך וויל זיך דאָ נישט איינרייסן מיט די גרונט־פּרינציפּן פון ניטשעס לערע. הגם, מיר האָבן שוין געזען, אַז ניטשע פאַרשטייט דעם „קאַמף אום מאַכט״ אין אַ גאַנץברייטן מעטאַפיזישן זין, אַזוי, אַז אויך די פלאַנצן־וועלט מיט אירע מערקווירדיק שיינע און קרעפטיקע אָר־גאַניזמען ווערט אויך דערקלערט דורך דעמזעלביקן פּרינציפּ. אין דער פלאַנצן וועלט — ווי אויך אין דער אַנימאַלישער — באַ־מערקט מען אָבער נישט קיין קאַמף צוליב נצחון, — ווייניקסטענס נישט קיין פּסיכאָלאָגיש־באַוווּסטזיניקן, ווי ביי דעם מענטשן.

על־כל־פנים איז דאָך דער „קאַמף אום מאַכט״ און צוליב גאָט נישט באַגרענעצט אויף די פעלדער פון דעם פיזישן קריג צווישן פאָלק און פאָלק און פון דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן קריג צווישן מענטש און מענטש. און אָט דער קאַמף האָט דאָך שוין אונז באַוויזן, וועלכע מהותן „מענטש״ ער ברענגט אַרויס: ברוטאַלע סאָלדאַפּאַנען אין דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק; שוקסיקע, טרוקענע געלט־מענטשן אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. פאַר אַזוינע העלדן וועט זיך אויך ניטשע איידל באַ־דאַנקען.

אַן אַנדער „קאַמף אום מאַכט און נצחון״ וואַרט אויך דעם מענטשן, ווען מען וועט איינגאַנצן פּטור ווערן פון די סאָלי

דאַפאָנבן און די געלט-זעק. דער „קאַמף אום מאַכט״ פון דעם קינסטלער, דעם באַשאַפער בכלל צוליב דעם נצחון איבער דער „מאַטעריע״, וועלכע ער באַאַרבעט און געשטאַלטעט אויפסניי; דער „קאַמף אום מאַכט״ פון דער גאַנצער מענטשהייט איבער דער דרויסנדיקער נאַטור; פון יעדן מענטשן — איבער זיין אייגענער אינעווייניקסטער נאַטור, און דער „קאַמף אום מאַכט״ פון דעם ליידנשאַפטלעכן דענקער, וואָס וויל דורך זיין גייסטיקער קראַפט אַרויפצווינגען זיינע געדאַנקען אויף דער מיטוועלט: דער „זאַראַטוסטראַ״-קאַמף פאַר אַן אידעאַל.

אָט די קאַמפן זענען אויך אין ניטשעס אויגן אַ סך חשובער, מענטשלעכער, „אויבער-מענטשלעכער״, איידער די רייסעריי פאַר לענדער און פאַר געלט, מער געלט, אָבער אָט די קאַמפן קאָנען זיך פאַנאַנדערשפּילן אין זייער גאַנצער רייכקייט פון מאָטיוון, קאַמף-מעטאָדן און נצחונות ערשט אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, וואָס וועט באַפרייען די מאַסן פון דער עקאָנאָמישער נויט און וועט אויסטריקענען דאָס זומפּיקע לעבן אונזערס, דאָס פאַרגיפטעטע מיט די מיאַזמען פון דעם פעלקער-קאַמף און דעם סאָציאַל-עקאָנאָמישן קאַמף.

ניטשע האָט אויך נישט איבעריקס געדאַרפט דאַגהנן, טאָמער חלילה פאַרשווינדן מיט דעם סאָציאַליזם אַלע יסורים און ליידן פון דער מענטשלעכער וועלט. זאָל נאָר זיין לעבן: מיט צרות חעט יעדעס לעבן זיין פאַרזאָרגט, אַפילו אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. שוין דער פאַקט אַליין, וואָס דער סאָציאַליזם קאָן נישט אָפּשאַפן דעם טויט, איז אַן ערבות, אַז דער טראַגישער עלעמענט וועט קיינמאָל נישט פאַרשווינדן פון דעם מענטשלעכן לעבן. איך בין שטאַרק מסופק, צי די צוקונפטיקע מענטשן וועלן, ווען דער טויט וועט אָוועקרייסן זייערע געליבטע, זיך קאָנען טרייסטן מיט דעם געדאַנק פון דעם „אייביקן ווידערקום״, וואָס זאָגט זיי צו, אַז זיי וועלן נאָך אומענדלעכע מאָל ווידער געבאָרן ווערן און ווידער... דורכלעבן דעמזעלבן אומענדלעכן צער. אויף אַזאַ אופן איז ניטשעס שטענדיקער קאַמף אַנטקעגן דעם סאָציאַליזם (אַפילו דעם מאָנאַרכיסטישן) אַ פּראָדוקט פון אַ מיספאַרשטענדע-

ניש, פון אַ פּאָראורטייל, פון וועלכן אויך אַ ניטשע האָט זיך ליידער נישט געקאָנט באַפרייען.

מיר האָט זיך נאָך געוואָלט אָפּשטעלן אויף דער קריטיק פון יענער ניטשעס קריטיק, מיט וועלכער ער באַגיסט די רחמנות־געפילן און די רחמנות־מאָראַל. מיר דוכט, איך וואָלט געקאָנט אַרויסווייזן, אַז אויך דאָ איז זיין לאַנצעט פאַרגאַנגען צו טיף און שניידט אויס געזונט פלייש אינאיינעם מיט דעם בראַנדיקן, און אַז געטאָן האָט ער דאָס אונטער דעם איינפלוס פון אַ פאַלשער לאָגיק און אַ פאַלשער פּסיכאָלאָגיע. נאָר דאָס וואָלט אונז שוין געמוזט אַריינפירן אין די איינצלהייטן פון זיין לערע, וועלכע האָבן נישט געקאָנט אַריינגענומען ווערן אין אונזער קליינער אַרבעט.

לאָמיר זיך באַנוגענען מיט די פּאָר קריטישע באַמערקונגען וועגן זיין שטעלונג צו דעם סאָציאַליזם. ניטשעס אָנשויאונגען זענען דאָך סיי ווי סיי נישט קיין וויסנשאַפט, וועלכע מען דאַרף בודק זיין אויף שריט און טריט. זיי זענען פילאָזאָפיע, ד. ה. אַ פרייע אינדיווידועלע שאַפונג, אַן אייגנאַרטיקע פלאַנץ, וועלכע קיינער איז נישט מחויב אַריבערצופלאַנצן אין זיין אייגענעם גאָרטן.

ניטשעס לערעס זענען אין מיינע אויגן אַ שיינער, געזונטער פילאָזאָפישער בוים, וואָס טראָגט אַ סך שיינע, געזונטע געניסבאַרע פירות. מען טאָר זיי אָבער נישט געניסן רויערהייט, ווייל אין זיי שטעקט נאָך אַ ביטערער סם, וואָס דאַרף פריער אויסגעקאָכט ווערן. עס קאָן זיין, אַז ווען דאָס וואַקסטום פון דעם בוים וואָלט נישט אָפּגעשטעלט געוואָרן אינמיטן דורך דער טראַגעדיע פון זיין לעבן, — ניטשע האָט פאַרלאָרן זיין פאַרשטאַנד אין דעם רעכטן מיטן גאָלדיקן שאַפן, — וואָלט אויך אָט דער ביטערער סם מיט דער צייט פאַרשוווּנדן געוואָרן פון זיינע פרוכטן. אָבער איצטער שטעקט ער נאָך אין זיי און אונזער קריטישע נאָטיץ האָט נישט געהאַט קיין אַנדער צוועק, ווי נאָר צו וואָרענען דעם לייענער זיינעם וועגן דעם און אָנצווייזן בקיצור, ווי אַזוי ער דאַרף „אויסגעקאָכט" ווערן.

* *
*

אָפטמאָל, ווען איך פלעג טראַכטן וועגן ניטשעס לערעס, פלעגט אַרויפשווימען אויף מיין זכרון אַ קליינער עפיזאָד פון דעם ספר יהושע, אַ משונהדיקער עפיזאָד, וואָס האָט קיין ברעקל שייכות נישט צו דעם פריער און דעם שפּעטער פון דער דער־ציילונג.

אינמיטן קריג אַנטקעגן די פיינט באַווייזט זיך יהושען אַ מענטש מיט אַ שאַרפער שווערד אין זיין האַנט. פרעגט יהושע: „הלנו אתה או לצרינו?״ „ביזטו מיט אונז אָדער מיט אונזערע קעגנער?״ אָבער דער מענטש גיט נישט קיין דירעקטן ענטפער אויף דער שאלה. „לא, זאָגט ער, „כי עתה באתי״. ניין, איך בין אָט ערשט געקומען, — אַ מלאך פון גאָט. אָבער דו טו אויס די שיך פון דיינע פיס, וייל דער באָדן, אויף וועלכן דו שטייסט איז הייליקער באָדן.״

איז ניטשע מיט אונז, אָדער מיט אונזערע קעגנער? — פרעגן מיר אָפט, ווען אויף אונזער וועג, אין דעם מיטן פון אונ־זער קאַמף, וואַקסט פלוצלונג אויס די פיגור פון דעם דיכטער־פילאָזאָף מיט דער שאַרפער שווערד פון קריטיק אין זיין האַנט.

עס איז שווער צו געבן אַ קלאָרן ענטפער אויף דער שאלה. אָבער איינס איז זיכער: מיט אונז, אָדער מיט אונזערע קעגנער,— דער באָדן, אויף וועלכן ער שטייט איז הייליקער באָדן.

ניטשע, דער ראַדיקאַלסטער „כופר בעיקר״, דער האַסער פון יעדער מאָראַל און יעדער רעליגיע, איז אין תוך נישט נאָר אַ טיף־מאָראַלישע נאַטור, נאָר אויך אַ טיף־רעליגיעזע, וואָס בענקט נאָך הייליקייט און שטרעבט צו איר.

ווייל הייליק איז אַלץ, וואָס שטרעבט גובר צו זיין זיך אַליין, און זיך אַליין אַוועקגעבן אינגאַנצן פאַר אַן אידעאַל, וואָס איז פאַרבונדן מיט אייביקייט און אומענדלעכקייט. און זעלטן ווען אַ מענטשלעכע נשמה איז געווען אַזוי אָנגעטרונ־קען מיט בענקשאַפט נאָך „אומענדלעך״ און „אייביק״, ווי ניטשעס.

דער באָדן, אויף וועלכן ער שטייט, — אַלץ איינס, אין וואָס פאַר אַ ריכטונג ער באַוועגט זיך אויף אים, — איז הייליקער באָדן.

און מיר „וואַרפן אַראָפ די שיך פון די פיס,“ ווען מיר טרעטן אריין אין זיין טעמפּל.

# די פילאזאפיע פון „די ס׳וואַלט"

# די פילאָזאָפיע פון „ווי־ס'וואָלט" *).

## I

דאָס ערשטע פערטל פון אונזער צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז נישט אַזוי רייך אין פילאָזאָפישע שאַפונגען, ווי דאָס איז געווען דאָס ערשטע פערטל פון דעם ניינצנטן. דעמאָלט איז אין זיין אָנהויב נאָך געשטאַנען קאַנטס לייכטנדיקע זון אויף דעם האָריזאָנט, און באַלד נאָכדעם האָבן גענומען אויפגיין איינער נאָך דעם אַנדערן נייע זונען פון באַצויבערנדיקן גלאַנץ, וואָס האָבן פאַרטונקלט אויף אַ לאַנגער צייט קאַנטס ליכט־שיין: די זונען פון פיכטע, שעלינג, העגעל און שאָפענהאַוער, וואָס האָבן יעדע־רער באַשאַפן אַ פלאַנעטן־סיסטעם פאַר זיך.

אין די צוויי־און־צוואַנציק יאָר פון אונזער יאָרהונדערט האָט נאָר איין פילאָזאָפישער שטערן פון ערשטער גרויס צוגעצויגן צו זיך די פולע אויפמערקזאַמקייט פון דער גאַנצער גייסטיקער וועלט: די שטראַלנדיקע פילאָזאָפיע פון אַנרי בערגסאָן. דאָס הייסט אָבער נישט, אַז מיט אים שעפּט זיך אויס אַלץ, וואָס איז באמת באַדייטנדיק אין דער נייער ריין־פילאָזאָפישער שאַפונג. קודם כל מוז מען דערביי דערמאָנען די פלעיאַדע דענקער, וואָס האָבן צונויפגעשטעלט אַ „שטערן־גרופּע" פון די „פּראַגמאַטיסטן", — אַ שטערן־גרופּע, וואָס רוקט זיך שוין ביסלעכווייז אַראָפּ צו דעם

*) „דאָס נייע לעבן", 1922.

אונטערגאַנג. אָבער אַ חוץ איך זענען אויפגעגאַנגען נאָך אַנדערע שטערן, וואָס אייניקע פון זיי זענען אפשר פון נישט קיין קלענערער גרויס, פון נישט קיין קלענערן גלאַנץ, איידער בערגסאָן. זיי זענען אָבער נאָך אַזוי ווייט פון אונז, אַז „מיט דעם נאַקעטן אויג״ זעט מען זיי נאָך נישט. נאָר די, וואָס קוקן דורך די ספעציעלע פילאָזאָפישע טעלעסקאָפּן, ווייסן פון זייער זיין און פון זייערע אייגנטימלעכע וועגן אין דער ספערע פון דעם מענטשלעכן געדאַנק. אָן משלים גערעדט, וויל דאָס זאָגן, אַז זייערע אַרבעטן האָבן נאָך נישט צוגעצויגן צו זיך דעם אינטערעס פון דעם אַלגעמיינעם געבילדעטן עולם. ס'איז אָבער קיין ספק נישט, אַז די אַלגעמיינע בילדונג באַוועגט זיך אַלץ נענטער צו זיי, און אויב מיר מאַכן נישט קיין טעות אין אונזער „אַסטראָנאָמישן״ חשבון, וועט דער שטערן פון בענעדעטאָ קראָטשע, דעם שאַרפזיניקן איטאַליענישן דענקער, באַלד אויפלייכטן צו אַ העלער זון פאַר אַ גרויסן טייל פון דער געבילדעטער וועלט.

איין אויסנאַם פון דעם כלל מאַכט אָבער שוין איצטער אַ קלענערער לייכט־קערפּער, איידער קראָטשעס, וואָס הויבט אָן אַלץ מער צוציען צו זיך די בליקן פון די נישט־ריין־פילאָזאָפישע קרייזן: אין דער ערשטער ליניע די קרייזן פון דער ריינער נאַטורוויסנשאַפט. מיר האָבן דאָ אין זינען האַנס פאַיאינגערס „די פילאָזאָפיע דעס אַלס־אָב״, אָדער ווי מען קאָן דאָס איבערזעצן אין יידיש: „די פילאָזאָפיע פון ווי־ס'וואָלט״.

אויב בערגסאָנס געדאַנקען־וועלט קאָן און מוז היסטאָריש צוגעפירט ווערן צו די מעטאַפיזישע סיסטעמען פון פיכטע־שעלינג־העגעל־שאָפּענהאַוער, — באַוועגט זיך פאַיאינגערס געדאַנק אין יענע דערקענטעניש־קריטישע וועגן, וועלכע קאַנט האָט אויפגעעפנט פאַר דער פילאָזאָפישער פאָרשונג. בערגסאָן, ווי אַלע מעטאַפיזיקער, וויל דערגיין, ווי זעט אויס אין איר אינעווייניקסטן תוך די וועלט, יענע וועלט „אין זיך גופא״, וואָס ליגט מחוץ פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש, אין וועמעס סודות די מענטשלעכע דערקענטעניש קאָן און מוז אַריינדרינגען. פאַיאינגער, ווי אַלע אָנהענגער פון דעם „קריטיציזם״ אין דער פילאָזאָפיע, לאָזט

„די וועלט אין זיך גופא" צורו, און וואַרפט זיך מיט זיין פאָרשונג אויף יענער מאַכט, וואָס באַשאַפט י ע ד ע מענטשלעכע דערקענטעניש, — די וויסנשאַפטלעכע, אַזוי גוט, ווי די פילאָזאָפישע: די מאַכט פון דעם מענטשלעכן דענקען.

אויך ביי פאַיאינגערן גייט נאָך דער געדאַנקען־שטראָם אין אַ ריין־דערקענטעניש־טעאָרעטישער ריכטונג, וואָס וויל זיך האַלטן פריי פון יעדער מעטאַפיזיק; אויך ער מאַכט נאָך נישט דעם ערנסטן פרווו, סינטעטיש צונויפצוגיסן דעם דערקענטעניש־טעאָרעטישן און דעם מעטאַפיזישן אין א י י ן געדאַנקען־שטראָם.

פאַיאינגערס גרונט־געדאַנק אין דער פילאָזאָפיע איז נישט אַבסאָלוט ניי. זיינע וואָרצלען ליגן אין קאַנטס דערקענטעניש־קריטיק, און שוין ביי פרידריך אַלבערט ל אַ נ ג ע געפינען מיר איינצלנע באַמערקונגען און אויסדרוקן, וואָס קלינגען ריין „וויס'וואָלטיסטיש". די באַדייטונג פון פאַיאינגערס פאָרשן באַשטייט אָבער אין דעם, וואָס ער האָט יענעם גרונט־געדאַנק פאַרברייטערט און פאַרטיפט און אויפגעוויזן אויף דער פאַקטישער ראָלע, וועלכע ער שפּילט אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש, אין דער פאַרגאַנגענהייט אַזוי גוט ווי אין דער קעגנוואַרט.

מיר וועלן דאָ פרווון אַרויסברענגען יענעם גרונט־געדאַנק אַזוי קלאָר, ווי דאָס לאָזט זיך נאָר טאָן אין אַ קורצער נאָטיץ, נישט האַלטנדיק זיך דערביי אָן דער סיסטעמאַטיק און די טעכנישע אויסדרוקן פון מחבר.

אַנאַליזירנדיק דעם גאַנג פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש בכלל און דער וויסנשאַפטלעכער דערקענטעניש בפרט, געפינען מיר, אַז דער מענטש באַנוגנט זיך נישט אין זיין דערקענטעניש מיט דעם רויען מאַטעריאַל, וואָס ער באַקומט פון זיינע פינף חושים. ער באַאַרבעט אים אין דעם פראָצעס פון דענקען און ברענגט צו דעם צוועק אַרויס פאַרשיידענע ריין־געדאַנקלעכע פראָדוקטן. אַזוי בויט ער אויף געוויסע „פיקציעס". אויסגעטראַכטע אָדער צוגעטראַכטע, ריין־גייסטיקע בילדער און אידייען, וועלכע ער נעמט אָן פאַר ווירקלעכע ר ע אַ ל י ט ע ט ן, אַקוראַט

אַזוי, ווי ער וואָלט זיי געפונען אין דער ווירקלעכער וועלט מיט די מיטלען פון זיין לאָגישן, אַבסאָלוט-נויטווענדיקן דענקען. ערשט שפּעטער, אין דעם משך פון דעם ווייטערדיקן דענקען און פאָרשן, זעט ער איין, אַז יענע בילדער אָדער אידייען זענען אָדער טאָטאַל פאַלש, אָדער מען קאָן אינגאַנצן אויסקומען אָן זיי. אייניקע אָבער בלייבן אַזוי טיף איינגעוואָרצלט אין פּראָצעס פון דענקען, אַז דעם מענטש איז נישט נאָר שווער זיך אינגאַנצן צו באַפרייען פון זיי, נאָר אַפילו קלאָר איינצוזען זייער ריין-„פיקטיוון" כאַראַקטער, צו פאַרשטיין, אַז זיי שטאַמען נישט פון דער נאַטור, נישט פון יענעם חלק דרויסנוועלט, וועלכן ער שטודירט, נאָר פון זיין אייגענעם גייסטיקן שאַפן, און האָבן ערגעץ נישט קיין אַנדער עקזיסטענץ, ווי נאָר אין דעם גייסטיקן שאַפן אַליין.

אַזעלכע ריין-וויסנשאַפטלעכע בילדער, אָדער „סימבאָלן", וואָס זענען נישט קיין קאָפּיעס פון רעאַליטעטן אין דער דרויסנדיקער וועלט, וואָס שפּילן אָבער אין דער דערקענטעניש די ראָלע פון רעאַליטעטן, און זענען אין דער אמתן „פיקציעס", אַרויסגעבראַכטע פון דעם דערקענטעניש-פּראָצעס, זענען צ. ב. דער מאַטעריעלער „אַטאָם" אין דער פיזיק און כעמיע, דער „וועלט-עטער" אין אַלע אַנאָרגאַנישע נאַטור-וויסנשאַפטן, און די „אַלוועלטלעכע גראַוויטאַציע" (די אַלוועלטלעכע צוציאונגס-קראַפט). אַ לאַנגע צייט האָבן דאָס רוב וויסנשאַפטס-לייט געגלויבט אין דעראמתן, אַז אַזעלכע זאַכן, ווי מאַטעריעלע אַטאָמען, ווי וועלט-עטער און אַלגעמיינע גראַוויטאַציע, עקזיסטירן טאַקע בפועל ממש אין דער וועלט, האָבן פון אייביק אָן עקזיסטירט און זענען אויסגעפונען אָדער אַנטדעקט געוואָרן פון אַ דעמאָקריטן (די אַטאָמען), פון אַ הויגענסן (דער עטער), און פון אַ ניוטאָנען (די אַלגעמיינע גראַוויטאַציע), פונקט אַזוי ווי קאָלומבוס, צ. ב., האָט אַנטדעקט אַמעריקע. און אויך איצטער נעמען דאָס רוב געבילדעטע אָן, אַז די אַלע דריי זאַכן זענען רעאַלע ממשותן אין דער ווירקלעכער וועלט. נאָר אין דער לעצטער צייט האָבן אַ סך געלערנטע איינגעזען, אַז עס זענען דאָ אַ סך טעמים, וואָס צווינגען אונז אָדער אינגאַנצן אָפּצולייקענען זייער רעאַליטעט (ווי דאָס איז,

צ. ב., דער פאַל מיט דעם אַטאָם אין דער אַלגעמיינער גראַוויטאַציע) אָדער לפּחות אַריינצוּוואַרפן זי אין אַ שטאַרקן ספק, ווי דאָס איז דער פאַל מיט דעם וועלט־עטער. זיי אַלע דריי זענען דעריבער „פיקציעס" און דערצו נאָך אַזעלכע, פון וועלכע מען קאָן זיך גרינג אָפּזאָגן, ווען מען זעט איין זייער פיקטיוון כאַראַקטער.

אָבער נעמט, צ. ב., אַזאַ ענין, ווי די מ אַ ט ע ר י ע בכלל. אויך דאָ קאָן מען באַווייזן, אַז קיין מענטש האָט נאָך נישט אויפגעגומען אין דער דערפאַרונג מיט זיינע ח ו ש י ם עפּעס אַזוינס, וואָס איז מ אַ ט ע ר י ע, ווייל אונזערע חושים גיבן אונז נאָר דעם ר ע ז ו ל ט אַ ט פון ע פּ ע ס אַ ז ו י נ ס, וואָס האָט געווירקט אויף זיי, און נישט דעם „עפּעס אַזוינס" גופא. די מאַטעריע איז בכן אַ ריין געדאַנקען־בילד. אָבער וואָס איז זיין כאַראַקטער? איז די מאַטעריע אַ „פיקציע" אָדער אַן אַנטדעקונג? און אויב אַ פיקציע: איז זי אַזאַ, פון וועלכער מען קאָן זיך גרינג אָפּזאָגן אין דער טעאָרעטישער דערקענטעניש?

כדי צו פאַרענטפערן אַזעלכע שאלות, מוז קודם כּל אויסגעפאָרשט ווערן דער כאַראַקטער פון אַ טעאָרעטישער פיקציע בכלל און מיט וואָס אַ „פיקציע" שיידט זיך אָפּ פון אַלע אַנדערע אַרטן ריין־גייסטיקע פּראָדוקטן, מיט וועלכע און דורך וועלכע דער דענקנדיקער מענטש באַשאַפט פון דעם חושים־מאַטעריאַל אַ סיסטעמאַטיש־איינגעאָרדנטע טעאָרעטישע דערקענטעניש.

ווייל דאָס מוז מען האָבן אין אויג, אַז אַ „פיקציע" איז נישט י ע ד ע ר מענטשלעכער צוטראַכט און נישט אַלץ, וואָס עקזיסטירט נישט אין דער נאַטור, ווי אַ ממשותדיקער יש. נעמט די פילע אַבסטראַקטע באַגריפן און אַפילו מאַטעמאַטישע בילדער, אָן וועלכע די מענטשלעכע דערקענטעניש קאָן זיך נישט באַגיין. אָט, צ. ב., דער אַבסטראַקטער באַגריף „מענטש־בכלל". געוויס איז נישטאָ קיין זאַך אין דער נאַטור, וואָס זאָל זיין „מענטש־בכלל". אין דער נאַטור זענען נאָר דאָ איינצל־מענטשן, יעדער מענטש מיט זיינע אינדיווידועלע אייגנשאַפטן און סימנים. „מענטש־בכלל" איז דעריבער אַ באַגריף, אַ צוטראַכט, נישט קיין ממשותדיקער יש; אָבער אָט דער באַגריף איז פאָרט נישט קיין „פ י ק צ י ע",

ווייל ער איז אַ פּראָדוקט פון אַן אַבסאָלוט-נויטווענדיקן לאָגישן דענק-פּראָצעס (דעם אַבסטראַקציע-פּראָצעס) און פירט דאָס רוב קיינעם נישט אַריין אין פאַרבלענדעניש און טעותן. מען ווייס לכתחלה, אַז „מענטש-בכלל" איז אַן אַבסטראַקטער באַגריף, אַ נויטוועגדיקער, זייער נוצלעכער צוטראַכט אין געדאַנק, פון וועלכן מיר קאָנען זיך נישט אָפּזאָגן. דאָס אייגענע איז אויך, לאָמיר זאָגן, מיט דער פאָרשטעלונג פון אַן אַבסאָלוטן, מאַטעמאַטיש-פּינקטלעכן קרייז, וועלכן מיר מוזן אונטערשיידן פון דעם אַבסטראַקטן באַגריף „קרייז-בכלל". אַן אַבסאָלוטער מאַטעמאַטישער קרייז איז אפשר ערגעץ אין דער נאַטור נישט פאַראַן. אָבער ער איז אַן איינצליש, אַ נויטווענדיקער פּראָדוקט פון אונזער גייסטיקן „זען" אין דעם מאַטעמאַטישן דענקען, און קאָן נישט אָנגערופן ווערן אַ „פיקציע". אויך ער פירט קיינעם נישט אַריין אין טעותן און פאַרבלענדענישן. אַ פיקציע אָבער איז צלול אונז אָפּצונאַרן.

אָבער נישט אַלץ, וואָס פירט אָדער קאָן איינעם אַריינפירן אין טעותן און פאַרבלענדענישן, איז אַ פיקציע. ווען מיר קוקן אין אַ שפּיגל און זעען אין אים, ווי אַלע זאַכן אין חדר שטייען הינטער דעם שפּיגל, איז דאָס געוויס אַ טעות און אַ פאַרבלענדעניש פון אונזער אויג. אָבער דאָס איז נישט קיין „פיקציע" אין דעם אייגנטלעכן זין, נאָר אַן אילוזיע. דאָ ווערן מיר נישט אַריינגעפירט אין קיין געדאַנקלעכן טעות, ווייל דער טאַפּ-חוש פון אונזערע פינגער קאָן אונז גרינג באַווייזן די פאַלשקייט פון דעם אויגס פאַרבלענדעניש. אָדער ווען מיר זעען, ווי די זון, די גרויס ווי אַ קליינער קירבּיס, גייט איבערן הימל, בעת די ערד שטייט, איז דאָס אַ פאַרבלענדעניש, וואָס האָט דורות און דורות געהאַלטן דעם מענטשלעכן געדאַנק אין טעות. אָבער אויך דאָס איז נישט קיין געדאַנקלעכע פיקציע, נאָר אַן אילו-זיע פון דעם חוש הראיה.

די געדאַנקלעכע פיקציע איז דעריבער אַ מין מיטל-זאַך צווישן דער אילוזיע און דער נויטווענדיקער לאָגיש-מאַטעמאַ-טישער קאָנסטרוקציע. זי איז נישט קיין אילוזיע, ווייל

מיר זעען זי בכלל נישט מיטן חוש, אָבער זי קאָן אונז אָפּבאַרן ווי אַן אילוזיע. זי איז נישט קיין נויטווענדיקע לאָגיש-מאַטעמאַטישע קאָנסטרוקציע (ווי צ. ב., דער אַבסאָלוט-פּינקטלעכער מאַטעמאַטישער קרייז), ווייל מיר קאָנען סוף-כל-סוף זיך אָפּזאָגן פון איר אָבער ווי אַ כמו-מאַטעמאַטיש-לאָגישע קאָנסטרוקציע, העלפט זי אונז אַריינברענגען אָרדענונג אין דעם רוי-מאַטעריאַל פון די חושים און בויען די טעאָרעטישע דערקענטעניש.

אין וואָס-זשע באַשטייט די פונקציע און דער ווערט פון אַ געדאַנקלעכער פיקציע, ווי די פון דעם אַטאָם, אָדער דעם וועלט-עטער? זי זאָגט אונז, אַז אַלע פּראָצעסן און דערשיינונגען שפּילן זיך אָפּ אין דער פון אונז שטודירטער נאַטור פּונקט אַזוי, ווי די צוגעטראַכטע פיקציע וואָלט נישט געווען קיין ריין-געדאַנקלעכער צוטראַכט, נאָר אַ רעאַלער ממשותדיקער יש. „פּונקט ווי ס׳וואָלט״, — אָט דאָס איז דער כאַראַקטעריסטישער סימן פון אַ געדאַנקלעכער פיקציע.

ווען די כעמיקער האָבן „אַנטדעקט״ די „אַטאָמען״, די לעצטע קלענסטע חלקימלעך פון דער „מאַטעריע״, וואָס קאָנען שוין נישט געטיילט ווערן אויף קיין קלענערע, האָט דאָס נישט געהייסן, אַז די וויסנשאַפט האָט „אַנטדעקט״ אַ נייעם מין „יש״ אין דער נאַטור. דאָס האָט גאָר געהייסן אָט וואָס: די פּראָצעסן אין אַלע כעמישע דערשיינונגען שפּילן זיך אָפּ אַזוי, „פּונקט ווי ס׳וואָלט״ די גאַנצע מאַטעריע באַשטאַנען פון לעצטע אומטיילבאַרע אַטאָמען מיט פאַרשיידענע כעמישע אייגנשאַפטן. די געדאַנקלעכע „פיקציע״ פון דעם „אַטאָם״ האָט אַריינגעבראַכט געזעצמעסיקייט און קלאָרקייט אין דער כעמישער וויסנשאַפט, און אָן דעם „אַטאָם״ האָט מען זיך אין דער ווייטערער פאָרשונג נישט געקאָנט באַגיין, ווי מען קאָן זיך נאָך עד היום נישט באַגיין אינגאַנצן אָן אים. אָבער אין דעם לויף פון דער ווייטערדיקער כעמיש-פיזישער אויספאָרשונג, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער „אומטיילבאַרער אַטאָם״ איז אין דעראמתן גאָרנישט אומטיילבאַר, אַז ער אַליין באַשטייט פון מער ווי איין טיילכל, און אַז אָט די מערערע טיילכלעך זענען שוין גאָרנישט קיין מאַ

סעריעלע טיילכלעך (אין דעם אַלטן זין פון דעם וואָרט), נאָר ריינע „עלעקטרישע אָנלאָדונגען“, די אַזוי אָנגערופענע „עלעקטראָנען“. אין דעם זין פון דעם „ווי ס׳וואָלטיזם“ האָבן מיר אויך דאָ נישט צו טאָן מיט אַ נייער „אַנטדעקונג“, מיט אויסגעפונענע נייע „ישן“ אין דער נאַטור, נאָר מיט אַ וויסנשאַפטלעכער „פיקציע“, וואָס זאָגט: אַלע פיזיקאַליש-כעמישע פּראָצעסן שפּילן זיך אָפּ פּונקט אַזוי, „ווי ס׳וואָלט“ דער אַטאָם געווען צונויפגעשטעלט פון איינצלנע עלעקטרישע „קראַפט-צענטרען“, וואָס באַוועגן זיך איינס אַרום ס׳אַנדערע, לויט די געזעצן, וועלכע מיר האָבן אויסשטודירט אין דער מעכאַניק און דער עלעקטראָ-פיזיק.

דאָס אייגענע איז אויך מיט דער „עטער“-פיקציע. שטודירנדיק די פיזיקאַלישע דערשיינונגען, — דער עיקר אין ליכט-שיין און עלעקטריציטעט, — האָבן די געלערנטע געפונען, אַז זיי אַלע לויפן אָפּ פּונקט אַזוי „ווי ס׳וואָלט“ דער גאַנצער וועלט-חלל געווען אָנגעפולט מיט אַן אייגנאַרטיקער ממשותדיקער סובסטאַנץ, וואָס פאַרבינדט אין זיך די זייער ווידערשפּרוכפולע אייגנשאַפטן פון אַ דין-דינסטן גאַז און אַ האַרטן קערפּער. איצטער גפינט איינשטיין אויס, אַז די „עטער“-פיקציע האָט שוין געטאָן איר דינסט און קאָן שוין געזונטערהייט פענסיאָנירט ווערן און זיך באַזעצן אויף אייביק אין דער געשיכטע פון דעם מענטשלעכן געדאַנק. און דיזעלביקע מעשה איז אויך מיט דער גראַוויטאַציע: אין דעם ליכט פון דער איצטיקער איינשטיינישער וויסנשאַפט איז פאַלש צו זאָגן, אַז ניוטאָן האָט „אַנטדעקט“ די אַלוועלטלעכע „גראַוויטאַציע-קראַפט“ און איר געזעץ. דער אינעווייניקסטער, דערקענטעניש-טעאָרעטישער באַטייט פון ניוטאָנס אויפטו באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט באַשאַפן אַ טעאָרעטיש-וויסנשאַפטלעכע „פיקציע“. וואָס זאָגט: אַלע אַסטראָנאָמישע און מעכאַנישע דערשיינונגען, וועלכע מיר קאָנען איצטער אויפנעמען מיט אונזערע חושים, משיג זיין מיט אונזער שכל און באַרעכענען מיט אונזער מאַטעמאַטיק, געשעען פּונקט אַזוי, „ווי ס׳וואָלט“ צווישן אַלע קערפּער פון דער וועלט געהערשט אַ קעגנזייטיקע צוציאונג, וואָס ווירקט לויט אַזאַ און אַזאַ געזעץ.

דער „ווי ס׳וואָלט" איז אויך אַזאַ אופן איינער פון די וויכטיקסטע סימנים פון אַ באַרעכטיקטער פיקציע. אָבער דאָס איז נישט איר איינציקער סימן. אַ סך „ווי־ס׳וואָלטן" ווערן געבאָרן אין דעם מענטשלעכן געדאַנק, וואָס האָבן אין אַ שטרענג־טעאָרעטישער באַטראַכטונג קיין ברעקל רעכט נישט אויף עקזיסטענץ. אין אועלסעס ראָמאַן „דאָס אייביקע פייער", צ. ב., ווערט אין פראָלאָג געשילדערט, ווי אַזוי דער רבונו של עולם שפּילט אַ שאַך־פּאַרטיע מיט דעם שטן. דער זין פון דעם סימבאָל קאָן אויסגעדריקט ווערן „ווי ס׳וואָלטיסטיש" אַזוי: דער איינדרוק פון וועלט און לעבן איז אַזאַ, פּונקט „ווי ס׳וואָלט" דער גאַנצער וועלט־געשעען געווען אַ פּראָדוקט פון אַ שאַך־שפּיל צווישן אַ גאָט און אַ טייוול. ס׳איז קלאָר, אַז אָט דער סימבאָל איז נאָר אַ פּאָעטישער, נישט קיין וויסנשאַפטלעכער, ד. ה., אַז ער איז אַ פאַנטאַזיע, אָבער נישט קיין „פיקציע". אַ פיקציע איז אויך אין תוך אַריין אַ סימבאָל, אָבער אַזאַ, וואָס איז ענג אָנגעפּאַסט אָן די ווירקלעכע דערשיינונגען און האָט נישט קיין איבעריקע פאַלדן, וווהין עס זאָלן זיך קאָנען פאַרגנבנען ריין־צוגעטראַכטע דערשיינונגען. ער לעבט דעריבער אַזוי לאַנג אין דער וויסנשאַפט, ווי לאַנג די ווירקלעכע דערשיינונגען און די נויטוועגדיקע לאָגישע אָדער מאַטעמאַטישע קאָנסטרוקציעס קאָנען נאָך אַריינגענומען ווערן אין אים, נישט אויפרייסנדיק זיין מהות. טרעטן אויף אַנדערע דערשיינונגען און אַנדערע נויטוועגדיקע אויסרעכענונגען, פאַר וועלכע דער סימבאָל איז שוין צו ענג, — ווי דאָס איז דער פאַל מיט אַ סך פון זיי אין דער איצטיקער צייט, — ווערן די פיקציעס צעפּלאַצט און אַרויסגעוואָרפן פון דער שטרענג־וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג.

די אויבן־געבראַכטע פּאָר באַמערקונגען קאָנען אונז גרינג אַריינפירן אין דעם מהות פון דעם „ווי ס׳וואָלטיזם" און די אויפגאַבן, וואָס וואַקסן מיט אים אויס אין דער פילאָזאָפישער פאָרשונג. אין דער מענטשלעכער דערקענטעניש האָבן מיר — ווי שוין באַמערקט — אַ חוץ דעם רוי־מאַטעריאַל פון די חושים אַלערליי מינים מענטשלעכע צוטראַכטונגען. אַפילו מען זאָל אָנ־

נעמען. אַז דער רוי מאַטעריאַל פון די חושים איז אונז „געגעבן“ פונקט אזא, ווי ער איז אין דער נאַטור גופא, האָבן מיר נאָך אילוזיעס פון די חושים, נויטווענדיקע, לאָגישע און מאַטעמאַטישע קאָנסטרוקציעס, סימבאָלישע פיקציעס, — וואָס זענען נישט נויטווענדיק, אָבער דערפאַר זייער נוציק פאַר דער דערקענטעניש — און נאָך דערצו, — דער עיקר אין דער פילאָזאָפיע און רעליגיע, — אַלערליי אַרטן סימבאָלישע פאַנטאַזיעס, און אויב מען זאָל נאָך גלויבן העגעלן, דאַרף מען נאָך דערצו צורעכענען אילוזיעס פון דעם לאָגישן דענקען גופא, ווי צ. ב. די אילוזיעס פון „דעם ווידערשפּרוך־געזעץ“, וואָס זאָגט, אַז אין דער וועלט קאָן נישט בעמאָלט זיין איין און דיזעלביקע זאַך זאָל אין איין און דערזעלביקער צייט אי יאָ־זיין, אי נישט זיין (און אויב איר ווילט נאָך מיר טאָן אַ פּערזענלעכע טובה, דאַרפט איר אין צעטל פריינטלעך אַריינשטעלן אויך די אילוזיעס, וואָס שטאַמען פון „היסטאָרישע אידייען־פאַרבינדונגען“). ווי פאַנאַנדערקלייבן זיך אין די פאַרשיידענע אַרטן? וועלכער געדאַנקען־פּראָדוקט איז אַ נויטווענדיקער פועל־יוצא פון אַ לאָגישן אָדער מאַטעמאַטישן דענקען? וועלכער איז נישט מער, ווי אַ נוציקע פיקציע, און וועלכער איז גאָר לײדער אַ ווילדע פאַנטאַזיע אָדער אַן אילוזיע? ס'איז קלאָר, אַז איידער מען קלייבט זיך ריכטיק פאַנאַנדער אין דעם, שטייט פאַר דעם דענקער אָפן די געפאַר, אַריינצופאַלן אין איינעם פון די צוויי עקסטרעמען, ווען נישט אין ביידע פון זיי מיטאַמאָל: אָדער צו דערקלערן אילוזיעס און פיקציעס פאַר ממשותדיקע פאַקטן און נויטווענדיקע לאָגישע פועל־יוצאס, אָדער צוריק, באַהאַנדלען פאַקטן און אַבסאָלוט־נויטווענדיקע דענק־רעזולטאַטן, ווי אילוזיעס און פאַנטאַזיעס.

די אויפגאַבן פון דעם „ווי־ס'וואָלטיזם“ באַשטייען דעריבער אין קלאָר אַרויסברענגען די פאַרשיידענע אַרטן פון מענטשלעכן גוטראַכט און דורכפירן דעם אַנאַליז פון דער גאַנצער ביזאַהעריקער מענטשלעכער דערקענטעניש אויף אַלע אירע פעלדער:

אין וויסנשאַפט, פילאָזאָפיע, קונסט־ מאָראַל און רעליגיע, און דער־בײַ אויסגעפינען, וועלכער אַרט צוטראַכט איז באַרעכטיקט אויף וועלכן פעלד.

דער עיקר אָבער ווערט די איצטיקע „ווי־ס׳וואָלטיסטישע״ פאַרשונג געפירט, כּדי אויפצודעקן קודם כּל דעם פיקטיוון כאַראַקטער פון אַ סך געדאַנקען־פּראָדוקטן, וואָס ווערן אָנגענו־מען פאַר אַפּסאָלוט־נויטווענדיקע פועל־יוצאס פון דער דערקענטע־ניש, ווען זי מוז דעריבער צושרייבן אַ רעאַלע עקזיסטענץ (אין אַ קריטיש־מענטשלעכן זין פון דעם וואָרט). דאָס איז זייער אַ וויכטיקע און שווערע פילאָזאָפישע אויפגאַבע, אין וועלכער די גאַנצע מענטשלעכע דערקענטעניש נויטיקט זיך זייער שטאַרק, און וואָס דאַרף קודם כּל אינטערעסירן דעם נאַטורפאָרשער.

שוין איצטער זענען אויסגעוואַקסן סכסוכים צווישן די איינשטייניאַנער און די „ווי־ס׳וואָלטיסטן״. די לעצטערע זענען נישט נתפּעל געוואָרן אויך פון איינשטיינס לאַרעמדיקן טריאומף־צוג אין דער וויסנשאַפט. אויך אין זייַנע וויסנשאַפטלעכע אונטער־זוכונגען באַמיען זיי זיך אַרויסצוגעפינען נישט נאָר „ווי־ס׳וואָל־טיסטישע״ עלעמענטן, נאָר אויך פאַנטאַסטישע און אילוזאָרישע. זיי באַשולדיקן איינשטיינען, אַז ער באַהאַנדלט זיינע טעאָרעטי־שע קאָנסטרוקציעס צו דאָגמאַטיש, נישט באַנעמענדיק די נפקא מיניה פון אַ נויטווענדיקן פועל־יוצא און אַ נויטיקן, פיק־טיוון „ווי־ס׳וואָלט״. פילע פון איינשטיינס רעזולטאַטן זענען אין זייערע אויגן נישט מער ווי נויטיקע פיזיקאַלישע פיקציעס, וואָס האָבן איצטער אַ רעכט צו לעבן אָבער נאָר אין דער אָנאָר־גאַנישער נאַטורוויסנשאַפט, און טאָרן בשום אופן נישט אַריבער־געטראָגן ווערן אין אַן אַלגעמיינעם וועלט־באַנעם, די פּרטים פון אָט דעם זייער אינטערעסאַנטן און באַלערנדיקן סכסוך קאָנען אָבער דאָ נישט געשילדערט ווערן.

על־כּל־פּנים איז קלאָר, אַז דער „ווי־ס׳וואָלטיזם״ איז גע־קומען צו פאַרבלייבן אויף לאַנג. מען קאָן פון אים נישט דער־וואַרטן קיין אַנטפּלעקונג פון נייע באַצויבערנדיקע פילאָזאָפישע וועלט־בילדער, וואָס קאָנען געבאָרן ווערן נאָר אין דעם שאַפאַניצר־

דריש פון דער שאַפּנדיקער טעאָרעטישער פאַנטאַזיע און נישט
ביי דעם קילן געטראַנק פון דעם ריינעם, געזונטן, קריטישן אייז־
וואַסער, אָבער האָפן מעג מען, אַז אָט־די „קאַלטע וואַסער־קור״
וועט אויסהיילן דאָס מענטשלעכע דענקען, — אַפילו אין דער
קאָנסטרוקטיווער פילאָזאָפיע, — פון יענער „שטייפע גלידער״־
קרענק, וואָס האָט זיך ווידער גענומען אַריינרייסן אין דעם פי־
לאָזאָפישן דענקען. איינצלנע פילאָזאָפן פאַרשטייפן זיך דערביי
אויף די אָדער יענע „אַבסאָלוטע אמתן״ און קאָנען נישט אַ קער
טאָן דעם נאַקן רעכטס אָדער לינקס. ס׳איז אַ מין „קאָפּ־פּאָדאַגרע״,
רחמנא לצלן, און די קומט פון צו־פיל „שאַמפּאַניער״ פון דער
דאָגמאַטישער „מאַרקע״, וואָס איז ווידער אַזוי באַליבט גע־
וואָרן, אַ דאַנק בערגסאָנען.

# דער אַלטער און דער נייער געדאַנקענגאַנג, און עמנואל קאַנט*)

## I

מיין טעמע רופט זיך ני שט: „דער אַלטער און דער נייער געדאַנק", נאָר: דער אַלטער און דער נייער געדאַנקענגאַנג.

איך האָב דאָ אין זין יענעם שטראָם פון געדאַנקען, וואָס פאַרפלייצט איצטער אַלע פעלדער, אָדער כמעט אַלע פעלדער פון דער מענטשלעכער קולטור און טרעט אומעטום אַרויס אין אַ באַוווסטן אָדער אומבאַוווסטן קאַמף מיט יענעם געדאַנקענגאַנג, מיט יענעם גאַנצן שטראָם פון געדאַנקען, וואָס האָט זיי באַוואַסערט און באַפרוכפערט ביז אַהער אין אַ משך פון דורות און דורות.

און ווען איך זאָג: געדאַנקענגאַנג, מיין איך דאָ נישט אַלעמאָל קלאָר אויסגעדריקטע, לאָגיש צונויפגעשטעלטע, כשר-פאַר-דינטע באַגריפן און אידייען. אָפטמאָל דריקט זיך אויס דער געדאַנקענגאַנג פון אַ צייט אין טונקעלע שטרעבונגען, אין אַ נערוועזן, מבולבלן שטאַמלען, פון וועלכע מען דאַרף ערשט אַרויס-קריסטאַליזירן זיין קלאָרן באַגריף, זיין צענטראַלע אידייע.

פאַר די לעצטע דרייסיק-פערציק יאָר באַמערקט זיך אין

*) די צוקונפט 1919 — 1918.

דעם קולטורעלן לעבן פון דער מענטשהייט אַ בילד קלאָר, בילד טונקל שטרעבן אַרויסצורייסן זיך פון אונטער דער שליטה פון יענעם געדאַנקענגאַנג, וואָס האָט באַלויכטן דעם וועג פון דעם מענטשלעכן פּראָגרעס נישט ווייניקער ווי אַ פינף הונדערט יאָר נאָכאַנאַנד: דעם געדאַנקענגאַנג פון אינטעלעקטואַליזם, פון ראַציאָנאַליזם, פון קלאָרן שכל און פאַרשטאַנד.

יאָ, עס איז שוין אַ האַלבער יאָר-טויזנט, זינט די מאָדערנע פּראָגרעסיווע מענטשהייט האָט אָפן און אומדערשראָקן פּראָקלאַמירט דעם פּרינציפּ, אַז אויפנעמען און פאַרשטיין די וועלט קאָן מען נאָר מיט דעם פרייעם, קלאָרן, לאָגישן שכל; אַז אָפּשאַצן דעם ווערט פון אונזער לעבן, בויען אונזערע לעצטע צילן, באַשטימען אונזערע האַנדלונגען און אונזער שטעלונג צו וועלט, לעבן און מענטש קאָן און דאַרף נאָר דער קלאָרער, ריינער, לאָגישער שכל, וואָס טאָר זיך אין קיין פאַל נישט בויגן פאַר קיין אויטאָריטעט, פאַר קיין גלויבן און טראַדיציע, וואָס איז נישט אַרויסגעוואַקסן פון אים און האָט זיך נישט פאַרענטפערט פאַר אים.

דער געדאַנקענגאַנג פון דעם לעצטן האַלבן יאָר-טויזנט איז געבאָרן געוואָרן אין דעם קאַמף אַנטקעגן דער רעליגיעזער וועלטאָנשויאונג, מיט איר פּרינציפּ פון „קרעדאָ קוויאַ אַבסורדום": „איך גלויב, ווייל עס איז אַן אומזין", און אַ האַרטער קאַמף איז דאָס געווען.

אין דער ערשטער צייט האָט דער דעמאָלט נייער געדאַנקענגאַנג נאָך נישט געהאַט דעם מוט דירעקט אָנצוגרייפן דעם גלויבן, און דער פרייער שכל פלעגט זיך אַלעמאָל דאַרפן פאַרענטפערן פאַר דער אמונה, אַלע ווײַלע דאַרפן באַרואיקן זי, זי זאָל נישט מיינען, מען וויל זיך חלילה אַריינרייסן אין איר ממשלה און פאַרקלענערן איר מאַכט. און אין אַלע קאָנפליקטפאַלן צווישן גלויבן און געדאַנק, צווישן הייליקע טראַדיציע און אפּיקורסישן שכל, פלעגט דער שכל דאַרפן בויגן זיין שטאָלצן קאָפּ און מודה זיין דעם „אמנם חטאתי".

ערשט מיט דעם נייעם פראַנצויזישן דענקער דעקאַרט

הערט פריציפיעל אויף די אויבערמאַכט פון דעם גלויבן. דעקאַרטס פרינציפ: „קאָגיטאָ ערגאָ סום“, „איך דענק, ממילא בין איך“, לויט וועלכן איך טאָר נישט גלויבן אין מיין אייגענער עקזיסטענץ אויף דער וועלט, ביז זי ווערט מיר נישט קלאָר על פי שכל, ביז זי ווערט מיר נישט באַוויזן על פי דעם געדאַנק, איז געווען דער לעצטער טויט-שטויס צו דעם מיטל-אַלטערלעכן פרינציפ פון „קרעדא קוויאַ אבסורדום“.

און דאָס רעדל האָט זיך אינגאַנצן איבערגעדרייט. אין זיבעצנטן יאָרהונדערט איז די לאַגע אין דער פראָגרעסיווער גייסטיקער וועלט שוין געווען אַזאַ, אַז נישט דער שכל האָט זיך געדאַרפט פאַרענטפערן פאַר דער אמונה, נאָר די אמונה איז שטענדיק געשטאַנען אין פירהויז ביי דעם שכל און האָט זיך אַלץ משתדל געווען — אַרויסצוקריגן ביינעם אַ הכשר אויף דער אָדער יענער פון אירע אַבסורדיטעטן.

אָבער זיין העכסטן טריאומף האָט דער ראַציאָנאַליזם דערגרייכט אין דעם ניינצנטן יאָרהונדערט, ווען דער אינטעלעקטואַליזם און דער מאַטעריאַליזם האָבן גענומען אַראָפּנידערן פון די הויכע הויכן פון דעם פילאָזאָפישן געדאַנק און אַריינדרינגען אין אַלע טאָלן און אַפילו היילן פון דעם מענטשלעכן דענקען און שאַפן.

אומעטום הויבט דעמאָלט אָן הערשן די טענדענץ צו איינפאַכקייט, קלאָרקייט, מאַטעמאַטישער נויטווענדיקייט, און די מעכאַנישע וויסנשאַפט, וואָס פאַראייניקט אין זיך אָט די אַלע מעלות פון דעם ריין-שכלדיקן דענקען, ווערט דער קאַמערטאָן פאַר אַלע וויסנשאַפטן און אַלע צווייגן פון דעם קולטורעלן לעבן.

דער שטאָלצער שכל באַגרינדעט זיין אויבערמאַכט איבער אַלע אַנדערע דערקענטעניש-קוואַלן און פעאיקייטן פון דער מענטשלעכער נשמה, און דאָרטן, ווו עס קומען פאָר קאָנפליקטן צווישן דעם שכל און די חושים, צווישן דעם שכל און דעם געפיל, גייט תמיד אַרויס דער זיגער דער שכל. אַלע זיינע קעגנער איז ער מבטל כקליפת השום און דערקלערט זייער עדות-זאָגן פאַר פשוטע אויגן-פאַרבלענדעניש, פאַר נישט-ווערטיקע אילוזיעס.

עס זאָגן אונז די חושים, אַז די ערד שטייט און די זון דרייט זיך. „אַן אילוזיע״! — שרייט אויף אונז די שכלדיקע אַסטראָנאָמיע. „די מעשה איז פונקט פאַרקערט: די זון שטייט און די ערד דרייט זיך אַרום איר״.

עס הערט אונזער אויער קלאַנגען אין דער נאַטור; עס זעט אונזער אויג פאַרבן אין איר. אַן אילוזיע! — דערקלערט די פיזישע וויסנשאַפט. נישטאָ אין דער נאַטור נישט קיין קלאַנגען, נישט קיין פאַרבן, נישט קיין אַנדערע קוואַליטעטן. עס זענען נאָר דאָ מאַטעריעלע אַטאָמען, וואָס באַוועגן זיך, לויט אייביקע מאַטעמאַטיש-מעכאַנישע געזעצן; עס זענען נאָר דאָ מאַטעריעלע נערוון, וואָס ווירקן לויט אייביקע פיזיש-כעמישע געזעצן. אין דעם צוזאַמענשטויס פון די אַטאָמען אין דער דרויסנוועלט מיט די אַטאָמען פון די נערוון ווערן געבאָרן די „פאַרבלענדענישן״ פון פאַרבן, קלאַנגען, גערוכן, געשמאַקן, און אַלע אַנדערע שפּירונגען.

עס זאָגט אונז אונזער אינעווייניקסט געפיל, אַז אונזער ווילן איז פריי. מיר שפּירן, אַז מיר זענען נישט קיין מעכאַנישע מאַשין, וואָס ווערט געטריבן פון דרויסנדיקע קרעפטן; אַז מיר אַליין קאָנען פון זיך אַליין אָנהויבן אַ באַוועגונג, וואָס רייסט זיך אַריין און קייטלט זיך צונויף מיט די באַוועגונגען פון דעם וועלט-אַל.

„אַ פאַרבלענדעניש״! — פאַרזיכערט אונז דער שכל. „אונזער יעדע, אַפילו די קלענסטע, כלומרשט פרייע ווילנס-באַוועגונג איז אין תוך אַריין דעטערמינירט, פאָראויס באַשטימט דורך דעם מעכאַנישן פּראָצעס, וואָס באַהערשט די באַוועגונגען פון דעם וועלט-אַל״.

אונזער נשמה בענקט נאָך אומשטערבלעכקייט. עס ווילט זיך אונז נישט גלויבן, אַז אונזער פּערזענלעך לעבן איז נישט מער, „ווי אַ בלום, וואָס פאַרוועלקט, ווי אַ חלום, וואָס פאַרפליט״.

אָרעמער מענטש, אומזיסט איז דיין בענקשאַפט! דער שכל האָט שוין אויסגעפונען און קאָן דאָס דיר באַווייזן, ווי צווי־

מאָל צוויי איז פיר, אַז דו און דיין לעבן זענען נישט מער, ווי אַ קליינע כוואַליע אין דעם גרויסן וועלט-ים, וואָס הויבט זיך אויף אויף אַ קליינער ווײַלע און גיסט זיך ווידער צונויף מיט אים.

ווען די מענטשהייט האָט גענומען טראַכטן וועגן דעם תוך פון דער גאַנצער וועלט, וועגן דער סובסטאַנץ, פון וועלכער זי באַשטייט, האָט זי אינטויטיוו אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק, אַז אַלץ אין דער וועלט האָט אַ נשמה; אַז אַלץ אין איר איז רוחניותדיק, דורכגעזעלט מיט געדאַנק און געפיל; אָנגעלאָדן מיט אַ גייסטיקער שטרעבונג.

נישטאָ קיין רוחניות! — פּראָקלאַמירט דער קלאָרער שכל פון דעם נײַנצנטן יאָרהונדערט, אין זיין העכסטער אַנטוויקלונג, אין זיין מאַטעריאַליסטישער פילאָזאָפיע. אַלץ אין דער וועלט באַשטייט פון מאַטעריעלע אַטאָמען, בלינדע, טויבע און טויטע, — אייביק טויטע, — און אַלץ אין דער וועלט בויגט זיך אונטער דער שליטה פון די מעכאַנישע געזעצן, וואָס הערשן אין זיי.

ביי דער גרעסטער מאַיאָריטעט פון דער מענטשהייט לעבט אינעווייניק אין האַרצן אַן אידעאַלער גלויבן אין אַלוועלטלעכער גערעכטיקייט, אין אַ געטלעכער קראַפט, וואָס איר אינעווייניקסטע מהות איז אמת וצדק, און וואָס ברענגט אַרויס דעם אמת וצדק אין דער וועלט.

דער מאַטעריאַליסטישער אַטעאיזם, וואָס בויט זיין פּאָזיציע אויף דעם קלאָרן פאַרשטאַנד, און ברענגט אַלץ אַרויס מיט זיכערקייט פון דעם קלאָרן פאַרשטאַנד, וויל אַפילו אונז נישט ענטפערן ערנסט אויף דעם פּונקט.

ער קוקט אויף אונז מיט זיינע קלאָרע, שאַרפע, דורכדרינגע-דיקע בליקן, אַ פאַרוואורף אין זיי: „וואָס נאָך, מיין פריינט, האָט זיך דיר פאַרוואָלט?"

און אין דעראמתן, אויב אַלץ אין דער וועלט באַשטייט פון מאַטעריעלע אַטאָמען, בלינדע, טויבע און טויטע, — אייביק טויטע; אויב אַלץ אין דער וועלט בויגט זיך אונטער דער שליטה פון די מעכאַנישע געזעצן, וואָס הערשן אין זיי, — ווי

איז דאָ פלאַץ, — לאָז זיין אַ שפּאַן אויף אַ שפּאַן, — פאַר אַ געטלעכער קראַפט אין דער נאַטור, פאַר אַ ממשלה פון אמת וצדק אין דער דרויסנדיקער וועלט?

און דאָס לעבן? יענע וווּנדערלעכע פּראָצעסן, וואָס שפּילן זיך אָפּ אין דער וועלט פון פלאַנצן, חיות און דעם מענטשן: זענען זיי נישט קיין ווידערשפּרוך צו דער טעאָריע פון די אייביק־טויטע אַטאָמען?

ניין, נישט קיין ווידערשפּרוך, ענטפערט דער מאַטעריאַ־ליסטישער פאַרשטאַנד. די וויסנשאַפטלעכע ביאָלאָגיע, וואָס האָט אין די פופציקער יאָרן געגומען אינגאַנצן ארונטערפאַלן אונ־טער דער מאַכט פון דעם מאַטעריאַליזם און האָט אָנגעהויבן אַלץ באַטראַכטן מיט זיינע אויגן, האָט זיך אָוועקגעשטעלט די אויפ־גאַבע, צו דערקלערן אַלע לעבנס־פּראָצעסן אויף אַ ריין־מעכאַ־נישן אופן, אויפווייזן, אַז אויך אין זיי איז נישטאָ קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר אַ שפּיל פון יענע טויטע קרעפטן און טויטע אַטאָ־מען, וועלכע מיר געפינען אומעטום אין דער נישט־לעבעדיקער נאַטור.

דאָס לעבן איז אַ מעכאַנישער אַקט, וועלכן דער פאַר־שטאַנד קאָן דערקלערן כמעט מאַטעמאַטיש, און אויך די אַנט־וויקלונג פון דעם לעבן, די אַרויסברענגונג פון אַלץ קאָמפּליצירטע, רייכערע און העכערע אָרגאַניזמען, ווערט ריין־אינטעלעקטואַליס־טיש צוריקגעפירט אויף אַ שפּיל פון עלעמענטן און פּראָצעסן, וואָס ווירקן כמעט אויף דעמזעלביקן אופן, ווי די מעכאַניש־פי־זישע קרעפטן.

דאַרווין, אַליין גאַנץ ווייט פון מאַטעריאַליזם און אַטעי־איזם, האָט אונז געגעבן יענע ראַציאָנאַליסטישע אויסטייטשונג פון דער ביאָלאָגישער עוואָלוציע, וואָס פּאַסט זיך אַזוי שיין אַריין אין דער אַלגעמיינער גייסטיקער טענדענץ פון דער צייט.

די אָרגאַניזמען אַנטוויקלען זיך איינע פון די אַנדערע, און דערגרייכן די העכסטע שטופן פון פולקאָמענהייט אַ דאַנק דעם קאַמף פאַר עקזיסטענץ, וואָס זיי דאַרפן פירן איינער מיט דעם אַנדערן און מיט דער נאַטור; אַ דאַנק דער צופּאַסונג צו זייערע

לעבנס־באַדינגונגען; אַ דאַנק דעם „נאַטירלעכן אָפּקלייב", וואָס וואַרפט אַרויס פון קאָן די שלעכט־צוגעפּאַסטע און לאָזט איבער ביים טיש נאָר די, וואָס טויגן פאַר דעם לעבנס־פּראָצעס אין די געגעבענע באַדינגונגען; אַ דאַנק דעם „סעקסועלן אָפּקלייב", וואָס מאַכט, אַז די ווייבערשאַפט זאָל מוזן שענקען איר ליבע נאָר צו די ביאָלאָגיש־שטאַרקערע, „בעסערע", שענערע און אויף אַזאַ אופן אַריבערטראָגן בירושה אויף דעם יונגן דור אַלע בעסטע מעלות, וואָס דער עלטערער דור האָט דערוואָרבן.

אויך דער מענטש, „די קרוין פון גאָטס באַשאַף", מאַכט נישט קיין אויסנאַם פון דעם אַלגעמיין־ביאָלאָגישן כּלל. אויך ער איז אויסגעוואַקסן פון אַ נידעריקערער חיה. אַ דאַנק דיזעל־ביקע ביאָלאָגישע נויטווענדיקייטן, וואָס באַהערשן דעם גאַנצן ביאָלאָגישן פּראָצעס. און אַפילו זיין שכל, דער אינטעלעקט, אויף וועלכן ער איז אַזוי שטאָלץ, אין וועלכן ער האָט אַזוי אָפט דערבליקט דעם „חלק אלוה ממעל", אַן עקסטראַ־שיינע מתנה פון דעם אויבערשטן, האָט זיך אויך נאָר בהדרגה אַנטוויקלט פון נידעריקערע שטופן אין דעם פּראַקטישן קאַמף פאַר עקזיסטענץ, צוליב פּראַקטישע ביאָלאָגישע צוועקן.

נאָך דער ביאָלאָגיע קומט די פּסיכאָלאָגיע, די לערע פון די גייסטיקע פּראָצעסן, וואָס קומען פאָר אין דעם מענטשנס נשמה,— די לערע פון דעם מענטשנס דענקען, פילן, וועלן. אויך דאָ האָט דער אינטעלעקטואַליזם געפייערט אַ טריאומף נאָך טריאומף.

איך רעד שוין נישט וועגן דער מאַטעריאַליסטישער טעאָריע, וואָס לייקנט די עקזיסטענץ פון אַ מענטשלעכער נשמה און פירט אַלע אירע דערשיינונגען צוריק צו די פיזישע, כעמישע און מע־כאַנישע פּראָצעסן אין דער נערוון־און מאַרך־סובסטאַנץ. דער געדאַנק געהער מער צו דער אַלגעמיינער פילאָזאָפיע איידער צו דער ספּעציעלער פּסיכאָלאָגישער וויסנשאַפט.

איך נעם דאָ די פּסיכאָלאָגיע, ווי אַ באַזונדערע פאָרשונגס־צווייג, וואָס ווערט באַאַרבעט פון מענטשן, וואָס קימערן זיך ווייניק וועגן פילאָזאָפיע און וועגן מאַרך־צעלן, נאָר באַהאַנדלען דער פּסיכישן מאַטעריאַל אין זיין קאָנקרעטער געגעבנקייט: נישט

ווי שטיקלעך גשמיות פון אַזוי פיל די לענג און די ברייט און די הויך, נאָר ווי נישט-מאַטעריעלע געדאַנקען, געפילן, ווילנס-שטרעבונגען, אינסטינקטן.

אויך דאָ, אין דער אַזוי אָנגערופענער אַסאָציאַציע-פּסיכאָלאָגיע, — וועמעס קערנדלעך עס געפינען זיך שוין ביי דעקאַרטן, וועמעס וויכטיקסטע אַנטוויקלונגס-עטאַפּן מיר האָבן צו פאַרדאַנקען אַזעלכע גייסטער, ווי האָבס, שפּינאָזע און יום, — אויך דאָ, זאָג איך, האָט זיך דער נאַציאָנאַליזם פאַנאַנדערגעלעגט אין דער לענג און דער ברייט און אין דער טיף; אויך דאָ האָט געהערשט די טענדענץ אַלץ צוריקצופירן צו דורכזיכטיקקלאָרע, זעלבספאַרשטענדלעכע כּללים, צו מאָס און וואָג, צו כּמעט מעכאַנישער קוויזאַליטעט.

דער תּוך פון אַלע פּסיכישע דערשיינונגען איז דאָס באַוווּסטזיין, זייערע איינצלנע עלעמענטן זענען די באַוווּסטזיניקקלאָרע שפּירונגען פון די חושים.

די שפּירונגען לאָזן איבער אין געמיט דערינערונגס-שפּורן. די דערינערונגס-שפּורן קאָמבינירן זיך צו פאָרשטעלונגען. די פאָרשטעלונגען ווערן צונויפגעפרעסט אין באַגריפן און אידייען. די באַגריפן און אידייען ווערן, לויט באַשטימטע אַסאָציאַציע-געזעצן, צונויפגעבונדן אין געדאַנקען. אַזוי דערקלערט זיך דער גאַנצער פּראָצעס פון דענקען.

די געפילן? זיי קומען אויך פון דיזעלביקע קלאָר-באַוווּסטע שפּירונגען. יעדעס איינע פון זיי האָט אַ „געפילס-טאָן", אין באַפאַרבט מיט דעם קאָליר פון „אָנגענעם" אָדער „אומאָנגענעם". אָט די געפילס-טענער גיסן זיך צונויף אין איינצלנע געפילן.

דער ווילן? אויך דאָ איז נישטאָ קיין ברעקל סוד, אויך ער שטאַמט פון דיזעלביקע קלאָר-באַוווּסטע שפּירונגען, פון דעם אויג, אויער, גערוך-נערוו, געשמאַק-נערוו, טאַפּ-נערוו. יעדע שפּירונג האָט אין זיך אַ „באַוועגונגס-טענדענץ", וואָס איז פאַרבונדן מיט דעם געפילס-טאָן. די באַוועגונגס-טענדענצן גיסן זיך צונויף אין מאָטיוון און שטרעבונגען. וואָס אָנגענעם, ווירקט צוציענדיק, וואָס אומאָנגענעם, ווירקט אָפּשטויסנדיק. עס איז אַ קאַמף

פון שטרעבונגען, אין וועלכן די שטאַרקערע שטרעבונג איז גובר. דער טריאומף פון דער שטאַרקערער שטרעבונג, — אָט דאָס איז, וואָס מיר נעמען אָן פאַר אַ באַשלוס פון אונזער פרייעם ווילן. אויך דער העכסטער אויסדרוק פון דעם מענטשלעכן פרייעם ווילן, די מאָראַלישע האַנדלונגען לויט די פאָדערונגען פון פליכט און די אידעאַלן פון מסירת נפש, מאַכן נישט קיין אויסנאַם פון דעמזעלביקן כלל, ווייל דער אַ ל ט ר ו א י ז ם, די מסירת נפש פאַר דעם אַנדערן, איז, ווי דער פרייער ווילן גופא, נישט מער, ווי אַן אילוזיע, אַן אָפּנאַרן זיך אַליין. אין תוך אַריין זענען אַלע מענטשלעכע שטרעבונגען עגאָאיסטיש, באַהערשט פון דעם פערזענלעכן אינטערעס. און דער „אַלטרואיסטישער" באַשלוס איז אויך נישט קיין אַנדער זאַך, ווי אַ טריאומף פון אַ שטאַרקער פערזענלעכן אינטערעס.

חבור, חסור, כופל, חלוק! פאַראַלעלאָגראַם פון קרעפטן! באַוועגונג לויט דעם געזעץ פון דעם קלענסטן ווידערשטאַנד! — דאָס און נישט קיין אַנדער זאַך איז דאָס פסיכישע לעבן.

אַפילו די אינסטינקטן, יענע וואונדערבאַרע קרעפטן, וואָס מאַכן, אַז די שפין זאָל קאָנען וועבן אַזוי שכלדיק איר נעץ, אַז די בין זאָל אָקאָרשט אַרויס פון דער פופע, זיך קאָנען באַטייליקן אין איר רייכן, קאָמפּליצירטן, מלוכה-לעבן; אַז דער מענטש, זאָל אין דעם צושטאַנד פון סאָמנאַמבוליזם, קאָנען אַרומגיין שלאָפעדיקערהייט, קלעטערן איבער די געפערלעכסטע אָפּגרונטן, שפּרינגען פון איין הויז-דאַך אויף דעם אַנדערן און דערביי אומבאַוווסטערהייט אָפּמעסטן די באַוועגונגען פון זיינע מוסקלען אַזוי פינקטלעך, אַז זיי זאָלן נישט מאַכן קיין פעלער אויף אַ האָר, — אַפילו די אינסטינקטן שטאַמען אויך אין דער לעצטער שורה פון די באַוווסטזיניקע שפּירונגען: זיי זענען פאַרגליווערטער, פאַרירשנטער שכל, אָנגעזאַמלט אין דעם אָרגאַניזם פון דורות און דורות.

נישט ווייניקער בולט טרעט אַרויס דער אינטעלעקטואַליזם פון דעם ניינצנטן יאָרהונדערט אין דער געשיכטס-פילאָ-

זאָפיע, ווי זי איז באַארבעט געוואָרן פון אַן אָגיסט קאָנט, באָקל, גומפּלאָוויטש און מאַרקס, — דערעיקר מאַרקס.

וואָס טרייבט אָן דעם גאַנצן מענטשלעכן פּראָגרעס? די אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו-קרעפטן, ענטפערט מאַרקס. וואָס זענען דאָס אַזוינס די פּראָדוקטיוו-קרעפטן? דאָס איז דער סכום פון יענע נאַטירלעכע קרעפטן, וועלכע דער מענטש ווענדט אָן, כּדי צו באַהערשן די נאַטור, כּדי צו פּראָדוצירן גיטער פאַר זיין לעבן, פאַר זיין עקאָנאָמישן באַדאַרף.

אין דער לעצטער שורה זעט דאָס אויס, ווי ריינע מעכאַניק. די מענטשלעכע געשיכטע ווערט באַהערשט פון דעם סכום „פערד-קרעפטן״, וועלכע דער מענטש קאָן אין אַ געוויסער צייט איינשפּאַנען אין זיינע מילן און אין זיינע מאַשינען.

אויך דאָס גאַנצע עפנטלעכע לעבן און די מאָראַל-פילאָזאָפיע פון דעם פאָריקן יאָרהונדערט זענען געשטאַנען אונטער דער השפּעה פון דעמזעלביקן אינטעלעקטואַליסטישן גרונט-שטריך און זענען באַהערשט געוואָרן פון דעם אוטיליטאַריזם, דעם נוצלעכקייטס-געדאַנק, און דעם נאַטוראַליזם.

אין דעם צענטער פון דעם עפנטלעכן אינטערעס זענען געשטאַנען דער טעכנישער פּראָגרעס, די אַנטוויקלונג פון די מענטשלעכע מיטלען, ווי אַזוי צו באַשאַפן מער רייכטום, און דער עקאָנאָמישער קאַמף פאַר דעם באַזיץ פון יענעם רייכטום.

די סאָציאַלע אידעאַלן, וואָס זייער העכסטע און איידלסטע פּרוכט איז דער סאָציאַליזם, ווערן באַגרינדעט אָדער דורך דעם קלאַסן-קאַמף, דורך אַ צונויפשטויס פון קרעפטן, ווי אין דער נאַטור, אָדער, — ביי די עטישע סאָציאַליסטן, — דורך אַ מאַטעמאַטיש-אוטיליטאַרישן חשבון: „דאָס גרעסטע גליק פאַר דער גרעסטער צאָל״.

דער אידעאַל פון אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען האָט געפונען זיין אינטעלעקטואַליסטישן אויסדרוק אין דעם קאָסמאָפּאָליטיזם, אין דעם קלאָרן איינזען, אַז „מענטש איז מענטש״, און אַז דער מענטש, ווי אַ מענטש, האָט נישט קיין אַנדערע שכלדיקע אויפגאַבן, ווי צו באַנוצן זיך אומעטום מיט דער העכסטער

שטופּע פון דעם טעכנישן פּראָגרעס און אַרויסבּרענגען אומעטום דעם מאַקסימאַלן קוואַנטום פון גליק.

אָבער אויך די קונסט האָט אויף איר אַרט אָפּגעשפּיגלט דיזעלביקע גרונט־טענדענץ פון דער צייט: די גרעסטע דערנענטערונג צו דעם פאַרשטאַנד און זיינע געזעצן, די טענדענץ צו קלאָרקייט, לאָגישקייט, און דורכזיכטיקע שכלדיקייט.

אין דער פּאָעזיע האָט גענומען הערשן דער קלאָרער ר ע אַ ל י ז ם און דער נאַטוראַליזם. זאָלאַ האָט שוין אויסגעאַרבעט די טעאָריע פון דעם „עקספּערימענטאַלן ראָמאַן”. דאָס קלינגט כמעט ווי נאַטורוויסנשאַפט, ווי פּראָביר־גלעזער און קאָלבן אין דער לאַבּאָראַטאָריע פון אַ כעמיקער.

אין דער מאָלעריי און דער סקולפּטור האָט געהאַט די אויבערהאַנט דער „סיוזשעט”, ד. ה. דער קלאָרער ג ע ד אַ נ ק, וועלכן דער קינסטלער וויל אַרויסבּרענגען. און דער סיוזשעט איז געווען אָדער דאָסווירקלעכע לעבן, אָדער דאָס היסטאָרישע: קלאָרע פיגורן, קלאָרע סיטואַציעס, קלאָרער געדאַנק.

דאָס וואונדערבּאַרסטע דערביי איז, וואָס אויך אין דער מ ו ז י ק, דער שפּראַך פון דעם געפיל און האַרצן, — און זיי ביידע זענען דאָך, נעבעך, אַזוי נאַריש, אַזוי כאַאָטיש, אַזוי ווייט פון קלאָרן פאַרשטאַנד, — קאָנען מיר גרינג דערקענען דעם אויסדרוק פון דעמזעלביקן שטעמפּעל פון דער צייט: די נאָענטקייט צו דעם קלאָרן פאַרשטאַנד און זיינע געבאָטן.

דאָס איז די קלאָרע שיינע האַרמאָניע, וואָס הערשט אין כמעט אַלע קאָמפּאָזיציעס; דאָס איז די רייכקייט און איבערפולקייט פון מ ע ל אָ ד י ע ס, פון מאַטעמאַטיש־דורכזיכטיקע מאָטיוון, וואָס זינגען זיך אַליין, ווי אין אַן אָפּערע פון אַ מאַירבּער אָדער ווערדי, ווי אין אַ פרילינג־ליד פון אַ מענדעלסאָן, — מעלאָדיעס און מאָטיוון, וואָס לייגן זיך אַזוי לאָגיש אויפן שכל, כמעט ווי אַ געאָמעטרישע טעאָרעם.

איבערבּליקנדיק אָט די אַלע טריאומפן פון דעם אינטעלעקטואַליזם, קאָן מען איינאיינעם מיט ענגעלסן, דעם מיט־מחבר פון דעם מאַרקסיזם, אָנהויבן ענטוזיאַסטיש גלויבן אין דער סוווע-

רעגיטעט פון דעם מענטשלעכן שכל, וואָס איז, אמת, באַגרענעצט אין יעדער היסטאָרישער עפּאָכע, וואָס איז אָבער אומבאַגרענעצט אין זיין אומענדלעכער אַנטוויקלונג.

אַנטקעגן אָט דעם געדאַנקענגאַנג פון די פּראָגרעסיווסטע דורות פאַר די לעצטע פינף הונדערט יאָר, אַנטקעגן אָט דעם שטרעבן צו דעם קלאָרן פאַרשטאַנד און זיינע געבאָטן, שטייט אונזער צייט אין אַן אָפענעם אָדער פאַרבאָרגענעם רעוואָלט.

ווען מען זאָל צונויפקלייבן אַלע איינדרוקן, וואָס מען באַקומט פון אַלע איצטיקע אַרבעטן אויף אַלע פעלדער פון דעם וויסנשאַפטלעכן פאָרשן, דעם פילאָזאָפישן שטרעבן, דעם קינסטלערישן שאַפן און דער טאָג-טעגלעכער אינדיווידועלער און געזעלשאַפטלעכער פּראַקטיק, ווען מען זאָל זיך אַליין פרעגן: וואָס איז דער גרונט-טאָן, וואָס הערט זיך פון זיי, פון אַלעמען אַרויס? וואָס איז דער גייסט, פון וועמען זיי אַלע ווערן באַהערשט? — וואָלט מען געמוזט ענטפערן: פון זיי, פון אַלעמען הערט זיך אַרויס אַ שטרעבן, וועלכע קאָן פאָרמולירט ווערן מיט די ווערטער: „וואָס ווייטער פון דעם קלאָרן מענטשלעכן פאַרשטאַנד".

אָט די באַוווסטע אָדער אומבאַוווסטע אַנטי-אינטעלעקטואַליסטישע טענדענץ באַהערשט די וויסנשאַפט אַזוי גוט, ווי די פילאָזאָפיע, די קונסט אַזוי גוט, ווי דאָס פּראַקטישע לעבן.

לאָמיר אָנהויבן מיט דער וויסנשאַפט און קודם כל, פאַרשטייט זיך, מיט דער מאַטעמאַטיק.

ס'איז אמת, אַז אָט די כשרע, מאַטעמאַטיש-לאָגישע וויסנשאַפט איז קיינמאָל נישט געווען אינגאַנצן פריי פון געוויסע „שגעונות". אַפילו אין איר גאָר קלאָרע טעג האָט זי ליב געהאַט אַ שטייגער אַזאַ מין חשבון, ווי אויסגעפינען דעם „קוואַדראַטווארצל פון אַ מינוס דמיון-פונקט אין דער אומענדלעכקייט" (זאָל זי, די מאַטעמאַטיק, אויף מיר קיין פאַריבל נישט האָבן, אויב איך פּלאָנטער דאָ עפּעס צונויף!).

אָבער אַזעלכע איבערשפּיצלעך פון דעם מאַטעמאַטישן חשבון האָבן נישט געקאָנט האָבן קיין גרויסע באַדייטונג פאַר

דעם גאַנצן סכום פון אונזער וויסן, פאַר אונזער גאַנצער וועלט־אַנשויאונג, דער „שגעון״ אָבער, וואָס בלייבט איצטער אין דער מאַטעמאַטישער וויסנשאַפט, ברענגט אַריין אַ רעוואָלוציע אין אונזער דענקען און עפנט פאַר אים אויף אַ סך ביז אַהער פאַרבאָרגענע האָריזאָנטן.

מיר מיינען דאָ דעם נייעם מאַטעמאַטישן וויסנס־צווייג, די „פאַן־געאָמעטריע״, וואָס פאַרנעמט זיך ערנסט מיט דער אונטערזוכונג פון דער פערטער און איבערהויפּט דער פילפאַכער דימענזיע.

זינט קאָפּערניק האָט אָפּגעשאַפט די נפקא מיניה צווישן הימל און ערד, זינט די זון און די מזלות און די שטערן זענען געוואָרן אַקוראַט אַזעלכע גשמיותדיקע קערפּער, ווי אונזער זינדיקע ערד, און אונזער ערד איז געוואָרן אַקוראַט אַזאַ פּלאַנעט אין הימל, ווי די לבנה, איז פאַר די מיסטישע הימלען קיין פּלאַץ נישט געוואָרן אין דעםווירקלעכן חלל פון דער וועלט.

ווייל דער אומענדלעכער, ווירקלעכער חלל פון דער וועלט ווערט אויסגעמאָסטן אין דריי דימענזיעס, אין דער לענג, אין דער ברייט און אין דער טיף, און זיי אַלע זענען פאַרנומען מיט ווירקלעכע רעאַלע דערשיינונגען, זיי אַלע זענען אויסגעפילט מיט ממשותדיקע קערפּער, נישטאָ דאָ קיין אַנדערע וועלטן אַ חוץ אונזער וועלט, אָט די, וואָס מיר באַנעמען מיט אונזערע חושים און זענען משיג מיט אונזער פאַרשטאַנד.

די פאַן־געאָמעטרישע לערע פון דער פערטער, פינפטער, זעקסטער און אַזוי ווייטער דימענזיעס, וואָס באַהויפּטן די מעגלעכקייט, אַז אונזער וועלט־חלל גופא זאָל קאָנען האָבן נאָך ווייטערע אויסמעסטונגען, איידער די לענג, ברייט און טיף, — אויסמעסטונגען, פון וועלכע קיין מענטשלעכער שכל קאָן קיין ברעקל השגה נישט האָבן; די ערנסטע וויסנשאַפטלעכע באַציאונג צו יענע, ריין־צוגעטראַכטע דימענזיעס עפנט אויף טיר און טויער פאַר דעם גלויבן אין עקזיסטענצן, וואָס גייען אַרויס מחוץ לגדר פון אונזער געגעבענער דריי־דימענזיאָנאַלער וועלט און בלייבן פאָרט אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט איר, און שוין האָט

דער ספּיריטיזם אויסגענוצט די לערע, כּדי צו באַפעלקערן די פערטע דימענזיע, מיט די נשמות, וואָס פאַרלאָזן די מענטש־לעכע גופים.

אין דער פאַן־געאָמעטרישער וועלט, וואָס ליגט אַזוי ווייט פון דעם קלאָרן פאַרשטאַנד, איז דאָ גענוג פּלאַץ פאַר אַלע אַרטן מיסטישע הימלען.

גייען מיר אַריבער פון דער ריינער מאַטעמאַטיק צו איר ליבלינגס־טאָכטער, דער אַסטראָנאָמיע, אַזוי באַגעגנט אונז דאָרטן ווידער אַ נייער געדאַנקענגאַנג. דר. קאַרל נייסערס טעאָריע, אַז נישט די ערד דרייט זיך אַרום דער זון, ווי קאָפּערניק האָט גע־לערנט, און נישט די זון דרייט זיך אַרום דער ערד, ווי מען האָט געגלויבט אין די אַלטע צייטן, נאָר אַז אין דער וועלט הערשט אַ נייע אַרט קענגזייטיקע באַוועגונג פון הימל און ערד מיט וועלכער אונזער שׂכל קאָן נאָך גאָרנישט פאַרטיק ווערן.

אָבער דער רעקאָרד אין דעם פּרט פון „וואָס ווייטער פון דעם קלאָרן פאַרשטאַנד״ האָט געוויס געשלאָגן די מאַטעמאַטישע פיזיק מיט די רעוואָלוציאָנערע אידייען פון דעם אַקאַדעמיקער איינשטיין.

איינשטיין, אַ יידישער יונגערמאַן פון דייטשלאַנד, וועמעס מאַטעמאַטישע דיסערטאַציע די ציריכער אוניווערזיטעט האָט נישט געוואָלט אָננעמען, מחמת איר „אַבסורדיטעט״, וואָס איז אָבער גראָד אַ דאַנק יענער „אַבסורדיטעט״, באַלד באַרימט געוואָרן אין דער וויסנשאַפטלעכער וועלט, איז איינגעלאַדן געוואָרן אַלס פּראָ־פעסאָר אין פּראָג און אין ציריך און האָט דערגרייכט די העכ־סטע שטופע פון אָנערקענונג דורך דעם, וואָס די דייטשישע „אַקאַדעמיע דער וויסנשאַפטען״ האָט אים אויסגעקליבן פאַר אַ לעבנס־לענגלעכן מיטגליד, — איינשטיין רעכנט זיך שוין נישט אַ ברעקל נישט אין זיינע פאָרשונגען און אויסרעכענונגען מיט די פאָדערונגען פון דעם קלאָרן פאַרשטאַנד און זיינע געבאָטן.

עס איז אָבער דאָ נישט דאָס אָרט צו פּרווון געבן, לאָ־זיין אַ בלאַסן, באַגריף, פון איינשטיינס „רעלאַטיוויטעטס״־לערע

ווי ער ווענדט זי אָן אויף דער טעאָריע פון דעם רוים, דער טעאָריע פון דער צייט און דער טעאָריע פון דער באַוועגונג.

דאָ וויל איך נאָר ברענגען יענעם רעזולטאַט זיינעם, צו וועלכן ער איז געקומען בנוגע דער צייט. די צייט, זאָגט איינשטיין, פליסט נישט אומעטום אין דער וועלט אין א גלייכן טעמפּ. דאָס וויל זאָגן, אַז ווען אין איין טייל פון דער וועלט דויערט די רגע אַ רגע, קאָן אין אַן אַנדער טייל פון דער וועלט דיזעלביקע רגע דויערן אַ שעה.

און מערקט אייך: דאָ רעדט זיך נישט וועגן דעם, ווי אַזוי די דויער פון דער צייט וועט פאַרשיידן געשפּירט פון פאַרשיידענע מענטשן; ווי אַזוי, צ. ב. ש., איינער קאָן אין חלום איבערלעבן אַ גאַנצע שעה אין איין רגע, אָדער ווי אַזוי איינער פילט מיט דעם רוסישן דיכטער, אַז „גאָדי סטרעלאַיו ליעטאַיוט; מגנאָוועניאַ גאָדאַמי טיאַנוטסיאַ" („עס פליען די יאָרן, ווי פיילן; עס קריכן די רגעס, ווי יאָרן").

ניין, דאָ ווערט גערעדט וועגן דער „אַבסאָלוטער", דער ריינער וועלט-צייט, ווי זי איז אין זיך, וועגן וועלכער דער שכל איז מחייב, אַז איין הרף-עין אירער מוז צו אַלע צייטן און אומעטום זיין גלייך צו יעדער אַנדער הרף-עין.

אָפּלייקענען אָט די פאָדערונג פון אונזער שכל איז אַקוראַט אַזוי אַבסורד, ווי אָנצונעמען, אַז דער וועלט-חלל, דער אויסגעשפּרייטער, אומענדלעכער „ליידיקער גאַרנישט", אין וועלכן די וועלט געפינט איר „אָרט", קאָן אין איין טייל וועלט זיין אַן אַנדער „ליידיקער גאַרנישט", איידער אין אַן אַנדער טייל פון דער וועלט.

מען ווערט אָבער אין דער איצטיקער וויסנשאַפט נישט נתפּעל אויף פון אַזאַ אַבסאָלוטער אַבסורדיטעט. אָ, ווי לייגט זיך דאָס אויפן קלאָרן פאַרשטאַנד? — איז דער תירוץ: ווער רעכנט זיך איצטער מיט אים? זיין פאָדערונג פון קלאָרן און דייטלעכן דענקען ווערט איצטער אין דער וויסנשאַפט אומעטום פאַרביטן אויף דער פאָדערונג פון פּינקטלעכן, זיכערן

פאָרשן, צו וועלכע רעזולטאַטן אַזאַ פּינקטלעך זיכער פאָרשן זאָל נישט פירן.

אין דער פיזיק הערשט איצטער דעריבער דער ריינער עמפּיריזם, פון וועלכן ערנסט מאַך איז דער גלענצנדיקסטער פאָרשטייער.

מאַך מאַכט אַ תּל פון יענער מאַטעריאַליסטיש־שׂכל־דיקער לערע, וואָס האָט געהערשט אין איר ביז אַהער. פאַר אים זענען די קוואַליטעטן פון די זינלעכע חושים: פאַרבן, קלאַנגען, גערוכן און אַזוי ווייטער, — נישט קיין אילוזיעס, געבאָרן אין אונזערע נערוון, נאָר אמתדיקע רעאַליטעטן אין דער דרויסנדיקער וועלט. און נישט די מאַטעריע איז ביי אים רויט אָדער זיס: די וועלט באַשטייט פון רויטקייטן, זיסקייטן, בלאָקייטן. א. אַז. וו., וואָס עקזיסטירן נישט אין אַ וועלכן עס איז מאַטעריעלן אַטאָם, נאָר אין זיך גופא.

מאַך לייקנט אויך אָפּ אין זיין פיזיק יענע גרונט־געזעצן, אויף וועלכע עס איז אויפגעבויט אונזער גאַנצע מאָדערנע שׂכל־דיקע וועלטאָנשויאונג: דעם געזעץ פון „עקס ניהילאָ ניהיל“, וואָס זאָגט, אַז פון גאָרנישט קאָן גאָרנישט אַרויסקומען, דעם מיט אים פאַרבונדענעם געזעץ פון קויזאַליטעט, וואָס זאָגט, אַז יעדע זאַך מוז האָבן איר אורזאַך, און דעם געזעץ פון דער דערהאַלטונג פון דער מאַטעריע, וואָס לערנט, אַז די מאַטעריע איז אייביק, אַז קיין פיצעלע וועלט־שטאָף קאָן קיינמאָל נישט פאַרשווינדן.

די דריי גרונט־געזעצן שטאַמען פון דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד; זיי זענען די אַטמאָספער, אין וועלכער ער אָטעמט און שאַפט. אין דער מאָדערנער פיזיק לעבט דעריבער דער פאַרשטאַנד, ווי אַ פיש אויפן ברעג; עס גייט אים אויס דער אָטעם.

און בכלל באַמערקט זיך אין די נאַטורוויסנשאַפטן אַ ווידערווילן אַנטקעגן היפּאָטעזן, אָפטמאָל אַ דירעקטער קאַמף

אַנטקעגן זיי. וואָס זענען אָבער היפּאָטעזן, אויב נישט אַ באַשטרעבן, מסביר צו זיין די דערשיינונגען פאַרן שכל, ברענגען זיי נענטער צו דעם קלאָרן פאַרשטאַנד?

און דאָרטן, ווו מען קאָן אָן היפּאָטעזן דערווייל אַבסאָלוט נישט אויסקומען, קומט אַלעמאָל אויס אַזוי, אַז די נייע סברות זענען אַ סך טונקעלער, אומפאַרשטענדלעכער איידער יענע קלאָרע, דייטלעכע בנינים פון דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד, וועלכע זיי פאַרבייטן.

אַזוי איז פון דער כעמיע אַרויסגעטריבן געוואָרן דער מאַטעריעלער אַטאָם און אויף זיין אָרט הערשט די נישט-מאַטעריעלע, זיך אַליין טראָגנדיקע ע נ ע ר ג י ע.

אַזוי האָט אין דער ביאָלאָגיע אויפגעוואַכט אַ באַשטרעבן, צו פאַרבייטן די מעכאַנישע דערקלערונג פון דעם לעבן אויף אַ „וויטאַליסטישער", וואָס פירט ווידער אַריין אין דער וויסנשאַפט דעם באַגריף פון אַ ל ע ב נ ס-ק ר אַ פ ט, אַ זעלבשטענדיקער קראַפט, וואָס לאָזט זיך נישט צוריקפירן אויף מעכאַניש-פיזיש-כעמישע פּראָצעסן. אַזוי ווערט די ביאָלאָגישע עוואָלוציע פון די אָרגאַניזמען נישט מער דערקלערט בלויז דורך די פשוטע, איינפאַכע, פאַרשטענדלעכע, דאַרוויניסטישע פּרינציפּן, נור עס ווערט איבער זיי אַוועקגעשטעלט, ווי אַן אויבערהאַר, אַ נייער, כמעט מיסטישער פּרינציפּ, די „פאָרמאַטיווע קראַפט".

אין דער פ ס י כ אָ ל אָ ג י ע מאַכן דעם גרעסטן רושם פ אַ ב ר ס אַרבעטן וועגן דעם אינסטינקט. זיינע אומגעווינלעכע פּינקטלעכע און זיכערע שטודיעס אין דער פרייער נאַטור, וואָס פאַרשפּאַרן אַלע וועגן פאַר דער פריערדיקער היפּאָטעזע, אַז דער אינסטינקט איז נישט מער, ווי אַ פאַרגליווערטער, פאַרירשנטער שכל.

ו ו נ ד ט ס וואָלונטאַריזם, וואָס וויל האָבן, אַז דער מענטשלעכער ו י ל ן איז אַ זעלבשטענדיקע קראַפט, וואָס באַהערשט אַלע אַנדערע פּראָצעסן פון דעם פּסיכישן לעבן; עדוואַרד פאָן האַרטמאַנס טעאָריע פון דעם „אומבאַוווסטן", וואָס נעמט אָן, אַז די גאַנצע וועלט איז אַן אומבאַוווסט דענקען און אַז

אויך אין דער מענטשלעכער נשמה איז די הויפּטזאַך — דאָס אומבאַוווּסטע און טונקעלע, — אָט די צוויי אַנטי־אינטעלעקטואַליסטישע לערעס זענען געוואָרן די הערשנדיקע אין דער פּסיכאָלאָגישער וויסנשאַפט און האָבן דערלעבט זייער גרעסטן נחת אין די רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען און טעאָריעס פון דעם ווינער יידן, פּראָפעסאָר זיגמונט פרויד.

פרויד, דער באַגרינדער פון דער פּסיכאָ־אַנאַליטישער שולע אין דער באַהאַנדלונג פון נערוועזע קראַנקהייטן, — דערעיקר היסטעריע, — לערנט, אַז דאָס באַוווּסטזיניקע, קלאָרע פּסיכישע לעבן איז נישט מער, ווי אַ דין הייטעלע איבער אַ ים פון טונקעלע פּסיכישע פּראָצעסן, וואָס געפינען זיך אין דער נשמה פון יעדן מענטשן. און נאָך לערנט ער, אַז דער גאַנצער ים פון די טונקעלע פּסיכישע פּראָצעסן ווערט באַהערשט פון איין־איינציקן ווילנס־דראַנג, דעם דראַנג פון ליבע. און ווען איך זאָג „ליבע", מיין איך דאָ נישט די פּלאַטאָנישע צו אַ וועלכן עס איז אידעאַל, נישט די מאָראַלישע צו דעם מיט־מענטשן אָדער דער גאַנצער וועלט, נישט די רעליגיעזע צו אַן איבערוועלטלעכן גאָט, נאָר די פּשוטע, סעקסועלע תאוה פון דעם „ער" צו דער „זי" און אומגעקערט, — דער דראַנג צונויפצוגיסן זיך אין דעם סעקסועלן פּראָצעס.

יונג, פרוידס אַ תלמיד, וואָס גייט אָבער אין אַ סך פּרטים זיינע אייגענע וועגן, פאַרוואַנדלט די פּסיכיאַטרישע לערע פון זיין שולע אין אַ פילאָזאָפיש־מעטאַפיזישן פּרינציפּ. די „ליבידאָ", דער סעקסועלער געלוסט, ווערט ביי אים אַן אוניווערסאַלע קראַפט, וואָס געוועלטיקט איבער אַלע דערשיינונגען פון דער נאַטור. עס פאַרשטייט זיך, אַז וואָס אַלגעמיינער יענע קראַפט ווערט אויפגעפאַסט, אַלץ בלייכער ווערט איר ספּעציפיש־סעקסועלער קאָליר, אָבער אינגאַנצן ווערט אָט דער מאָמענט פון ליידנשאַפט, פון ווילנס־דראַנג בשום אופן נישט פאַרשוווּנדן. און אַזעלכע פילאָזאָפישע געדאַנקען, וואָס פאַרטרייבן דעם קלאָרן שכל ערגעץ ווו אין אַ וועלט־ווינקעלע, אָנשטאָט צו זעצן אים אויבן־אָן, זענען קיין נייעס נישט אין אונזער מאָדערנער פילאָזאָפיע.

טאָלסטאָי ברענגט ווידער אַריין אין דעם מאָדערנעם דענ־קען דעם מיסטיציזם פון דעם רעליגיעזן געפיל; ניטשע בויט אויס דעם מיסטיציזם און דעם „ווילן צו מאַכט" און די צענט־ראַלע פילאָזאָפישע פיגור פון אונזער צייט, דער פראַנצויזישער ייד בערגסאָן (פאַרוואָס זאָל מיין יידיש האַרץ זיך נישט טאָרן פרייען מיט דעם פאַקט, וואָס די דריי גרעסטע רעוואָלו־ציאָנערע דענקער פון אונזער צייט, איינשטיין, פרויד און בערג־סאָן, זענען יידן?) — — בערגסאָן בויט אויף זיין גאַנצע סיס־טעם אויף דעם גרונט־געדאַנק, אַז דער קלאָרער מענטשלעכער פאַרשטאַנד איז נאָר אַ צייטווייליקע, סעקונדערע דערשיינונג אין דעם לעבן פון דעם שאַפנדיקן וועלט־גייסט (אויב מען קאָן אים נאָך אָנרופן „גייסט").

אין איינקלאַנג מיט בערגסאָנען אַרבעט איצטער אַ גאַנצע פלעיאַדע ערנסטע פאָרשער פון דעם אַזוי אָנגערופענעם „פראַג־מאַטיזם", אַ ריכטונג אין דער דערקענטעניש־טעאָריע, וואָס שרויפט אַראָפּ אויף אַ מינימום די מאַכט פון דעם קלאָרן שכל, צו דערגרייכן דעם אמתן אמת.

הינטער דעם שכל אַנטדעקט דער פּראַגמאַטיזם, אינאיינעם מיט דעם רוסישן דענקער נ. ק. מיכאַילאָווסקי, די איבערמאַכט פון נישט־שכלדיקע עלעמענטן פון אונזער נשמה: דעם ווילן, דאָס געפיל, די סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס.

נאָך שאַרפער, איידער אויף די פעלדער פון דעם וויסנ־שאַפטלעכן און פילאָזאָפישן שאַפן, טרעט אין דער מאָדערנער קונסט אַרויס די טענדענץ צו האַלטן זיך וואָס ווייטער פון דעם קלאָרן פאַרשטאַנד.

אין דער פּאָעזיע האָט זיך די טענדענץ אַרויסגעוויזן פריִ־ער, איידער ערגעץ־ווו אַנדערש, ביי די דעקאַדענטן פון דעם סוף פון פאָריקן יאָרהונדערט, און זי האַלט נאָך אַלץ אין איין שטייגן. דאָס מיסטישע, דאָס אומפאַרשטענדלעכע. דאָס, וואָס איז למעלה פון דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד, איז געוואָרן מיט מע־טערלינקן דער קולט פון פּאָעזיע. פאַנאַנדערגעצוימטע ליידנ־

שאַפט. גרילצנדיקע, שרייענדיקע עראָטיק איז געוואָרן אין איר אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג.

אָבער נישט נאָר באָדט זיך די פּאָעזיע אין די רעגיאָנען, וואָס ליגן העכער פאַרן פאַרשטאַנד, אָדער וואָס זענען דרויסן פון אים. מיר האָבן איצטער אַ „ריכטונג״ אין איר, די „קוביסטישע״, אָדער ריכטיקער: די „אינפאַנטילע״, וואָס וויל בלייבן אין יענע רעגיאָנען, וועלכע זענען נאָך גאָרנישט דערוואַקסן צו דער מדרגה פון שכלדיקייט, דאָס איז אַ ריין שפּיל מיט וואָרט־קלאַנגען, וואָס האָבן נישט אין זיך קיין ברעקל פאַרשטענדיקן זין, — אַ ריין קינדערש שפּילן מיט טענער.

אין דעם ראָמאַן און דער דראַמע פירט דעם טאָן די קראַנקע פּסיכאָלאָגיע, וועלכע דאָסטאָיעווסקי האָט אַזוי מייסטערהאַפט באַאַרבעט, — די קראַנקע פּסיכאָלאָגיע, ווו דער געזונטער, קלאָרער מענטשן־פאַרשטאַנד שפּילט אַזאַ צרהדיקע מיזעראַבעלע ראָלע.

און פּשיבישעווסקי מיט זיין קראַנקהאַפטער עראָטיק מאַכט אַ תל פון דעם מענטשנס שכל אין זיין „האָמאָ סאַפּיענס״ („דער בעל שכל״), און אַנדרעיעוו האָט פאַר דעם מענטשלעכן שכל, דעם העלד פון מאָס און צאָל, נישט קיין אַנדער נאָמען ווי „אַנאַטעמאַ״, דער „פאַרשאָלטענער״.

דאָסזעלביקע גרונט־שטרעבן פון אונזער צייט קלינגט אַרויס אויך פון דער מאָדערנער מוזיק. שוין וואַגנער איז גאַנץ רעזאָלוט אַראָפּ פון יענע קלאָרע וועגן, אין וועלכע עס האָט זיך באַוועגט די מוזיק פון די פריערדיקע דורות. שוין אין דעם שטורעמדיקן געפילדער פון זיין אָרקעסטער, אין דעם ברויזנדיקן זיך שליידערנדיקן ים פון ליידנשאַפט און פּיין, ווערט דערטרונקען דער קלאָרער מוזיקאַלישער געדאַנק, די אָפּגעקלערטע, אויסגעצירקלטע מוזיקאַלישע האַרמאָניע.

און וואָס ווייטער אויף דעם נייעם וועג אין דער מוזיק אַלץ מער כאַאָס, אַלץ מער גרילצנדיקע דיסהאַרמאָניע, אַלץ מער קאַמף אַנטקעגן פאַרשטענדלעכקייט.

דאַרף איך נאָך דאָ דערמאָנען די מאָדערנע מאָלעריי

אָט די אַלע אימפּרעסיאָניסטישע, קוביסטישע, פוטוריסטישע, אינ־פאַנטיליסטישע און אַלע אַנדערע „אַבסורדיסטישע“ ריכטונגען, וואָס זענען אַזוי אָפט און אַזוי בייז פאַרשפּאָט געוואָרן פון דער קריטיק, ווייל קיין ילוד־אשה האָט זיי נישט געקאָנט פאַרשטיין?

איך ווייס נישט, צי דאָס איז אַן אויסגעטראַכטער אַנעק־דאָט, אָדער אַן אמתע פּאַסירונג, אָבער מען דערציילט, אַז אַ קינסטלער האָט גענומען אַן אייזל, האָט איינגעטונקט דעם אייזלס עק אין אַ עמער פאַרב, האָט געלאָזט אים אַרומשמייסן מיט דעם עק איבער אַ לייוונט און האָט דערנאָך אויסגעשטעלט דאָס אַזוי באַמאָלטע „בילד“ אין אַ קונסט־אויסשטעלונג פון די ״״־דערנע.

אָנשטאָט דעם קינסטלערס שכלדיקן זשעני — דעם אייזל׳ס עק! דאָס איז געוויס די ביטערסטע סאַטירע אויף דער מאָ־דערנער קונסט, וואָס אַלע אירע טענדענצן לויפן זיך צונויף אין איין דראַנג, אין אַ היסטאָרישן פליען „וואָס ווייטער פון דער קלאָרן פאַרשטאַנד און זיינע געבאָטן“.

אויב אין דער מיטלאַלטערלעכער רעליגיע האָט געהערשט דער פּרינציפּ פון „קרעדאָ קוויאַ אַבסורדום“, — „איך גלויב, ווייל עס איז אַן אַבסורד“, ווערט די איצטיקע קונסט באַהערשט פון דעם פּרינציפּ: „וואָלאָ, קוויאַ אַבסורדום“: איך וויל עפּעס, איך שטרעב צו עפּעס, ווייל דאָס איז אַ ווידערזין, אַ הילכי־קער פּאַטש אין פּנים דעם קלאָרן און פאַרשטענדלעכן.

אין דעם אינדיווידועלן פּריוואַט־לעבן דריקט זיך אויס די־זעלביקע טענדענץ אין דעם סאַניניזם, דער פאַנאַנדערגע־צוימטער סעקסועלער תאוה, דעם אויפזידן פון דעם הייסן בלוט, אין וועמעס רויטן דאַמף עס ווערט פאַרשכורט דער שכל; אין דערזעלביקער צייט איז פאַרשטאַרקט געוואָרן די מיסטישע גאָט־זוכעניש, די בענקשאַפט נאָך אַ נייעם רעליגיעזן לעבן, דאָס שטרעבן איינצושטילן דעם אויפרודער פון דער נשמה אין דעם בלאָען דונסט פון איבערנאַטירלעכע חלומות.

די צייט פון רויטן דאַמף און בלאָען דונסט, — אַזוי קאָן

מען כאַראַקטעריזירן אונזער צייט, לויט דער גרונט-שטימונג פון דער מאָדערנער נשמה.

## II

צייט, דו, מיין צייט!

„דו האָסט דימענטן און פערלען״... געשליפענע דימענטן פון דער וויסנשאַפט, פעלזנפעסטע בנינים פון דעם קלאָרן מענטשלעכן שכל. דו האָסט אַ מאַטעריאַליזם, *) וואָס דערקלערט דיר די גאַנצע וועלט בכלל און די טויטע נאַטור בפרט: דו האָסט אַ דאַרוויניזם, וואָס אַנטפּלעקט פאַר דיר אַלע סודות פון דער אָרגאַנישער אַנטוויקלונג; דו האָסט אַ מאַרקסיזם, וואָס גיט דיר אַ שליסל צו אַלע פאַרשלאָסענע טירן און טויערן פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן און דער מענטשלעכער געשיכטע; דו האָסט אַ סאָציאַליזם, וואָס עפנט פאַר דיר אויף די צוקונפט פון דער מענטשהייט און שטעלט דיר אַוועק קלאָרע צילן פאַר דיין לעבן און שטרעבן...

צייט, דו, מיין צייט! וואָס ווילסטו נאָך מער?

ליגט מען אָבער צו אַן אויער צו דיין האַרצן, מיין צייט, אַזוי הערט מען תיכף דיין שווערן אומרו, דיין טיפע בענקשאַפט נאָך עפּעס אַזוינס, וואָס דער קלאָרער שכל קאָן דיר נישט געבן, אָדער וואָס דו מיינסט, אַז ער קאָן דיר נישט געבן.

צו וועלכע נייע הימלען רייסטו זיך? וועלכע נייע אומענדלעכקייטן האָבן דיך באַצויבערט? אונזער צייט שטייט אין אַן ערנסטן רעוואָלט, — דאָ אין אַן אָפּגעגעם און קלאָרן, דאָ אין אַ האַלב-אומבאַוווסטן, פאַרשלייערטן, — אַנטקעגן דער אויבערהערשאַפט פון דעם שכל, וואָס האָט אָנגעפירט דעם פּראָגרעס פון דער מענטשהייט פאַר נישט ווייניקער איידער די לעצטע פינף הונדערט יאָר.

---

*) איצטער, נאָך די פאַרשוגגען פון איינשטיינען און פּאָן — פּליענקען, מעג מען אפשר זאָגן: „דו האָסט געהאַט״... [1930]

דער נייער געדאַנקענגאַנג רעוואָלטירט אַנטקעגן דעם איינגעפונדעוועטן גלויבן פון אַלע פּראָגרעסיווע דורות, אַז „אויפנעמען און פאַרשטיין די וועלט קאָן מען נאָר מיט דעם פרייען, קלאָרן, לאָגישן שכל; אַז אָפּשאַצן דעם ווערט פון אונזער לעבן, פּויען אונזערע לעצטע צילן, באַשטימען אונזערע האַנדלונגען און אונזער שטעלונג צו וועלט, לעבן און מענטש קאָן און דאַרף נאָר דער קלאָרער, ריינער, לאָגישער שכל.״

כמעט אויף אַלע פעלדער פון דעם מענטשלעכן לעבן און שאַפן באַמערקט זיך, האָבן מיר געזען, אַ טענדענץ, וואָס גייט להיפך צו יענעם איינגעוואָרצלטן פּראָגרעסיוון גלויבן. אונזער צייט שטרעבט צו פליען „וואָס ווייטער פון דעם קלאָרן שכל און זיינע געבאָטן״, אַריינצודרינגען און אויסצולעבן זיך באַלד אין די רעגיאָנען, וואָס ליגן העכער פון דעם שכל, באַלד אין אַזוינע, וואָס קאָנען אים לאָזן אָן דער זייט, באַלד אָבער אויך אין יענע פּרימיטיווע, קינדערשע רעגיאָנען, וואָס זענען צום שכל נאָך גאָרנישט דערוואַקסן.

דאָס איז דער רעזולטאַט, צו וועלכן מיר זענען געקומען פריער.

אַזאַ רעזולטאַט דערקלערט אונז, אמת, נאָך זייער ווייניק וועגן דעם אינעווייניקסטן מהות פון דעם נייעם געדאַנקענגאַנג, חייל ער, דער רעזולטאַט, איז אַ ריין־נעגאַטיווער: ער זאָגט נאָר, אַז דער שכל מיט זיינע געזעצן און געבאָטן, מיט די באמת גראַנדיעזע און גלענצנדיקע דעראָבערונגען, וועלכע ער האָט געמאַכט אויף אַלע פעלדער פון אונזער קולטור, האָט אויפגעהערט צו זיין דער פירנדיקער שטערן אין איר אַנטוויקלונג, האָט פאַרלאָרן זיין מאַגנעטישע צוציאונגס־קראַפט פאַר דער מענטשלעכער שאַפנדיקער ענערגיע.

אָבער אָט דער נעגאַטיווער רעזולטאַט איז דער ערשטער נויטווענדיקער שריט אין אונזער פאָרשונג, ווייל ער גיט אונז די מעגלעכקייט ערשט ריכטיק אַוועקצושטעלן די ווייטערדיקע פראַגן.

און די ערשטע פראַגע איז דאָ אַזאַ:

דער שכל האָט אויפגעהערט צו זיין דער פירנדיקער שטערן אין דעם ווייטערדיקן קולטורעלן שאַפן. דאָס קאָן ביז צו אַ געוויסן גראַד מעגלעך זיין אויף יענע פעלדער פון דער קולטור און לעבן, וווּ זיין ראָלע קאָן לכתחלה פאַרביטן ווערן אויף אַן אַנדער מענטשלעכער השלמה, וואָס זאָל פאַרנעמען זיין פּלאַץ.

אַזוי האָבן אין אַלע צווייגן פון דער קונסט אַלעמאָל די ערשטע פידל געשפּילט די פאַנטאַזיע, דאָס געפיל, די שטימונג. דער קלאָרער שכל האָט דאָ געהאַט פאַר זיך די אויפגאַבע פון אַן אויפפּאַסער און אַ פירער, אָבער נישט פון אַן אויספירער. אַליין אויספירן די אויפגאַבן פון דער קונסט האָט דער שכל קיינמאָל נישט געקאָנט.

אין דער טעכניק קאָן דער שכל אָפּגעשטופּט ווערן אָן אַ זייט, ווען אָנשטאָט אים הויבט אָן צו הערשן די טראַדיציע, די איינגעוויינטע האַנדלונג. דאָס רוב אינזשעניערן בויען עד היום זייערע בריקן און מאַשינען לויט מאַטעמאַטישע פאָרמולעס, וועלכע זיי הויבן נישט אָן צו פאַרשטיין. זיי פאַרלאָזן זיך אויף זיי אָן אַ ברעקל פאַרשטאַנד, ווייל „אַזוי מאַכט מען דאָס, און עס קומט אַלעמאָל אַרויס גוט".

אין דעם טעגלעכן לעבן קאָן דאָך מער ווי אין דער טעכניק פירן די גרענדע די איינגעוויינטע טראַדיציע, דער געדאַנקענלאָזער „אַזוי מאַכט מען דאָס", און דאָרטן האָט אַלעמאָל די גרעסטע ראָלע געשפּילט נישט דער שכל, נאָר דער ווילן און דיליידנשאַפט, דער אינסטינקטיווער פאַרלאַנג, דער טעמפּעראַמענט, דער ריין-פיזיאָלאָגישער אימפּולס פון הונגער, דאָרשט און סעקסועלע נויטן.

אָבער ווי אַזוי קאָן געמאָלט זיין אַ וועלן אַוועקפליען וואָס ווייטער פונם שכל אין יענע פעלדער פון דער קולטור, וווּ דער קלאָרער געדאַנק איז נישט נאָר דער פירער, נאָר אויך דער אויספירער: אין דער וויסנשאַפט, אין דער פילאָזאָפיע, — אין דער טעאָרעטישער באַאַרבעטונג און אָפּקלערונג פון דעם גאַנצן מאַטעריאַל, וואָס אונז גיט וועלט, געזעלשאַפט און דאָס לעבן פון דער אייגענער נשמה?

אין די טעאָרעטישע פּראָווינצן פון דער מענטשלעכער גייס־טיקער וועלט קאָן מען זיך נישט אַריר טאָן אָן דעם שכל. אַלע זייערע אויפגאַבן קאָנען אויסגעפירט ווערן נאָר מיט דער הילף פון דעם שכל. ווי קאָן ער, דער אויספירער, ווערן דאָ אויס פירער? ווי אַזוי קאָן דער שכל גיין אַנטקעגן דעם שכל און — וואָס איז דער שכל דערפון?

דאָס איז איין שאלה.

און נאָך אַנדערע שאלות:

אויב דער קאַלטער ניכטערער שכל מיט זיינע געבאָטן און געזעצן האָט פאַרלאָרן זיין מאַגנעטישע קראַפט אויף אַלע אַרויס־ווייזונגען פון דעם מענטשלעכן לעבן און שאַפן; אויב ער האָט אויפגעהערט צו זיין די צענטראַלע זון, אַרום וועלכער זיי האָבן זיך אַלע געדרייט, פון וועלכער זיי פלעגן באַקומען זייער ליכטי־קייט און זייער באַלעבנדיקע קראַפט, — איז אפשר אויף זיין אָרט אַריינגעטראָטן אַן אַנדער צענטראַלע זון, וואָס נעמט זיי אַלעמען אַרום מיט אירע שטראַלן און מאַכט זיי צו איין איינ־הייט, צו איין נייער קולטור־סיסטעם, וואָס פאַרקערפּערט אין זיך דעם נייעם געדאַנקענגאַנג.

אָדער איז אַזאַ צענטראַלע אידייע אין דער איצטיקער צייט נאָך גאָר נישטאָ, און די אינעווייניקסטע איינהייט פון אירע באַ־שאַפונגען איז בלויז אַ נעגאַטיווע, וואָס באַשטייט נאָר אין דעם פּראָטעסט אַנטקעגן דעם פריערדיקן, ריין־ראַציאָנאַליסטישן פעריאָד פון דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג?

אפשר איז דער נייער געדאַנקענגאַנג נישט קיין איינהייט־לעכער געדאַנקען־שטראָם, נאָר אַ כאַאָטישער פאַנאַנדערשפּריצן פון דער מענטשלעכער קולטור, ווו יעדער טייל אירער טראָגט זיך נאָר מיט זיין אייגענעם אימפּעט אין זיין אייגענער ריכטונג, אָן אַ ברעקל שייכות צו דעם אימפּעט און דער ריכטונג פון אַלע אירע אַנדערע טיילן?

און אויב דער נייער געדאַנקענגאַנג איז אַן איינהייטלעכער געדאַנקען־שטראָם, געטריבן פון אַן אייגענער איינהייטלעכער צענ־טראַלער אידייע, איז — ווי אַזוי קאָן דאָס געמאָלט זיין, אַז איינ־

איינציקע אידייע זאָל קאָנען אַרומנעמען און באַשטימען אַזעלכע ווייט איינע פון דער אַנדערער אָפּשטייענדיקע דערשיינונגען ווי די ריין-היפּאָטעטישע „פאַן-געאָמעטריע״ מיט אירע פילפאַכע דימענזיעס אין דעם וועלט-חלל, וועלכע קיין מענטשלעך אויג קאָן נישט זען, און דעם קאַמף אַנטקעגן יעדע היפּאָטעזע אין דער מאָדערנער נאַטורוויסנשאַפט?

פון וועלכער צענטראַלער זון קאָנען אין דער גלייכער צייט אַרויסשטראַלן דער קינדישער געפּלאַפּל אין דער פּאָעזיע און די טיפע בעקשאַפט נאָך אַ געמיטלעכן פּרינציפּ אין דער וועלט? איינשטיינס לערע, אַז אין איין אָרט איז די רגע אַ רגע, בעת אין אַן אַנדער אָרט איז די רגע אַ שעה, און די משוגעת — בכל עת ובכל שעה ובכל רגע — פון די איצטיקע געשעענישן?

און צום סוף: וואָס איז דער ווערט פון דער נייער צענטראַלער אידייע?

דאָס קאָן מען נאָך נישט פאַרענטפערן מיט זיכערקייט. אונזער צייט איז דאָך נאָך גאָר אַ יונגע; אירע סימנים זענען נאָך נישט אַזוי ווייט אויסגעצייטיקט, מען זאָל זיי קאָנען ריכטיק פאַרשטיין און אָפּשאַצן: דאָס זענען נאָך קנאָספּן פון אַ נייעם צייטאַלטער, פון וועלכע עס דאַרפן זיך ערשט אַרויסוויקלען זיינע בלומען און זיינע פרוכטן.

קודם טאָרן מיר אָבער נישט אַרויסלאָזן פון אויג, אַז דער נייער געדאַנקענגאַנג, מיט זיין שאַרפן פּראָטעסט אַנטקעגן דעם ראַציאָנאַליזם פון דעם ניינצנטן יאָרהונדערט איז נישט אַראָפּגעפאַלן פלוצלונג פון הימל. עס האָבן זיך אין יענעם יאָרהונדערט געלאָזט הערן גענוג שטימען, וואָס האָבן געזוכט אונטערצוגראָבן דעם פונדאַמענט פון דער ריין-ראַציאָנאַליסטישער וועלטאָנשויאונג און וואָס האָבן פאָרגעגרייט אי״ איצטיקן באַנקראָט.

איך מיין דאָ, פאַרשטייט זיך, נישט יענע שטימען, וואָס האָבן געקעמפט אַנטקעגן דעם פרייען שכל און געזוכט אויפצוווייזן זיין נישטיקייט אָדער מאַכטלאָזיקייט אין דעם נאָמען פון יענעם אַלטן רעליגיעזן גלויבן, אויף וועמען דער פרייער געדאַנק האָט אַרויפגעוואָרפן זיין שטריק אויפן האַלז.

קאַטוילישע און פּראָטעסטאַנטישע מיסטיקער פון דעם אַלטן שניט, אַלערליי אַלטע וואַלד־פויגל און זומפּ־פראָשן האָבן נישט אויפגעגעבן זייער קאָנצערט אין יענע געדיכט־פאַרוואַקסענע וועלדער און זומפּן, וווהין די שטראַלן פון דער אויפקלערונג האָבן אפילו אין דעם נײַנצנטן יאָרהונדערט נישט געקאָנט אַרײַנדרינגען. אָבער צו זייערע שטימען האָט זיך דער פּראָגרעסיווער געדאַנק נישט צוגעהערט און אויף זיין גאַנג האָבן זיי נישט געקאָנט האָבן קיין ברעקל שליטה.

איך האָב דאָ אין זין יענע שטימען, וועלכע האָבן זיך אַרייַנגעפלאָכטן אין דעם טריאומף־געזאַנג פון דעם פרייען שכל, אין זיין העפטיקן קאַמף אַנטקעגן דעם אַלטן גלויבן, וואָס האָט אַלץ נישט געוואָלט אַרויסלאָזן די מאַכט איבער דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון זיינע הענט. אָט אין די שטימען מוזן מיר זיך איינהערן, כדי אַרויסצוהערן יענע טענער, וואָס האָבן זיך מערכטיק פאַנאַנדערגעקלונגען אין דעם איצטיקן נייעם געדאַנקענגאַנג.

אין דער ערשטער ליניע מוזן מיר זיך דאָ אָפּשטעלן אויף אייניקע גרונט־געדאַנקען פון דעם גרעסטן דענקער פון דער נייער צייט, עמנואל קאַנט, וועמעס שטים עס האָט זיך נישט גאָר אַרייַנגעפלאָכטן אין דעם טריאומף־געזאַנג פון דעם פרייען שכל, נאָר האָט געשפּילט די ראָלע פון דעם דיריזשאָר, וואָס האָט אַ געוויסע צייט געגעבן דעם טאָן און די נאָטן צו דעם גאַנצן פרייהייטלעכן קאָנצערט.

קאַנטס העלדישקייט אין דער געשיכטע פון דעם מענטשלעכן דענקען ליגט דער עיקר אויף יענעם פעלד פון דעם מענטשלעכן פאָרשן, וואָס רופט זיך איצטער די דערקענטעניש־טעאָריע, אָדער די וויסנשאַפט, ווי אַזוי עס ווערט באַשאַפן די מענטשלעכע דערקענטעניש. קיינער פאַר אים און נאָך אים האָט נישט אַזוי פיל באַרייכערט יענע וויסנשאַפט מיט נייע טיפע אַנאַליזן און מיט אָריגינעלע וויכטיקע שטאַנדפּונקטן, ווי דאָס האָט געטאָן קאַנט.

ער איז אויך געווען דער ערשטער, וואָס האָט סיסטעמאַטיש

אויסגעפּאָרשט דעם מעכאַניזם פון אונזער שכל, פון אַלע כּוחות, וואָס ברענגען אַרויס די פּאָזיטיווע קלאָרע מענטשלעכע דערקענטעניש, סיי אויף דעם פעלד פון דעם ריין-טעאָרעטישן דענקען פון וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע, סיי אויף דעם פעלד פון דער זיטלעכער האַנדלונג און די מאָראַלע אידעאַלן, סיי אויף דעם פעלד פון דער קינסטלערישער, עסטעטישער אָפּשאַצונג

די רעזולטאַטן פון זיין פאָרשן זענען אָבער געווען צוויישניידיק. פון איין זייט האָט ער געזוכט אייַנצופונדעווען די רעכט פון דעם מענטשלעכן שכל און זיינע קלאָרע געזעצן אין דער וויסנשאַפט, דער עיקר אין דער מאַטעמאַטישער מעכאַניק, פיזיק, כעמיע און אַלע אַנדערע נאַטורוויסנשאַפטן, וואָס לאָזן זיך אָן קונץ און אָן פשטלעך צוריקפירן צו יענע פונדאַמענטאַלע דריי צווייגן פון דעם מענטשלעכן פאָרשן.

פון דער אַנדערער זייט אָבער האָט ער אויפגעוויזן אויף די גרענעצן פון דעם מענטשלעכן שכל. אויף יענע גרענעצן, ווו דאָס דענקען פאַרלירט די סאָלידע ערד פון דער דערפאַרונג אונטער זיינע פיס און איז געצוווּנגען אַרומצוטראָגן זיך אין דער לופטן און ממילא בויען לופטיקע געביידן פון דינע שפינוועבס, וואָס דוכטן זיך נאָר אויס, אַז זיי האָבן אַן אמתע טעאָרעטישע ממשות.

כּל זמן דער שכל האָט צו טאָן מיט דער דערפאַרונג, מיט די פאַקטן פון דער דרויסנדיקער וועלט, האָט געלערנט קאַנט, קאָן ער זיך באַוועגן זיכער און אַרויסברענגען די זיכערסטע רעזולטאַטן אין דער דערקענטעניש. קוים אָבער פליט ער אַריבער די גרענעצן פון דער דערפאַרונג, אַזוי פאַלט ער אַריין אין אינעווייניקסטע סתירות, אָדער ער ווערט אַ קרבן פון אייגענע פאַנטאַזיעס, וואָס קאָנען זיך בשום אופן נישט פאַרענטפערן פאַר דעם שטרענגן, ניכטערן קריטישן געדאַנק.

אַזוי האָט קאַנט אויפגעוויזן, אַז ווען דער שכל טראַכט צ. ב. וועגן דעם אָנהויב און דעם סוף פון דער וועלט, מוז ער אַרויסברענגען אַקוראַט אַזוי פיל און אַקוראַט אַזעלכע גוטע טעמים,

וואָס צווינגען אים אָנצונעמען, אַז די וועלט האָט געמוזט האָבן אַן אָנהויב אין דער צייט און מוז זיין באַגרענעצט אין איר רוים, ווי אַז זי האָט נישט געקאָנט האָבן קיין אָנהויב אין דער צייט און קאָן נישט האָבן קיין רוימלעכע גרענעצן אין קיין זייט נישט.

אַזוי האָט ער אויך קלאָר געמאַכט, אַז אַלע באַווייזן, וועלכע דער שכל ברענגט פאַר דער עקזיסטענץ פון אַ גאָט אין דער וועלט, פון אַ נשמה אין דעם מענטשלעכן גוף, פון אַ פרייען ווילן אין דער נשמה און פאַר איר אייביקן לעבן נאָכן טויט, — באַווייזן, אין וועלכע דער אויפגעקלערטער שכל פון זיין צייט האָט געגלויבט, ווי אין מאַטעמאַטישע טעאָריעס, אַז די אַלע באַווייזן, וואָס קוקן אויס אַזוי לאָגיש סאָליד, זענען אין תוך אַריין נישט מער ווי אַ לאָגישע זעלבסט-אָפּנאַרונג, אַ שכלדיקע פאַרבלענדעניש, אַ דערקענטעניש-טעאָרעטישער מיראַזש.

באַטראַכט מען קאַנטס פילאָזאָפיע פון דער זייט אירער, ווי זי קעמפט אַנטקעגן די פאַרבלענדענישן פון דער מעטאַפיזיק, ווי ער פאָדערט, אַז דער שכל זאָל, צוליב דער זיכערקייט פון זיין דערקענטעניש, בלייבן טריי דער דערפאַרונג, און באַאַרבעטן זי לויט זיינע אינעווייניקסטע, אייביקע געזעצן און געבאָטן, אַזוי דערשיינט פאַר אונז קאַנט ווי אַ פּראָטאָטיפּ פון אַ ראַציאָנאַליסטישן דענקער פון דעם ניינצנטן יאָרהונדערט, אַ שטאָלצער אויף די טריאומפן פון דעם שכל אין דער ריין-וויסנשאַפטלעכער דערקענטעניש, אַ באַרייכערער פון אונזער וויסן, אַ דעראָבערער נישט נאָר פון נייע וויכטיקע רעזולטאַטן, נאָר אויך פון נייע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגס-פעלדער.

אַזוי איז קאַנט געווען דער ערשטער, וואָס האָט אויפגעבויט די טעאָריע, אַז די גאַנצע וועלט האָט זיך ביסלעכווייז אַרויסגעוויקלט פון אַ קאָסמישן נעפל, אַ דאַנק די אייביקע מעכאַנישע געזעצן פון דער באַוועגונג, — אַ געדאַנק וואָס איז — אַ דאַנק לאַפּלאַסן — נאָך עד היום דער פונדאַמענט פון דער וויסנשאַפטלעכער אַסטראָנאָמיע.

אַזוי געפינען מיר שוין ביי קאַנטן דעם קלאָר־אַרויסגעזאָגטן דאַרוויניסטישן געדאַנק, אַז אַלע מינים חיות און פלאַנצן שטאַמען פון אַ פּאָר פּרימיטיווע מינים, און אפשר גאָר פון איין־איינציקן; אַז זיי אַלע האָבן זיך אַרויסגעוויקלט שטופנווייז, על פּי דער שטרענגסטער נויטווענדיקייט, אונטער דער מאַכט פון דעם גרונט־געזעץ פון ק ו י ז אַ ל י ט ע ט, פון אורזאַך און ווירקונג... פאַרגעסט נישט: דאָס אַלץ לערנט קאַנט נאָך אין דעם אַכצנטן יאָרהונדערט!

און ווי שטרענג האָט ער געקעמפט פאַר דעם געדאַנק פון קויזאַליטעט אין דער וויסנשאַפט און דער טעאָרעטישער פילאָזאָפיע! מאַטעריע, באַוועגונג, אייביקע מעכאַנישע געזעצן, — אָט דאָס איז, וואָס קאַנט פאָדערט פאַר דער דערקלערונג פון דער וועלט. ער לאָזט נישט צו קיין איין האָר פון אַן אַנדער דערקלערונגס־אַרט, וואָס זאָל זיך אַריינרייסן אין דער אייביקער געשלאָסענער קייט פון מעכאַניש־פיזישע געזעצן און שטערן זייער ביז אויף אַ האָר פּינקטלעכע אויסגעהאַלטנקייט.

אויף עפּיקורס געדאַנק, אַז די וועלט־אַטאָמען האָבן אין זייער פאַלן פון הויבן אַרונטער זיך אַ האָרעלע דערווייטערט פון זייערע גלייכע ליניעס, — אויס אַ פרייען ווילן צונויפצושטויסן זיך אינאיינעם, האָט זיך קאַנט פאַנאַנדערגעבייזערט אין די ווערטער: „אַן אומפאַרשעמטע באַהויפּטונג!״

און איינער פון די הויפּט־מאָטיוון, וואָס טרייבן אָן קאַנטס דערקענטעניש־טעאָרעטישע אונטערזוכונגען, איז געווען דאָס שטרעבן פּטור צו ווערן פון יומס ס ק ע פּ ט י צ י ז ם בנוגע די נאַטור־געזעצן, באַווייזן דעם טעות, וואָס יום האָט געמאַכט, בעת ער האָט געלערנט, אַז דער געדאַנק פון קויזאַליטעט, פון אייביקער געזעצמעסיקייט אין די נאַטור־דערשיינונגען, איז נישט קיין ז י כ ע ר ע ר און נישט קיין אמתער געדאַנק; אַז ער איז נישט מער ווי אַ פּראָדוקט פון געוווינהייט און פון אַ בלינדן גלויבן, וואָס האָט נישט קיין ברעקל לאָגישן גרונט הינטער זיך־

קאַנט באַווייזט אין זיין דערקענטעניש־טעאָריע, אַז דער

שכלדיקער געדאַנק פון קויזאַליטעט איז אַ נ ו י ט װ ע נ ד י ק ע ר געדאַנק, װעלכן דער שכל מוז מחייב זיין און װאָס מוז דערי־בער זיין אַ ח ו ב פאַר יעדן דענקנדיקן מענטשן, װען ער באַטראַכט אַלע װעלט־דערשיינונגען טעאָרעטיש און ריין־װיסנ־שאַפטלעך.

אָבער אַט דער ריטער פון דעם שטרענג־ראַציאָנאַליסטישן דענקען אין די גרענעצן פון דער מענטשלעכער דערפאַרונג, אַט דער שטרייטער פאַר אייביקער געזעצמעסיקייט אין אַלע נאַטור־דערשיינונגען, אַט דער אומבאַרמהאַרציקער קעמפער אַנטקעגן אַלע דמיונות און שגעונות פון דער אַלטער מעטאַפיזיק, — האָט פאַרזיכערט די רעכט און די מאַכט פון דעם קויזאַליטעטס־גע־דאַנק אין אונזער װיסנשאַפטלעכן פאָרשן מיט אַזעלכע אַרגו־מענטן, װאָס האָבן אַראָפּגעשטויבט ד ע ם פ י ל אָ ז אָ פ י ש ן װ ע ר ט פון אונזער גאַנצן װיסנשאַפטלעכן און טעאָרעטישן דענקען בכלל און װאָס האָבן אין דערזעלבער צייט פּראָפּאָרציאָנעל אַרויפגע־צויגן אין דער הויך דעם פילאָזאָפישן װערט און באַטייט פון יענע „דמיונות און שגעונות״, פון װעלכע קאַנט האָט געװאָלט אויף אייביק אויסרייניקן די מענטשלעכע טעאָרעטישע דערקענ־טעניש.

עס װאָלט זיכער געװען אַ פעלער פון מיין זייט, װען איך װאָלט געפּרוּװט, אין די גרענעצן פון מיין איצטיקער אַרבעט, געבן אַ װעלכן עס איז, לאָז זיין אויבערפלעכלעכן, באַגריף װעגן דעם כאַראַקטער און דער װאָג פון יענע זעלטן־טיפע און אומ־געהייער־רייכע געדאַנקען, מיט װעלכע קאַנט באַגרינדעט זיין פילאָזאָפישן שטאַנדפּונקט פון „טראַנסצענדענטאַלן אידעאַליזם״. דאָס װאָלט געהייסן װעלן געבן אין אַ שאָלעכץ פון אַ ניסל דאָס גרעסטע און רייכסטע פילאָזאָפישע געביי פון אַלע צייטן, װוּ יעדער איינצל־געדאַנק העלפט אַרויסברענגען דעם שלוס־רע־זולטאַט און דער שלוס־רעזולטאַט גיט ערשט די ריכטיקע באַדיי־טונג און באַלייכטונג דעם איינצל־געדאַנק.

אָבער אַ פאָרשטעלונג, „אַ דמיון פון אַ באַגריף״ מוזן מיר פּאָרט פּרוּװן געבן, כדי אונז זאָל קאָנען קלאָר װערן די ראָלע

פון קאַנטס פילאָזאָפיע אין דעם אַרויסברענגען פון דעם נייעם געדאַנקענגאַנג, וועגן וועלכן מירריידן *).

III

דער לייענער איז געוויס באַקאַנט מיט דעם בילדער-שפּיל אין אַ קינעמאַטאָגראַף. ער ווייסט, אַז אָט די אַלע בילדער פון נאַטור און מענטש, מיט אַלע זייערע באַוועגונגען, וואָס ער זעט פאַר זיך אויף דער ווייסער וואַנט, ווערן אַרויסגעשטראַלט פון אַ באַשטימטן פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט, דעם קינעמאַטאָגראַף, דורך אַ באַשטימטן גלאָז, — אַ שפּאַקטיוו:

נו — זאָל זיך דער לייענער פאָרשטעלן, אַז אָט דער קי- נעמאַטאָגראַפישער אַפּאַראַט איז דער גאַנצער אָרגאַניזם פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש, און אַז דער שפּאַקטיוו, דורך וועלכן עס גייען דורך די שטראַלן, איז דער טעאָרעטישער מענטשלעכער שכל מיט זיין זען און באַטראַכטן „די דרויסנדיקע וועלט״, וואָס שפּילט זיך אָפּ אויף דעם לייוונטענעם עקראַן.

דער שפּאַקטיוו זעט נישט די שטראַלן ווי זיי גייען דורך דורך אים, ער זעט נאָר די בילדער, וואָס באַוועגן זיך דרויסן פון אים, ווייט פון אים, און אים דוכט זיך, אַז זיי טוען דאָס אומאָפּהענגיק פון אים, אָן אַ ברעקל שייכות צו אים. ער קוקט. ער קוקט נאָר און זעט פּאַסיוו צו, ווי עס ענדערן זיך די בילדער, וואָס ווערן געבאָרן און פאַרשווינדן „אין דער דרויסנ- דיקער וועלט״, אויף דער ווייסער לייוונטענער וואַנט.

לאָמיר זיך ווייטער פאָרשטעלן, אַז דער שפּאַקטיוו, וואָס איז דאָס שכלדיקע אויג פון דעם קינעמאַטאָגראַף, האָט זיך פלוצלונג פאַרטראַכט וועגן די בילדער, וואָס זעען זיך אויף דעם עקראַן, און וועגן זיין אייגענער שייכות צו זיי: פאַרוואָס פאַרשווינדן

*) אַ קורצע סקיצע פון קאַנטס קריטיציזם קען דער לייענער געפינען אין מיין „פילאָזאָפיע״ (פאַרלאַג מייזל, ניו-יאָרק), באַנד צווייט, זייטן 1—88.

זיי איינגאַנצן, ווען הינטער אים ווערט אויסגעלאָשן דאָס ליכט?

אָנגענומען ווייטער, צו דעם שפּאַקטיוו גיט זיך איין אָפּצוווענדן זיין בליק פון דער דרויסנוועלט און צו קערן אים צו דעם אינעווייניק פון דעם קינעמאַטאָגראַף.

דעמאָלט איז קיין חידוש נישט, וואָס ער געפינט אויס דעם אמת, אַז דאָס, וואָס ער זעט פאַר זיך אויף דעם ווייסן עקראַן, שטאַמט גאָר פון פּראָצעסן, וואָס שפּילן זיך אָפּ הינטער אים, וואָס גייען דורך אים און וואָס ווערן געבאָרן אין אַן אַפּאַראַט, פון וועלכן ער איז אַ וויכטיקער טייל.

דער משל, וואָס איך ברענג דאָ צו געבן אַ „דמיון פון אַ בלאַסן באַגריף‟ פאַר קאַנטס גרונט-געדאַנקען פון דעם „טראַנס-צענדענטאַלן אידעאַליזם‟, הינקט נישט נאָר אויף איין פוס, נאָר אויף ביידע פיס. אָבער אין איין פונקט שטימט ער זייער גוט מיט קאַנטס פילאָזאָפיע.

מיר זעען פאַר אונז אַ דרויסנוועלט און מיר געפינען אין איר רוים (אויסגעשפּרייט אין דער לענג, דער ברייט און דער טיף); מיר געפינען אין איר צייט און באַוועגונג; פאַרבן און קלאַנגען; אייביקע מאַטעריע און אייביקע געזעצן. און מיר מיי-נען, אַז אָט די אַלע יסודות פון דעם וועלט-געשעען, — רוים, צייט, זינלעכע שפּירונגען, באַוועגונג, מאַטעריע און קוואַליטעט, געזעצמעסיקייט, ליגן דרויסן פון אונז און שטאַמען פון דער וועלט גופא.

קאַנט ברענגט אָבער אַרויס אין זיינע אונטערזוכונגען, אַז די אַלע יסודות זענען נישט קיין פעסטע זאַכן, וואָס קומען פאָר דרויסן פון אונז, נאָר גייסטיקע דערקענטעניש-פּראָצעסן, וואָס ווערן געבאָרן אין אונז, הינטער אונזער קלאָרן שכל, אין דעם מענטשנס „גייסטיקן קינעמאַטאָגראַף‟, — אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, — און אַז זיי שטעלן מיט זיך פאָר די נויטווענדיקע פּראָדוקטן פון זיין, דעם קינעמאַטאָגראַפס, מע-כאַניזם. זיין טבע איז אַזאַ, אַז ער מוז באַשאַפן רוים, צייט, באַוועגונג, פאַרבן און קלאַנגען, מאַטעריע און קוואַליטעט. און

זיין טבע איז אויך אַזאַ, אַז ער מוז דאָס, וואָס עס ווערט באַשאַפן אינעווייניק אין אים, אַרויסשליידערן פון זיך אין אַ דרויסן. דאָס הייסט: פריער באַשאַפן אין זיך גופא דעם אָנבליק פון אַ „דרויסן", פון אַ וועלטלעכן חלל, און דערנאָך אַריינביל־דערן אין דעם חלל אַלע אַנדערע דערשיינונגען פון דעם וועלט־לעכן געשעען.

כדי מען זאָל קאָנען איינזען, ווי אַזוי אַזאַ משונהדיקער געדאַנק קאָן זיך „לייגן איינעם אויפן שכל", איז אפשר דער בעסטער וועג — זיך אָפּשטעלן אויף אַ ווײַלע פאַר אַ שפּיגל און אַביסל אַ טראַכט טאָן וועגן דער וווּנדערלעכסטער דערשיינונג, וואָס מיר געפינען דאָ פאַר אונזערע אויגן: דעם אויפבוי פון אַ טאָפּלטן צימער הינטער דעם ווענטל פון דעם שפּיגל.

אינדערהאמתן. אין שפּיגל זעען מיר די הינטערשטע וואַנט פון דעם צימער מיט אַלע בילדער וואָס אויף איר, מיר זעען אַלע זאַכן, וואָס געפינען זיך אין אים, מיר זעען דעם רוים, וואָס ער פאַרנעמט.

מיר ווייסן זיכער, אַז די אַלע זאַכן זענען הינטער דעם שפּיגל נישטאָ. אַ קינד, וואָס גלויבט נאַאיוו, אין דער ערשטער צייט פון זיין דערפאַרונג, אַז זיי זענען הינטער דעם שפּיגל, לערנט זיך באַלד אויס מיט די פינגער אָנצוטאַפּן די פאַלשקייט פון זיין השערה. ליגן די אַלע זאַכן אויף דער אויבערפלאַך פון דעם שפּיגל? — אויך די פאַלשקייט פון אַזאַ געדאַנק קאָן מען לייכט אָנטאַפּן מיט די פינגער, אויף דער אויבערפלאַך זענען נאָר דאָ, — אַזוי גלויבט די וויסנשאַפט, — שטראַלן, וואָס קומען פון די זאַכן אין דעם צימער, ווערן דאָרטן איבערגע־בראָכן און פאַלן אויף אונזער אויג, אויף דעם סמך פון יענע שטראַלן ווערן הינטער אונזער אויג, אין די זע־צענטרען פון דעם מאַרך, — אַזוי גלויבט די וויסנשאַפט, — באַשאַפן די בילדער פון דעם צימער מיט אַלע זאַכן אין אים און דער־נאָך ווערן זיי, ווי מיר האָבן זיך אויבן אויסגעדריקט, „אַריינ־געבילדערט" אין אַ דמיונדיקן חלל הינטער דעם שפּיגל.

אָבער דערזעלביקער פּראָצעס קומט דאָך אויך פֿאָר, — אַזוי ווי׳ל האָבן די מאַטעריאַליסטישע וויסנשאַפֿט, — ווען מיר זעען די זאַכן נישט אין שפּיגל, נאָר אין דער „ווירקלעכער וועלט“. אויך דאָ זעט דאָס אויג נישט קיין פֿאַרביקע זאַכן, נאָר פֿאַרבלאָזע שטראַלן, וואָס רופֿן אַרויס בילדער אין אונזער מאַרך, וועלכע ווערן אַריינגעבילדערט אין דעם וועלט־חלל.

ווענדט איר אָן דעמזעלביקן גרונט־כּלל אויף דעם חלל גופֿא, אויף די שטראַלן וואָס אין אים, און אויף דעם מאַרך גופֿא, וואָס דאַרף זיי אויפֿנעמען און מאַכן בילדער פֿון זיי, מוזט איר קומען צו דעם רעזולטאַט, אַז די גאַנצע געזעענע, געהערטע און געטאַפּטע, ד. ה. זינלעכע וועלט איז נישט קיין אַנדער זאַך, ווי אַ פּראָצעס פֿון אַריינבילדערונגען, פֿון נויטווענדיקע איינבילדונגען, ד. ה. אַ פּראָצעס פֿון אַ שטילן אומבאַוווסטן טראַכטן און אויסטראַכטן, וואָס קומט פֿאָר הינטער דעם קלאָרן שׂכל, גייט דורך דורך אים און ווערט אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן אים, ווי אַ דרויסנדיקע וועלט, ווי אַן אַנטקעגן־שטעל, ווי אַ „געגנשטאַנד“.

עס איז דעריבער פֿאַר קאַנטן קיין חידוש נישט, וואָס אין דער „דרויסנדיקער וועלט“ הערשן אייביקע געזעצן: די אייביקע געזעצן שפּיגלען אָפּ יענע אייביקע אומפֿאַרענדערלעכע פּרינציפּן, לויט וועלכע עס שאַפֿט אונזער דערקענטעניש, די אייביקע שאַפֿונגס־אַרט פֿון אונזער אינעווייניקסטער נאַטור.

אין דער פֿון אונז געשאַפֿענער „דרויסנוועלט“ מוז אייביק הערשן קויזאַליטעט, די שטענדיקע איבערמאַכט פֿון אורזאַך און ווירקונג, ווײַל די גאַנצע „דרויסנוועלט“ ווערט פֿון אונז תּמיד געשאַפֿן לויט אָט דעם פּרינציפּ פֿון קויזאַליטעט, פֿון אורזאַך און ווירקונג, — אַ פּרינציפּ, וואָס הערשט בײַ אַלע מענטשן און איז דעריבער אַן „אַלגעמיין־גילטיקער“ פּרינציפּ.

איז אָבער די פֿון אונז אומבאַוווסט־געשאַפֿענע דרויסנ־וועלט די איינציקע דרויסנוועלט? איז אַ חוץ דעם וועלט־חלל, וואָס ווערט געבאָרן אין אונזער דערקענטעניש, נאָך דאָ אַן אמתער וועלט־חלל, נישט קיין אויסגעטראַכטער, פֿון די חושים

נישט קיין אַריינגעבילדערטער? און אויב ס'איז דאָ אַזאַ וועלט־חלל, ווי זעט ער אויס? איז ער גלייך צו דעם, וועלכן מיר באַשאַפן און זעען? און וואָס טוט זיך מיט דער מאַטעריע אין יענערווירקלעכער וועלט, דרויסן פון אונזער דערקענטעניש, און וואָס מיט קויזאַליטעט, מיט דער אייביקער נויטווענדיקייט און באַדינגט־קייט פון אַלץ וואָס פּאַסירט?

דער אַבסאָלוטער ענטפער אויף דער שאלה, זאָגט קאַנט, מוז דעם מענטשן בלייבן אויף אייביק פאַרדעקט. מיר קאָנען יענע אמתע דרויסנוועלט, — אויב אַזאַ איז בנמצא, — נישט זען און וועגן איר גאָרנישט וויסן, ווייל זען עפּעס הייסט אַריינבילדערן עפּעס און וויסן עפּעס הייסט באַשאַפן עפּעס דורך די אייגענע כלים פון וויסן. מיר קאָנען אויך נישט וויסן, צי אַזאַ וועלט איז דאָ, מחוץ פון אונזער דערקענטעניש.

וואָלט די מענטשלעכע נאַטור געהאַט נאָר איין־אייניציקן אינטערעס, וויסן, דערקענען, פאַרשטיין, וואָלטן מיר מיט אָט דער שאלה זיך איבערהויפּט נישט באַדאַרפט באַשעפטיקן.

הינטער אונזער קלאָרן שכל אַרבעט אַ קינעמאַטאָגראַף פון שטילן אומבאַוווסטן טראַכטן און אויסטראַכטן; זיינע פּראָדוקטן גייען דורך דורך דעם קלאָרן שכל, שטעלן זיך אַוועק אַנטקעגן אים און בילדן אַ וועלט. אין אָט דער וועלט אַנטדעקט דער קלאָרער שכל אַלץ נייע און נייע דערשיינונגען, נייע און נייע געזעצמעסיקייטן, נייע און נייע פעלדער פאַר זיין פאָרשן, וואָס קאָן קיינמאָל נישט זאַט ווערן. וואָס ווערט אים, דעם שכל, אָרן, פון וואַנען אָט די אים באַצויבערנדיקע וועלט שטאַמט? וואָס איז אים דער חילוק, צי זי ווערט אַלע ווײַלע געבאָרן דאָרטן, ווו ער זעט זי און באַטראַכט זי, אָדער זי ווערט אויף אַ געהיימ־נישפולן אופן געבאָרן הינטער אים, אין די טיפענישן פון דעם מענטשלעכן געמיט און ווערט אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן אים?

איז אָבער די מענטשלעכע נאַטור פאַראינטערעסירט נישט נאָר אין אָביעקטיוון וויסן, פאָרשן און טעאָרעטישן דענקען. אויסערדעם איז זי פאַראינטערעסירט אין סוביעקטיווער פּראַקטישער טע־

טיקייט, אין מאָראַלישע אידעאַלן, אין אַרויסברענגען און געניסן שיינקייט און פּראַכט.

געטריבן פון אָט די סוביעקטיווע פּראַקטישע, מאָראַלישע און עסטעטישע אינטערעסן, באַשאַפט די מענטשלעכע נאַטור גאַנץ נייע וועלטן, וואָס שפּרייזן אַריבער די גרענעצן פון דער רייך-טעאָרעטישער וועלט. זי ברענגט אַרויס צילן און צוועקן, מאָראַלישע באַפעלן און געבאָטן, מאָסשטאַבן פון „נוצלעך" און „שעדלעך", „גוט" און „בייז", „שיין" און „מאוס".

אויך די נייע סוביעקטיווע וועלטן ווערן באַשאַפן הינטער דעם קלאָרן שכל, אין דעמזעלביקן ווונדערבאַרן קינעמאַטאָגראַף פון שטילן אומבאַוווסטן טראַכטן און אויסטראַכטן; אויך זיי גייען דורך אים, און פיל פון זיי, ווי צ. ב. די וועלט פון עס-טעטישער שיינקייט, ווערט אויך אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן אים ווי אַן אַנטקעגן-שטעל, ווי אַ דרויסנדיקער געגנשטאַנד.

אויך אין די טיפענישן פון אָט די „סוביעקטיווע" וועלטן האָט זיך אַראָפּגעלאָזן קאַנטס פאָרשנדיקער גייסט, כדי איינצו-הערן זיך אין זייער שטילן טראַכטן און אויסטראַכטן און כדי אויסצוגעפינען יענע גרונט-פּרינציפּן, לויט וועלכע זיי שאַפן זייערע שאַפונגען.

און דאָ האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט, אַז זיי ברענגען אַרויס זייערע שאַפונגען לויט גאַנץ אַנדערע פּרינציפּן, איידער די, וואָס הערשן אין דער אָביעקטיווער וועלט פון דער טעאָרע-טישער דערקענטעניש. זייער טעטיקייט ווערט גערעגלט נישט דורך די פּרינציפּן פון מאַטעריע, מעכאַנישער באַוועגונג און קויזאַלי-טעט, נאָר דורך דעם היפּך פון זיי: גייסט, ווילנס-האַנדלונג און פרייהייט; נישט דורך דעם געדאַנק פון פּאַסיווער געזעצמע-סיקייט, נאָר דורך דעם געדאַנק פון פרייטעטיקער צוועקמעסיקייט.

און עס איז אים אויך געוואָרן קלאָר. אַז מיט דעמזעלביקן רעכט, מיט וועלכן דער אינטערעס צו אָביעקטיווער דערקענטע-ניש בויט אויף אין דער אָנשויאונג אַ זינלעכע, חושימדיקע דרויסנוועלט, אַ די וועלט פון רוים, צייט און קויזאַליטעט, מוז דער אינטערעס צו סוביעקטיווע פּראַקטישע, מאָראַלישע און

עסטעטישע טעטיקייטן אויפבויען אין דער פאַנטאַזיע אן איבערזינלעכע, למעלה מן החושימדיקע, גייסטיקע וועלט, אַ יענע וועלט מיט אַ גאָט, אַ פרייעם ווילן און אַ נשמה, וואָס לעבט אייביק.

די שטראַלן פון איבערזינלעכקייט ווערן הינטער דעם מענטשלעכן קלאָרן שכל אויסגעאַרבעט אין דעמזעלביקן מענטשלעכן „קינעמאַטאָגראַף״, ווי די שטראַלן פון זינלעכקייט און די-וועלטיקייט. כל זמן יעדע אַרט שטראַלן ווערט געשפּילט באַזונדער, פאַר זיך, אָן אַ שייכות צו די אַנדערע אַרטן, באַמערקט מען נישט זייער פאַרשיידענעם אינטערעס, זייער פאַרשיידענעם כאַראַקטער.

אין דער וויסנשאַפט באַטראַכט איך דיווירקלעכקייט ריין-טעאָרעטיש, איך נעם מיך אַליין אַריין אין דעם כלל פון די ווירקלעכע פּאַסירונגען און אַלץ וואָס איך טו דערשיינט מיר דעמאָלט ווי אַ נויטווענדיקער, דורכאויס און אין אַלע פּרטים באַשטימטער פּאַסיווער פּראָדוקט פון דעם נויטווענדיקן, אין אַלע פּרטים קויזאַל-באַדינגטן וועלט-געשעען.

אָבער ווען איך גראָב אַ גרוב אין דער ערד, כדי צו פלאַנצן אַ בוים, אָדער שאַרף מיין סטילעט, כדי צו באַפרייען די וועלט פון אַ טיראַן, גייען דעמאָלט דורך מיין קלאָרן שכל נישט די קויזאַליטעט-שטראַלן פון דער זינלעכקייט, נאָר די פרייהייטס-שטראַלן פון דער איבערזינלעכקייט.

איך בין מיר דעמאָלט נישט קיין פּאַסיווער טראָפּן אין אַ וועלט-ים, נאָר אַ זעלבסטטעטיקע פרייע פערזענלעכקייט, וואָס רייסט דורך די נעץ פון געזעצמעסיקייט און פאַרקייטלטע אורזאַכן; איך רוק זיי פאַנאַנדער, מאַך פלאַץ פאַר זיך אַליין, פאַר מיין פרייען טאָן און שטעל מיך אַוועק מיט מיין צוועק-מעסיקן האַנדלען ווי אַ נייע אורזאַך פון זיך אַליין, פון וועלכער עס וועלן אַרויספליסן נייע געזעצמעסיקייטן: אַ בוים מיט פרוכט, אַ פרייע געזעלשאַפט.

און ווען איך צוגיי אין מתיקות פון מישא עלמאַנס שפּילן און ווער געטראָגן אין אַ ים פון פאַרשיכורנדיקער שיינקייט,

טראַכט איך נישט בשעת מעשה, וויפל מאָל אין אַ סעקונדע עס טרייסלט זיך די לופט, וואָס באַשאַפט אין מיר דעם באַצויבערנדיקן טאָן. און אַזוי קאָנען זיך די דריי גרויסע צווייגן פון דעם מענטשלעכן שאַפן לעבן און וואַקסן יעדער באַזונדער, יעדער לויט זיין גרונט־פּרינציפּ, וואָס באַפרידיקט דעם אינטערעס: דאָס טעאָרעטישע פאָרשן מיט דעם פּרינציפּ פון קויזאַליטעט, די פּראַקטישע און מאָראַלישע האַנדלונגען מיט דעם פּרינציפּ פון אַ פרייען ווילן און די עסטעטישע באַטראַכטונג מיט איר „צוועקלאָז־צוועקמעסיקער פאָרם".

אָבער ווען דער שכל הויבט אָן צו בויען זיינע פילאָזאָפישע בנינים און וויל אַרויסברענגען אַ איינהייטלעך בילד פון דער גאַנצער וועלט, דעמאָלט הויבן אָן אַלע אַרטן שטראַלן דורכצוגיין דורך דעם קלאָרן שכל און וואַרפן זייערע שאַטנס אויף דעם עקראַן פון דעם פילאָזאָפישן געדאַנק. עס גייען דורך די טעאָרעטישע שטראַלן מיט זייער „נאַטור" און „קויזאַליטעט"; עס גייען דורך די פּראַקטישע שטראַלן מיט זייער „צוועקמעסיקייט"; די מאָראַלישע שטראַלן מיט זייער „פרייען ווילן"; די עסטעטישע שטראַלן מיט זייער „שיינקייט"; די רעליגיעזע שטראַלן מיט זייער „גאָט" און „אומשטערבלעכקייט".

און די אַלע פאַרשיידענע שטראַלן, וואָס שטאַמען פון אַזוי פיל פאַרשיידענע אינטערעסן מישן זיך צונויף, שטויסן זיך צונויף, פאַרשטעלן איינע די אַנדערע דעם וועג און ווען זיי פאַלן אויף דעם עקראַן פון דעם פילאָזאָפישן געדאַנק, קומען דאָרטן אַרויס מטושטשע בילדער, פול אינעווייניקסטע ווידערשפּרוכן. ווייל אָבער די פילאָזאָפיע אַרויסברענגען אַ קלאָר בילד פון דער וועלט, אַזוי מוז זיך דער געדאַנק אָנכאַפּן פאַר איין אינטערעס און פאַרגוואַלטיקן אַלע איבעריקע. עס הויבט זיך אויף אַ קאַמף פון די פאַרשיידענע סיסטעמען, און איין פילאָזאָפיש וועלט־בילד דערגייט די יאָרן דעם אַנדערן.

וואָס איז די תרופה דערצו? ווי ברענגט מען אַריין איינהייטלעכקייט אין דעם פילאָזאָפישן שאַפן, וואָס זאָל קאָנען זיך

ווייטער פאַנאַנדערוואַקסן אַקוראַט אַזוי איינהייטלעך און זעלבסט־זיכער, ווי די וויסנשאַפט?

אָט דאָ, אין דער פאַרענטפערונג פון אָט דער שאלה וואַקסט אויס צו איר גאַנצער גרויס יענע פּראָבלעם, וועלכע דער ריין־טעאָרעטישער געדאַנק, וואָס איז פאַראינטערעסירט נאָר אין דעם אָביעקטיוון אויספאָרשן פון דער פאַר דעם קלאָרן שכל ליגנדיקער וועלט, האָט געקאָנט אייגנטלעך אינגאַנצן לאָזן אן אַ זייט: די פּראָבלעם וועגן דער וועלט, ווי זי איז אין זיך, מחוץ פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש.

איז דאָ אַזאַ וועלט? זאָל דער מענטש טראַכטן וועגן איר? וו אָ ס זאָל ער דענקען וועגן איר? ווערט זי באַהערשט פון די גרונט־פּרינציפּן, וועלכע אונזער טעאָרעטישער אינטע־רעס האָט אַרויסגעבראַכט, — די גרונט־פּרינציפּן פון מאַטעריע, פּאַסיוויטעט, פון אייביקע אורזאַכן און ווירקונגען, אָדער איז איר הערשן די גרונט־פּרינציפּן, וועלכע אונזער פּ ר אַ ק ט י ש ע ר אינטערעס האָט אַרויסגעבראַכט, — די גרונט־פּרינציפּן פון פרייען ווילן, אַקטיוויטעט און געטלעכע גערעכטיקייט?

## IV

אויפנעמענדיק ווידער דעם פאָדים פון אונזערע באַטראַכ־טונגען וועגן דעם אַלטן און דעם נייעם געדאַנקענגאַנג, וויל איך דערמאָנען דעם לייענער אָן אַ פּאָר פּונקטן, וועלכע מיר האָבן באַרירט אין די פריערדיקע אַרטיקלען.

דער נייער געדאַנקענגאַנג איז אַ שטרעבן, וואָס דריקט זיך אויס כמעט אויף אַלע פעלדער פון דעם מענטשלעכן שאַפן,— נישט צו רעכענען זיך מיט דעם קלאָרן פאַרשטאַנד און זיינע געזעצן, וואָס האָט באַהערשט דאָס פרייע דענקען אין אַ משך פון איבער פינף הונדערט יאָר.

קומט מען צו וועלכע עס איז רעזולטאַטן, וואָס פאַטשן אין פנים אַלע פעלזנפעסטע אמתן, פאַר וועלכע דער פאַרשטאַנד ראַרף זיך איינשטעלן, ווערט מען איצטער דערפון נישט נתפּעל.

עס ווערט שטילשווייגנדיק לכתחילה דערוואַרט, אַז ער, דער פאַרשטאַנד, וועט מיט אַ ליבנסווירדיקער אַנטשולדיקונג זיך שטעלן אָן אַ זייט, כדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר דעם נייעם גע־דאַנק.

אין אייניקע פעלדער פון דעם מענטשלעכן שאַפן גייט אָט די איגנאָרירונג פון דעם קלאָרן דענקען און זיינע געבאָטן אַזוי ווייט, אַז עס דוכט זיך אויס, אַקוראַט ווי דער שאַפנדיקער גייסט וואָלט מיט אַ כיוון געוואָלט זיך רייצן מיט דעם פאַרשטאַנד, להכעיס אים אויף יעדן שריט און טריט.

פון די פיל ביישפילן, וואָס איך האָב געבראַכט אין דעם ערשטן אַרטיקל, וועל איך דאָ נאָר דערמאָנען דעם נייעם גרונט־פּרינציפּ, וועלכן דער אַקאַדעמיקער א י י נ ש ט י י ן טראָגט אַריין אין דער מאָדערנער מאַטעמאַטישער פיזיק.

איינשטיין וויל האָבן, אַז די צייט פליסט נישט אומעטום אין דער וועלט אין אַ גלייכן טעמפּאָ; אַז ווען אין איין טייל פון דער וועלט געדויערט די רגע אַ רגע, קאָן אין אַן אַנדער טייל פון דער וועלט דיזעלביקע רגע געדויערן אַ שעה.

כדי דער לייענער זאָל קאָנען אָפּשאַצן די גאַנצע אַבסורדי־טעט פון אַזאַ געדאַנק, דעם גאַנצן פּאַטש אין פנים, וואָס דאָס געוויינלעכע דענקען באַקומט דערביי, וועל איך מיר דערלויבן צו דערציילן אַ ווינציקן חסידישן אַנעקדאָט, וואָס וואַרפט פיל ליכט אויף דעם אונדז אינטערעסירנדיקן ענין.

עס זיצן צוויי חסידים און באַרימען זיך מיט די ניסים פון זייערע ראַבייאים.

דערציילט איין חסיד: „מיין רבי איז אַמאָל געפאָרן אין וועג אין אַן אָפענעם קאַראָט. האָט פּלוצלונג גענומען גיסן אַ רעגן. שייך אַ רעגן — אַ מבול! וואָס טוט דער רבי? איז ער מתפלל צו גאָט, און גאָט טוט אַ נס: פון איין זייט שטראָמט אַ מבול, פון דער אַנדערער זייט וועג שטראָמט אַ מבול, און אין מיטן, ווו דער רבי פאָרט, שיינט די זון״.

באַרימט זיך דער צווייטער חסיד: „דאָס איז נאָך גאָר נישט. מיין רבי האָט באַוויזן נאָך אַ גרעסערן מופת. ער איז

אויך געפאָרן אין אַ קאַראָטע אום פרייטיק ביינאַכט, און פלוצלונג האָט זיך אַן אַקס צעבראָכן. ביז מען האָט פאַרריכט, איז געװאָרן שפּעטלעך, און דער שבת האָט זיך אָנגערוקט אין מיטן וועג. וואָס טוט דער רבי? — ער איז מתפּלל צו גאָט, און גאָט טוט אַ נס: פון איין זייט וועג — שבת, פון דער אַנדערער זייט וועג — שבת, און אין מיטן, ווו דער רבי פאָרט, איז אינדערוואָכן״...

דער וויץ פון דעם אַנעקדאָט באַשטייט אין דעם, וואָס דער רבי איז געפאָרן אום שבת... גאָט קאָן פאַנאַנדערשפּאַלטן וואָלקנס, צעשטעלן זיי ווי שפּאַלירן ביי די זייטן וועג און האַלטן טרוקן דעם וועג פאַרן רבין. אָבער צעשפּאַלטן אין דער לענג דעם שטראָם פון דער צייט, צעשטעלן די צייטן, ווי שפּאַלירן ביי די זייטן וועג און מאַכן, אַז אין מיטן וועג זאָל די רגע געדויערן אַ שעה, אָדער אינגאַנצן אויפהערן צו פליסן, בעת ביי די זייטן גייט זיך די צייט איר געוויינלעכן טעמפּאָ, — דאָס קאָן, לויט אונזער פאַרשטאַנד, אַפילו אַ גאָט נישט.

איינשטיינס וווּנדערבאַר־רעוואָלוציאָנערער שריט איז דער ראַדיקאַלסטער ריס מיט דעם געוויינלעכן קלאָרן דענקען און זיינע פאָרשטעלונגען וועגן דעם מהות פון צייט און די געזעצן פון דעם זיין, פאַר וועלכע די צייט מוז זיך בויגן.

אָבער נישט נאָר דאָס אַליין: עס איז אַ געוואַלט־ריס אין דער גאַנצער איינהייטלעכער סיסטעם פון שכלדיקן באַגרייפן די וועלט מיט די דערפאַרענע פּרינציפּן פון רוים, צייט און קויזאַליטעט.

אויב דער פלוס פון דער צייט קאָן חו־עס־איז ווערן פאַרלאַנגזאַמט, איז דעמאָלט די צייט נישט קיין אַבסאָלוטער, אייביקער פּרינציפּ, נאָר אַ רעלאַטיווע דערשיינונג. און וויבאַלד די צייט קאָן ווערן פאַרלאַנגזאַמט, איז שוין נישט שווער צו דענקען, אַז זי קאָן זיך אָפּשטעלן אינגאַנצן. ממילא מוזן מיר צוגעבן די מעגלעכקייט פאַר עקזיסטענצן און פּראָצעסן, — אויב מען קאָן דאָס אָנרופן פּראָצעסן, — וואָס זענען למעלה מן הזמן. און דאָס וואָס איז העכער פאַר צייט, וואָס האָט נישט קיין

פריער און קיין שפּעטער, קאָן אויך נישט שטיין אונטער דער שליטה פון קויזאַליטעט, וואָס באַהערשט די דערשיינונגען אין דער צייט, ווי דער „פריער" באַדינגט און מאַכט נויטווענדיק דעם „שפּעטער".

אויף אַזאַ אופן שפּאַלט איינשטיין פאַנאַנדער אונזער וואָכעדיקע זינדיקע וועלט, וואָס איז געבויט אויף די אַפּיקורסישע פּרינציפּן פון רוים, צייט און אייביקע, געזעצמעסיקע קויזאַליטעט, ער שפּאַלט זי פאַנאַנדער, רוקט זי פאַנאַנדער און לאָזט אין איר דורכרוישן אַ שטראָם פון „יום שכלו שבת", פון עקזיסטענצן און פּאַסירונגען, וואָס מוזן נישט זיין געבונדן אָן דער צייט און אָן דער פאַרשטיינערטער נויטווענדיקייט.

און מערקט אייך: דאָס קומט פאַר נישט אין דער פילאָזאָפישער ספּעקולאַציע, וואָס האָט אַלעמאָל געהאַט אַ רעכט אַרויסצופאַנטאַזירן און אַנצופאַנטאַזירן אוממעגלעכע וועלטן.

דאָס שפּילט זיך אָפּ אין דער וויסנשאַפט, אין דער שטרענגסטער, קלאָרסטער און פּינקטלעכסטער פון אַלע וויסנשאַפטן: דער מאַטעמאַטישער פיזיק און מעכאַניק, אין דעם פונדאַמענט, וואָס טראָגט אויף זיך דעם גאַנצן בנין פון דער מעכאַניש-מאַטעריאַליסטישער וועלט-דערקלערונג.

און די מאָדערנע מעכאַנישע וויסנשאַפט, נישט נאָר זי פּראָטעסטירט נישט אַנטקעגן איינשטיינס אַבסורדע געדאַנקען: זי איז זיי מקבל פּנים מיט דעם גרעסטן דרך-ארץ און רוימט פאַר זיי אָפּ דעם שענסטן פּלאַץ.

איינשטיינס געדאַנק וועגן דעם רעלאַטיווען צייט-פלוס אַריינגעאַרבעט אין דעם פונדאַמענט פון אונזער מאָדערנער וועלט-אָנשויאונג, איז שוין גאָרנישט קיין שלעכטער שטיץ-פּונקט פאַר בערגסאָנס הויפּט-געדאַנק אין דעם איבער-שטיבל פון דערזעלביקער וועלטאָנשויאונג: פאַר דעם געדאַנק פון דעם אייביקן לעבעדיקן וועלט-דויער, וואָס איז למעלה מן הזמן, וואָס איז אָנגעפּראָפּט מיט שאַפונגס-זומען, וועלכע ער, דער אייביק-לעבנדיקער דויער, לאָזט פריי פון זיך אַרויס און פאַר-

ווירקלעכט זיי אין אַ קינסטלערישן, זיך שטענדיק אַנטוויקלענדיקן שאַפונגס-עקסטאַז.

אַגב, בעט זיך דאָ אַ קליינע אָבער וויכטיקע באַמערקונג: דער געדאַנק פון אַ וועלט-קינסטלער, וואָס ברענגט פון זיך אַרויס קינסטלעריש די וועלט, איז, ווי יעדער ווייס, נישט קיין נייער געדאַנק. „כלם בחכמה עשית״, לויבן אויך די פרומע יידן דעם רבונו של עולם פאַרוואָס ער האָט אַלץ מיט קלוגשאַפט באַשאַפן.

בערגסאָנס וועלט-קינסטלער, דאָס אייביק-דויערנדיקע און שאַפנדיקע וועלט-לעבן איז אויך אַ קינסטלער, אָבער חס-וחלילה נישט פון דער אַלטער שכלדיקער שול, וואָס טרעט צו צו זיין שאַפן מיט אַ קלאָרן געדאַנק, מיט אַ מיושבן ציל, וועלכן ער ברענגט אַרויס פון זיין שאַפנדיקער מחשבה.

בערגסאָנס וועלט-קינסטלער איז אַ מאָדערנער, וואָס שטייט שוין אונטער דער שליטה פון דעם נייעם געדאַנקענגאַנג. ער וועט אייך קיין פרוטה נישט געבן פאַר אַ קלאָרער שכלדיקער מחשבה. ער איז אַן אימפּרעסיאָניסט און אפשר נאָך ערגער: אַ פוטוריסט, רחמנא לצלן.

פונקט ווי די מאָדערנע פאַרבן-שפּילער, טרעט ער צו צו דער מאָל-ברעט נישט מיט קיין קלאָרן שכלדיקן געדאַנק. די וועלט, וואָס ער באַשאַפט, איז נישט קיין „סוף מעשה במחשבה תחילה״. ער טרעט צו צו דער מאָל-ברעט מיט אַ מטושטשער, טונקעלער אידייע, שליידערט ליכט און שאָטנס אַהין און אַהער און ווייס אַליין קיינמאָל נישט וואָס דערפון וועט אַרויסקומען; ער זעט נאָר וואָס עס קומט אַרויס, און דאָס באַשאַפענע ווערט פאַר אים אַלעמאָל אַ טעמע פאַר אַ נייער, פרייער שאַפערישער שפּיל... די וועלט-שאַפנדיקע „חכמה״ איז נישט די גרונט-קראַפט, וואָס פירט דעם קינסטלערס האַנט אין בערגסאָנס אויפפאַסונג פון דעם וועלט-געשעען: דער קלאָרער שכל מיט זיינע געזעצן איז אַליין נישט מער ווי איינע פון דעם וועלט-קינסטלערס פאַרבן-שפּילערייען, וואָס האָט נאָר אַ ווינציקן באַטייט אין דעם גרויסן וועלט-בילד, וואָס ער מאָלט.

מיר האָבן אין דעם צווייטן קאַפּיטל זיך געשטעלט די פֿראַגע: ווי קומט דאָס, וואָס די מאָדערנע שכלדיקע וועלט איז, פֿון איר פֿונדאַמענט ביז צו די העכסטע פּראָדוקטן אין דער פֿילאָזאָפֿיע און קונסט, אַזוי פֿיינדלעך צו דעם קלאָרן שכל און זיינע מלכותדיקע געבאָטן? „ווי קאָן דער שכל קעמפֿן אַנטקעגן דעם שכל אין — וואָס איז דער שכל דערפֿון?"

מיר האָבן באַשלאָסן באַקאַנט צו ווערן מיט יענע וויכטיקסטע מאָמענטן אין דער אַנטוויקלונג פֿון דעם מאָדערנעם געדאַנק, וואָס האָבן פּאַרגעברייט און אַרויסגעבראַכט דעם נייעם געדאַנקענגאַנג. מיר האָבן זיך אַביסל לענגער אָפּגעשטעלט אויף דער געוואַלטיקער פֿילאָזאָפֿיע פֿון עמנועל קאַנט, וואָס איז באמת דער מקור פֿון אַלע „נייע בייעסן".

מיר האָבן געזען, ווי קאַנט האָט אויסגעפֿונען, אַז רוים, מאַטעריע, צייט, קויזאַליטעט און אַלע אַנדערע געזעצן, וועלכע דער מענטשלעכער שכל געפֿינט אין דער דרויסנדיקער וועלט, זענען נישט קיין זאַכן און פּראָצעסן, וואָס געפֿינען זיך אין דער דרויסנדיקער וועלט: ווייניקסטנס קאָן דער מענטשלעכער שכל קיינמאָל נישט וויסן, וואָס דאָרטן געפֿינט זיך. ער קאָן אָבער אויף זיכער דערגיין, אַז זיי זענען נישט קיין אַנדער זאַך, ווי פּראָדוקטן פֿון זיין, דעם מענטשנס, אייגענעם שאַפֿנדיקן גייסט.

זיי ווערן געבאָרן אומבאַוווסט אין דער שטיל פֿון דעם מענטשלעכן געמיט, ווערן פֿון אים אויך אומבאַוווסט פּאָרגעשטעלט, אַקוראַט, ווי זיי וואָלטן געווען דרויסן פֿון אים און דער קלאָרער שכל שכלט זיך וועגן זיי, ווי וועגן פֿרעמדע וועלט־זאַכן, וואָס האָבן צו אים קיין שייכות נישט.

דער מענטש באַשאַפֿט אומבאַוווסטערהייט די אייביקע פֿאָרמען און קאַטעגאָריעס פֿון זיין דערקענען און וויסן: צייט, רוים און אייביקע נויטווענדיקע געזעצמעסיקייט, אָבער אויף דעם־זעלביקן אופֿן באַשאַפֿט ער אויך די אייביקע פּרינציפּן פֿון זיין זעלן און האַפֿן: די אידייען פֿון פֿרייהייט, אומשטערבלעכקייט און אַ גערעכטן גאָט אין דער וועלט.

די יסודות פֿון דעם מענטשלעכן דערקענען און וויסן

וועלן אויף אייביק בלייבן רוים, צייט און נויטוועגדיקע געזעצ־מעסיקייט. די יסודות פון דעם מענטשלעכן וועלן און האָפן וועלן אויף אייביק בלייבן פרייהייט, אומשטערבלעכקייט און אַ „גאָט פון אמת וצדק".

די צוויי אַרטן אייביקע יסודות, ביידע אַרויסגעבראַכט פון דעם מענטשנס שאַפנדיקן גייסט, זענען סותר איינע די אַנ־דערע. וועלכע פון זיי איז אמת? אויב מען זאָל פאַרשטיין אונטער דעם וואָרט „אמת" עפּעס אַזוינס, וואָס ליגט דרויסן פון דעם מענטשן, זענען זיי ביידע נישט קיין אמת, וואָלט געצענט־פערט קאַנט. אייביקע געזעצמעסיקייט איז אַקוראַט אַזאַ מענטש־לעכע אויסטראַכטעכץ, ווי ווילנס־פרייהייט; רוים און צייט — אַקוראַט אַזאַ פּראָדוקט פון מענטשלעכן שאַפן, ווי דער געדאַנק וועגן אַ געטלעכער קראַפט, וואָס איז „למעלה מן המקום ומן הזמן".

אָבער זיי זענען ביידע אמת, ווען מען זאָל אונטער דעם וואָרט פאַרשטיין דאָס, וואָס דער מענטש איז געצווונגען אָנצו־נעמען ווי אַן אמת לויט די געזעצן פון זיין נאַטור.

אין דעם געוויינלעכן לעבן באַמערקט נישט דער מענטש די טיפע סתירה צווישן די צוויי יסודות פון זיין עצם, און אַרבעט אויף ביידע כּלים. יאָגט ער זיך נאָך דערקענטעניש און וויסן, וועט ער אַלעמאָל אַרבעטן מיט די כּלים פון קויזאַליטעט און אַזוי אַרום באַפרידיקן די באַדערפעגישן פון זיין קלאָרן שכל. וויל ער עפּעס טאָן פּראַקטיש, דעמאָלט באַטראַכט ער זיך, אַקוראַט ווי ער וואָלט געהאַט אַ פרייען ווילן, וואָס קאָן אָנ־הויבן אויפטאָן מעשים פון זיך אַליין און דורכרייסן די אייבי־קע קויזאַליטעט.

ערשט, ווען דער מענטש הויבט אָן צו פילאָזאָפירן, אָפּצוגעבן זיך אַ דין וחשבון וועגן זיין אייגענער גייסטיקער וועלט, אַריינבערעגנגען אין איר איינהייט און האַרמאָניע, ערשט דעמאָלט באַמערקט ער, אַז די צוויי אַרטן כּלים, מיט וועלכע ער אַרבעט, קאָנען נישט פאַראייניקט ווערן אינאיינעם אויף דעם

יסוד פון גלייכע רעכט, און עס וואַקסן אַרויס אייביקע סכסוכים אין דעם פילאָזאָפישן געדאַנק.

ווי זאָלן די סכסוכים אויסגעמיטן ווערן? וואָס זאָל זיין דעם מענטשנס געדאַנק וועגן דער וועלט? „ווערט זי באַהערשט פון די גרונט-פּרינציפּן, וועלכע אונזער טעאָרעטישער אינ-טערעס האָט אַרויסגעבראַכט, — די גרונט-פּרינציפּן פון מאַטע-ריע, פּאַסיוויטעט, פון אייביקע אורזאַכן און ווירקונגען? אָדער הערשן אין איר די גרונט-פּרינציפּן, וועלכע אונזער פּראַקטי-שער אינטערעס האָט אַרויסגעבראַכט, — די גרונט-פּרינציפּן פון פרייען ווילן, אַקטיוויטעט און געטלעכע גערעכטיקייט"?

ביי אָט דער פראַגע זענען מיר געבליבן שטיין אין דעם לעצטן קאַפּיטל.

דער ענטפער, וואָס קאַנט גיט אויף דער וויכטיקסטער פילאָזאָפישער פראַגע איז אַזאַ:

קודם איז קלאָר, אַז דער מענטש קאָן בשום אופן נישט וויסן, וועלכע גרונט-פּרינציפּן עס הערשן אין דער וועלט, דרויסן פון זיין דערקענטעניש, ווייל אַפילו ווען די וועלט וואָלט געקאָנט רעדן צו אים, געבן אים וועלכע עס איז צייכנס און רמזים פון איר אינעווייניקסטן מהות, וואָלטן יענע צייכנס און רמזים געמוזט דורכגיין דורך די אייביקע פורעמס פון זיין מענטשלעכן וויסן, וואָלטן זיך געמוזט איינקליידן אין זיינע מענטשלעכע אויסטראַכטונגען פון רום, צייט און קויזאַליטעט. און אויף אַזאַ אופן וואָלט ער ווידער געהאַט פאַר זיך נישט די שפּראַך פון דער נאַטור, נאָר די שפּראַך פון זיין אינעווי-ניקסטן מהות, וועלכע ער נעמט אָן פאַר דער שפּראַך פון דער נאַטור.

הייסט עס, די פראַגע קאָן נאָר זיין: אין וואָס זאָל דער מענטש גלויבן וועגן דער נאַטור, וועגן דער גרויסער וועלט דרויסן פון אים? גלויבן קאָן אים קיינער נישט פאַרווערן, אין וואָס ער וויל. אָבער גלויבן אין ביידע גרונט-פּרינציפּן אין דערזעלביקער צייט, — אי אין שטרענגער געזעצמעסיקייט, אי

אין ווילנס־פרייהייט, — איז אוממעגלעך. איינער פון אַט די איי־ביקע מענטשלעכע יסודות מוזן מיר געבן די בכורה.

ווען מיר אָננעמען אין אונזער גלויבן, אַז די וועלט איז געבויט אויף די יסודות פון שטרענגער קויזאַליטעט, אומבארחמנותדיקער געזעצמעסיקייט, וועלן מיר דעמאָלט מוזן אונ־זער אייגענע פרייהייט, אונזער גאַנצע בענקשאַפט נאָך אומשטערבי־לעכקייט, נאָך אַ געטלעכער מאַכט אין דער וועלט דערקלערן פאַר אַ דמיון, פאַר אַ נויטוועדיקער אילוזיע פון אונזער וועלן און האָפן, ד. ה., פאַר אַזאַ אילוזיע, וואָס מוז תמיד באַשאַפן ווערן אין אונז, ווי נאָר מיר גיבן זיך איבער צו די אינטערעסן פון וועלן און האָפן.

און צוריק ווידער: אויב מיר וועלן באַשליסן אָנצונעמען אין אונזער גלויבן, אַז דער תוך פון דער וועלט איז פרייהייט, אַז מיר אַליין זענען אַ טייל פון דער וועלט און ממילא פריי; אַז אין איר הערשט אַ געטלעכע גערעכטע מאַכט, וואָס אַ דאַנק איר גערעכטיקייט זענען מיר אומשטערבלעך, וועלן מיר דעמאָלט די געדאַנקען פון אייביקער אומפאַרענדערלעכער געזעצמע־סיקייט מוזן דערקלערן פאַר אַ דמיון, פאַר אַ נויטווענדי־קער אילוזיע, וואָס מוז תמיד אַרויסשפּרינגען אין אונז, ווי נאָר מיר גיבן זיך איבער צו די אינטערעסן פון דערקענען און וויסן.

וועמען פון די צוויי ווידערשפּרעכנדיקע יסודות אין זיין מענטשלעכן מהות זאָל דער מענטש געבן די בכורה אין זיין גלויבן?

אין דעם ענטפער אָט אויף דער לעצטער, אַנטשיידנדיקער פראַגע ווייזט זיך אַרויס קאַנטס איינגרייפנדיקע ווירקונג אויף דער אַרויסברענגונג פון דעם נייעם געדאַנקענגאַנג.

V

דער מענטש וואָלט אפשר אייביק געמוזט שטיין על פרשת דרכים, ניִשט וויסנדיק וועמען צו געבן די בכורה, ווען די איי־

טערעסן פון ריינעם וויסן און דערקענען וואָלטן געהאַט פאַר אים די גלייכע וואָג, ווי די אינטערעסן פון ווען און האָפן.

דער מענטש אָבער איז לויט זיין נאַטור נישט קיין טעאָרעטיקער, נאָר אַ פּראַקטיקער, נישט דער קלאָרער פאַרשטאַנד האָט אויף אים די אויבערמאַכט, נאָר ער, דער פּראַקטישער ווילן, מיט זיינע נוצלעכקייטס-צוועקן און מאָראַלישע אידעאַלן, מיט דעם שטרעבן נישט נאָך דעם ריינעם אמת, נאָר נאָך דעם העכסטן תכלית פאַר זיך און די מיטמענטשן.

די אינטערעסן פון דעם „פּראַקטישן שכל״, ווי קאַנט רופט אָן דעם ריינעם מענטשלעכן ווילן, האָבן די אויבערהאַנט ביי דעם מענטשן, ציען תמיד די שאָל פון דער וואָג אויף זייער זייט.

און זיי זאָלן דאָס טאָן, ווייל אין דערין ליגט די גאַנצע חשיבות פון דעם מענטשן, וואָס ער שטעלט זיך אַלץ העכערע צילן און שטרעבט אין פרייהייט צו דערגרייכן זיי; וואָס ער באַטראַכט זיך אַליין, ווי אַ פרייטעטיקע קראַפט, וועלכע שעפט אירע באַפעלן נאָר פון זיך אַליין, וויל נישט וויסן פון קיינע געבאָטן דרויסן פון איר און פאַרווירקלעכט נאָר איר אייגענעם ווילן.

דער מענטש זאָל דעריבער געבן די בכורה צו די אינטערעסן פון דעם „פּראַקטישן שכל״, צו די אידייען פון פרייהייט, אומשטערבלעכקייט און געטלעכקייט; בעת די יסודות פון זיין „טעאָרעטישן שכל״, די פּרינציפּן פון קויזאַליטעט, אייביקע נאַטור-געזעצן, שטרענגע נויטווענדיקייט אין אַלע פּאַסירונגען פון דעם וועלט-אַל דאַרף דער מענטש באַטראַכטן אין זיין גלויבן, ווי אַ נויטווענדיקע אילוזיע פון זיין טעאָרעטישער טעטיקייט.

דאָ קאָנען מיר פאַרלאָזן קאַנטס פילאָזאָפישן געדאַנקענגאַנג. מיר האָבן שוין דעם וויכטיקסטן מאַטעריאַל פאַר דער אָפּשאַצונג פון זיין ראָלע אין דעם אונז אינטערעסירנדיקן ענין.

קודם כל זעען מיר, ווי אין קאַנטס „קריטיק פון דעם ריינעם שכל״, — אַזוי רופט זיך דאָס גרונט-ווערק פון זיין בייער

סיסטעם פון דער פילאָזאָפיע, — זיצט דער קלאָרער שכל צו משפט איבער דעם קלאָרן שכל.

דער קלאָרער שכל פרעגט ביי דעם קלאָרן שכל א דין וחשבון פאר אלע זיינע מעשים. וואָס איז דער זין פון זיינע געזעצן און געבאָטן? פונוואַנען האָט ער זיי גענומען? פאר־וואָס זאָל אַלץ זיך מוזן בויגן אונטער זיי און אָנערקענען זיי־ער איבערהערשאַפט איבער זיך?

דער קלאָרער שכל הויבט זיך דאָ אויף העכער פאר זיך אליין און מוסטערט דורך מיט אַ שאַרפער קריטיק זיין אייגענע טבע און די פרינציפן פון זיין אייגענעם טאָן.

און מיר פאַרשטייען אויך דעם שכל דערפון.

דער מענטש אין קאַנטן, דער וועלנדיקער, שטרעבנדיקער מענטש איז אומצופרידן מיט די געבאָטן פון זיין אייגענעם קלאָרן פאַרשטאַנד; דער פאַרשטאַנד פאַראורטיילט אים צו זיין אַ זעמדעלע אין דעם גרויסן ווילדן מדבר פון דער וועלט, — אין דעם מדבר, אין וועלכן עס איז נישטאָ קיין איין פונק פון רחמים און יושר, ווו עס הערשט דער אָנגעגליטשער סאַמום פון אייביקער גויטווענדיקייט. ער, דער מענטש, וויל נישט זיין קיין זעמדעלע אין אַ וועלט־מדבר. ער, דער מענטש, וויל אַליין זיין אַ וועלט, זיין, לכל הפחות, שקול כנגד אַ וועלט, און ער פרעסט זיך איין מיט זיינע שאלות און טענות אין דעם קלאָרן פאַרשטאַנד, איז אים חוקר ודורש אין אַלע זיינע פאַר־באָרגנסטע ווינקעלעך, ביז יענער מוז זיך אַליין מודה זיין, אַז די גאַנצע מעשה מיט דעם וועלט־מדבר און דער מדבר־וועלט האָט ער אַליין בשתיקה אויסגעטראַכט, אַליין נישט וויסנדיק דערפון...

אַזוי ווערט דער מענטש אויס זעמדעלע אין דעם וועלט־מדבר. פאַרקערט: די גאַנצע מדבר־וועלט, מיט אירע שטרענגע אייביקע געזעצן ווערט נישט מער, ווי אַ טייל פון דעם מענטשנס פרייען גייסטיקן שאַפן.

די געבאָטן פון דעם קלאָרן פאַרשטאַנד טראָגן אַרויס אַ חייב מיתה דער מענטשלעכער נשמה. איז דער מענטש אומצו־

פרידן. און ער זאָגט זיך: „סוף־כל־סוף איז דאָך דאָס נישט קיין שפּילעכל, דער „נעם־און־שטאַרב־אַוועק" אויף אייביק! דאָ שפּילט מען זיך מיט דעם לעבן! ווער טראָגט מיר אַרויס אַ חייב מיתה? „מי הוא זה ואיזה הוא", אָט דער גאַנצער קלאָרער פאַרשטאַנד? אויף דעם גרונט פון וועלכע געזעצן טראָגט ער מיר אַרויס אַ חייב מיתה? פון וואַנען ווייסט ער, אַז מיין אומשטערבלעכקייט איז אַן אוממעגלעכע זאַך? ווער האָט אים דערציילט וועגן די גרענעצן פון מעגלעך און אוממעגלעך?"

און ווידער הויבט זיך אָן די שטרענגע חקירה ודרישה, דאָס גאָכשפּיאָנירן דעם פאַרשטאַנד אויף יעדן שריט און טריט, ביז קאַנט געפינט אויס זיינע וואָרצלען אין דעם אומבאַוווסט־שאַפנדיקן מענטשלעכן געמיט.

דאָ האָט ער אים, וו ער האָט אים געוואָלט האָבן...

און ווי אַ רעזולטאַט פון קאַנטס „קריטיק פון דעם ריינעם שכל" וואַקסן אַרויס פּרינציפּן און געזיכטס־פּונקטן, וואָס שפּילן אַזאַ געוואַלטיקע ראָלע אין דעם גאַנצן נייעם געדאַנקענגאַנג.

דער אַלטער געדאַנקענגאַנג, וואָס האָט אַלץ געבויט אויף דעם שכל און זיינע געבאָטן, האָט באַטראַכט דעם שכל, ווי דעם „כל יכול" אין דער מענטשלעכער דערקענטעניש, ווי דעם איינציקן סוווערען, וואָס דרינגט אַריין אין אַלע סודות פון דעם וועלט־אַל, פאַר וועמען עס מוזן זיך פריער אָדער שפּעטער עפענען אַלע טירן און טויערן פון דעם גאַנצן באַשאַף. לויט קאַנטס „קריטיק" קומט אויס, אַז דער טעאָרעטישער שכל איז נישט דער איינציקער באַלעבאָס אין אונזער גייסטיקן שאַפן. עס זענען דאָ אין אים נאָך אַנדערע אינטערעסן און גייסט־שטרעבונגען, וואָס זענען נישט מחויב צו בויגן זייער קאָפּ אונטער דעם שכלס געבאָטן. און זיין גאַנצע קראַפט איז זייער אַ באַגרענעצטע. ער קאָן קיין איין שריט נישט מאַכן דרויסן פון זיך אַליין. ווי נאָר ער וויל מאַכן אַזאַ שריט, אַזוי שטויסט ער זיך אָן מיט זיין קאָפּ אָן דער וואַנט פון יענע דמיונות, וועלכע ער האָט אַליין אַרויסגעבראַכט און וועלכע ער קאָן נישט דורכ־רייסן.

דער אַלטער געדאַנקענגאַנג האָט געגלויבט דעם שכל אויפן וואָרט, אַז ער איז ריין־אָביעקטיוו, אַז ער פאָרשט אויס די וועלט אָן אַ שום פּניה און אַז אין זיין פאָרשן איז ער רואיק, פּאַסיוו, זעט נאָר אָפּצושפּיגלען די וועלט ריכטיק, ווי זי איז. זיינע רעזולטאַטן זענען אויסגעפינונגען, אַנטדעקונגען.

קאַנטס פאָרשן פירט צו דעם רעזולטאַט, אַז די מענטשלעכע דערקענטעניש איז נישט אָביעקטיוו, נאָר סוביעקטיוו; תמיד אַרבעט זי אונטער דער שליטה פון אַ פּניה, פון אַן אינטערעס, וואָס באַשטימט דעם גאַנג און דעם רעזולטאַט פון דעם כּלומרשט קאַלטן, נישט־פאַראינטערעסירטן דערקענען, און זי איז נישט קיין פּאַסיווער פּראָצעס, נישט קיין רואיק שטייענדיק וואַסערל, אין וועלכן עס שפּיגלט זיך אָפּ אידיליש די אַרומיקע וועלט. זי איז אַן אַקטיווע טעטיקייט, אַ שטענדיקער זיך־פאַרווירקלעכן, אַ שטענדיקער זיך־גופא־אויפבויען, און אויב מען זאָל שוין פאַרגלייכן מיט אַן אָפּשפּיגלענדיקן וואַסער, איז דאָס אַ פון אינעווייניק אויפגעברויזטער ים, אין וועלכן די דרויסנוועלט ווערט אַלע ווייל איבערגעבראָכן אָן די צעבראָכענע ליניעס פון זיינע אַלץ נייע און נייע וואַלן.

זיינע רעזולטאַטן זענען דעריבער נישט קיין אויסגעפינונגען און אַנטדעקונגען, נאָר ניי־באַשאַפונגען, אויפבויאונגען, דערפינדונגען.

דער אַלטער געדאַנקענגאַנג איז געווען זיכער, אַז פאַר אים ליגן קלאָר די וועגן פון דעם מענטשלעכן גייסטיקן שאַפן, ווי די מאַטעמאַטיש־פּינקטלעכע באַוועגונגס־ליניעס פון די פּלאַנעטן אויפן הימל.

אַלץ, וואָס מיר פאַרמאָגן אין אונזער גייסטיקער וועלט, קאָן באַשריבן ווערן אין וויסנשאַפטלעכע טערמינען, קאָן פאַנאַנדערגעלייגט ווערן אין זיינע איינפאַכע איינצלנע עלעמענטן, קאָן ווידער צונויפגעשטעלט ווערן און איינגעטיילט ווערן אין די קאַטעגאָריעס פון אונזער קלאָרן, דורכזיכטיקן נשמה־לעבן: אַלץ אין אונז איז אָדער אַן עמפּפינדונג אָדער אַ געפיל, אָדער אַ פאָרשטעלונג, אָדער אַ ווילנס־שטרעבונג, אָדער אַ מער־ווייניקער

צונויפגעמישטער, מער-ווייניקער צונויפגעפרעסטער פּראָדוקט פון אַט די איינפאַכע איינצלנע פּסיכישע טייל-דערשיינונגען.

לויט קאַנטן קומט אויס, אַז אַט די אַלע קלאָרע און דורכזיכטיקע נשמה-פּראָצעסן זענען נישט מער ווי דער אויבערשטער באַלויכטענער טייל פון אַ טונקעלן **אומבאַוווסטן גייסטיקן פּראָצעס**, וואָס אַרבעט אויף אַן אופן, וועלכן מיר קאָנען נישט קאָנטראָלירן. קאָנען מיר דען באמת פאַרשטיין, **ווי אַזוי** מיר פאַרוואַנדלען די שטראַלן, וואָס ליגן **אויף** דער אויבערפלאַך פון אַ שפּיגל, אין אַן אויסגעשפּרייטן חלל, וואָס ליגט **הינטער** דעם שפּיגל און וועלכן **מיר זעען מיט אונזערע אייגענע אויגן**, ווען אַפילו דער שכל איז אונז מזהיר און אונזערע פינגער קאָנען אָנטאַפּן,—אַז יענער חלל איז גאָר אויף דער וועלט נישטאָ?

אַ טונקעלער שטראָם פון אומבאַוווסטן שאַפן, וואָס ברענגט אַרויס וועלטן פון זיך איז אונזער גייסט, און נישט מיר קאָנען אויסמעסטן זיין טיף, און נישט מיר קאָנען האָבן אַ השגה וועגן יענעם מקור, פון וועלכן ער שלאָגט אַרויס, ווי אַ קוואַל, און פאַרפלייצט זיך ווי אַ ים.

אָבער **שוין דאָס** שפּירן מיר, ווי נאָר מיר באַרירן זיין סודותפולן טונקל, אַז ער איז אַ סך, אַ סך **רייכער**, איידער די רייכסטע פון זיינע פּראָדוקטן, וועלכע ער באַלויכט מיט דעם שיין פון באַוווסטזיניקייט.

ווייטער.

די וועלט, וועלכע דער אַלטער געדאַנקענגאַנג האָט אויפגעבויט, — די וועלט, אין וועלכער דער קלאָרער פאַרשטאַנד שפּאַצירט אַרום אַזוי זיכער און פריי, — איז אין תוך אַריין אַן **ענגע** וועלט, אויף יעדן שריט און טריט שטויסט מען זיך אָן **גרענעצן**. **מעגלעך** איז נאָר דאָס, וואָס ליגט אין די גרענעצן פון די וועלט-געזעצן.

און אויך דאָס איז נישט ריכטיק אויסגעדריקט. אין דער וועלט, וועלכע דער קלאָרער פאַרשטאַנד האָט, לויט זיינע געבאָטן, אויפגעבויט, זענען איבערהויפּט נישטאָ קיין מעגלעכקייטן. אַלץ איז דאָרטן אויסגעשמידט פון אייביק-באַשטימטע **ווירקלעכ**-

קייטן, דער גאַנצער סכום פון מאַטעריע און באַוועגונג, ד. ה., דער גאַנצער תּוך פון דער וועלט, איז שוין דאָ פון אייביק אָן. קיין איין אַטאָם־סובסטאַנץ קאָן נישט פאַרשווינדן און קיין איין אַטאָם קאָן נישט צוקומען; קיין איין מאָס פון באַוועגונג, ווי קליין די מאָס זאָל נישט זיין, קאָן נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַבסאָלוטער רו, און פון אַן אַבסאָלוטער רו קאָן קיינמאָל און אונטער קיינע אומשטענדן נישט אַרויסשפּראָצן אַ באַוועגונג. „עקס ניהילאָ ניהיל!“ פון גאָרנישט קאָן גאָרנישט אַרויסקומען.

באַשאַפן אַ יש מאין איז אַ ווונדער, און ווונדער קאָנען נישט געשען. די וועלט, אין איר גאַנצער אומענדלעכקייט, זאָגט דער פאַרשטאַנד, איז אַ פון אייביק־אָן פאַרטיקע, אַן איינמאָל־פאַר־אַלעמאָל „געגעבענע“, אַן „אָפּגעציילטע און אויסגעמאָסטענע“... ערשט שפּעטער האָט מען זיך געכאַפּט, אַז אומענדלעכקייט קאָן קיינמאָל נישט זיין אַ פאַרטיקע, אַן „אָפּגעציילטע און אויסגעמאָסטענע“...

על־כּל־פּנים איז די וועלט, וועלכע די מעכאַניש־מאַטעמאַטישע וועלטאָנשויאונג מאָלט אויס, אַן ענגע וועלט פון פאַרטיקע ווירקלעכקייטן, וואָס קייטלען זיך אַרויס איינע פון די אַנדערע, קייטלען זיך אַריין איינע אין די אַנדערע, און קיין מאַכט אין דער וועלט קאָן נישט איבעררייסן און פאַנאַנדערנעמען זייער שטאָלענע פאַרקייטלונג.

מיט דעם באַווייז, אַז די אַלע אַזוי־אָנגערופענע געזעצן פון דער נאַטור זענען אין תּוך אַריין די געזעצן פון דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד און אַז עס איז נישט קיין מוז פאַר דער נאַטור נאָכצוטאַנצן נאָך זיי, עפנט קאַנט אויף אַן אויסבליק נישט נאָר פאַר דער ווירקלעכקייט פון פרייהייט אין דער נאַטור, נישט נאָר פאַר דער מעגלעכקייט, אַ גערעכטע געטלעכע מאַכט זאָל געוועלטיקן אין איר, נאָר אויך פאַר אַן אומבאַגרענעצטער צאָל פון אַנדערע „מעגלעכקייטן“, וואָס גייען להיפּך צו דעם פאַרשטאַנדס געבאָטן.

דענקער, וואָס האָבן אָפּגעשליפן די שאַרפע קאַנטן פון דעם געזונטן „מענטשנפאַרשטאַנד“ אַן קאַנטס פעלזנפעסטער „קרי־

טיק פון דעם ריינעם שכל", וועלן זיך שוין מער נישט דערשרעקן, ווען זיי וועלן קומען אין זייער דענקען און פאָרשן צו רעזול־טאַטן, וואָס שטעלן אַוועק דעם „געזונטן מענטשנפאַרשטאַנד" מיט אַלע זיינע געבאָטן אויף דעם קאָפּ.

העגעל און קאַרל מאַרקס און פרידריך הענגעלס און דער כעמיקער קאַרל שאָרלעמער וועלן זיך נישט דערשרעקן פאַר דעם געדאַנק, אַז יעדע זאַך אין דער נאַטור טראָגט איר אייגענעם ווידערשפרוך אין זיך גופא; אַז יעדע זאַך איז אין יעדן פרט אַ „יאָ" און אַ „ניין" אין איין און דערזעלביקער צייט. ריעמאַן און לאָבאַטשעווסקי וועלן קיין מורא נישט האָבן צו דערקלערן, אַז דער וועלט־חלל האָט אַ סך מער אויסמעסטונגען, איידער נאָר די דריי, וואָס מיר, מענטשן, נעמען אויף: די לענג, די ברייט און די טיף.

און אַן איינשטיין וועט אַ ברעקל נישט נתפעל ווערן, ווען ער וועט אין זיינע וויסנשאַפטלעכע אויסרעכענונגען זיך פלוצלונג אָנ־שטויסן אָן דעם רעזולטאַט, אַז „פון איין זייט וועג — שבת, פון דער אַנדער זייט וועג — שבת און אין־דער־מיטן, ווו דער רבי פאָרט, איז אין־דער־וואָכן".

פאַר דעם אַלטן געדאַנקענגאַנג איז געווען אַבסאָלוט נויטיק צו זיין זיכער, אַז דעם פאַרשטאַנדס געזעצן זענען אַבסאָלוטע געזעצן, אַז די אמתן, וואָס ער ברענגט אַרויס זענען אַבסאָלו־טע אמתן, אָן אַ שום שייכות צו דער גייסטיקער קראַפט וואָס ברענגט זיי אַרויס. „פון גאָרנישט קאָן גאָרנישט אַרויסקומען" — איז אַן אַבסאָלוט־ריכטיקער געדאַנק פאַר דער גאַנצער וועלט, — אַלץ איינס, צי אַ מענטשלעכער שכל ברענגט אים אַרויס, אָדער אַ געטלעכער; אַלץ איינס, צי ער ווערט איבערהויפּט געטראַכט אָדער נישט.

קאַנט האָט, ווי קיינער פאַר אים און נאָך אים, טיף איינ־געפונדעוועט איינע פון די וויכטיקסטע זיילן פון זיין געבוי, די זייל פון רעלאַטיוון, פון אייביקע „לפי־ערכקייט". נישטאָ פאַר דעם מענטשן קיין אַבסאָלוטע אמתן. „פון גאָרנישט קאָן גאָרנישט אַרויסקומען" איז נישט קיין געזעץ, וואָס הערשט אין

דער וועלט, נאָר אַ געדאַנק, וואָס ווערט אַרויסגעבראַכט און אָנ־
גענומען פון אַ מענטשלעכן פאַרשטאַנד אין דעם פּראָצעס פון
אַ מענטשלעכער דערקענטעניש: ער איז אַ דערקענטעניש־אַקט.
וואָס יענער געדאַנק שטעלט מיט זיך פאָר דרויסן פון דער
מענטשלעכער דערקענטעניש איז אַן אומזין צו פרעגן: דרויסן
פון דער דערקענטעניש איז אַ דערקענטעניש־אַקט אַ גאָרנישט.

ועל כולם האָט קאַנט געהאָלפן דער אויסאַרבעטונג פון
דעם נייעם געדאַנקענגאַנג דורך דעם, וואָס ער האָט פּראָקלאַמירט
די אויבערמאַכט פון דעם „פּראַקטישן שכל" איבער דעם „טעאָ־
רעטישן". זיין געדאַנק, אַז ווי טייער דעם מענטשן זאָל נישט
זיין זיין טעאָרעטישע דערקענטעניש, זענען אים זיינע „פּראַק־
טישע" אינטערעסן, זיינע לעבנס־ציל ן, — די נידעריקערע און
די גאָר הויכע, — נאָך טייערער איידער די גאַנצע טעאָריע
מיט דער גאַנצער וויסנשאַפט. דער געדאַנק האָט זיך געמוזט
דורכשטופּן אַ וועג דורך דער גאַנצער פילאָזאָפישער אַנטוויקלונג
פון דעם ניינצנטן יאָרהונדערט, דעראָבערן איין פּאָזיציע נאָך
דער אַנדערער, ביז ער איז געקומען צו זיין פולער הערשונג
ביי די דענקער פון דעם נייעם געדאַנקענגאַנג: ביי אַ מיכאַי־
לאָווסקי, אַ וויליאַם דזשעמס (און די אַנדערע פּראַגמאַטיקער),
ביי אַ בערגסאָן.

נאָר נישט קוקנדיק דערויף, וואָס קאַנט האָט אויסגעאַרבעט
אַזוי פיל וויכטיקע פּרינציפּן און געזיכטספּונקטן פאַר דעם מאָ־
דערנעם, אַנטי־ראַציאָנאַליסטישן געדאַנקענגאַנג, קאָן מען אים —
קאַנטן, מיין איך — בשום אופן נישט צורעכענען צו יענע דענ־
קער, וואָס האַלטן ווערן איינגאַנצן אַנטקרוינען דעם קלאָרן טעאָרע־
טישן שכל.

איך האָב שוין אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל דערמאָנט, אַז
אין די נאַטורוויסנשאַפטן, ווי אין די עמפּירישע וויסנשאַפטן
בכלל, איז קאַנט — דער פאָרלויפער פון לאַפּלאַסן און דאַרווי־
נען — געווען, אַזויצוזאָגן, דער „פּרימסטער" דערפאַרונגס־פי־
לאָזאָף, פאַר וועמען די גרונט־פּרינציפּן פון דער מאַטעמאַטיש־
מעכאַנישער נאַטורוויסנשאַפט זענען געווען הייליקע געבאָטן,

װעלכע האָבן נישט געטאָרט אַריבערגעטראָגן װערן אין דער פּאָרשונג.

ס'איז אמת, ער האָט געעפנט אומבאַגרענעצטע פּערספּעק־טיװן פאַר אַזעלכע „מעגלעכקייטן”, װאָס זענען פון אַ װיסנ־שאַפטלעכן שטאַנדפּונקט פשוט אויסגעשלאָסן. אָבער ער האָט קיינמאָל נישט פאַרגעסן מזהיר צו זיין, אַז די אַלע מעגלעכ־קייטן פון װילנס־פרייהייט, אומשטערבלעכקייט און גאָטהייט זענען נאָר מעגלעכקייטן פאַר דעם *גלויבן און האָפן*, אָבער בשום אופן נישט פאַר דעם *װיסן און דערקענען*.

אויף דעם שטרענגסטן אופן האָט ער געפאָדערט, מען זאָל נישט צונויפמישן די צװיי פּרשיות. ער האָט געהאָפט, אַז װיבאַלד די „פּראַקטישע” אינטערעסן פון דער מענטשלעכער נשמה װעלן באַקומען זייער גערעכטע באַפרידיקונג אין די עולמות פון גלויבן, האָפן און שטרעבן צו די העכערע מענטש־לעכע צילן, װעלן זיי לאָזן צורו די טעאָרעטישע פעלדער פון דעם מענטשלעכן גייסט, װעלן נישט פאַרפלאַנצן אַהין קיין איין נישט פאַסנדיקן קערנדל. װייל אויף דעם פעלד פון *װיסנ־שאַפט*, פון קלאָרן שכלדיקן דענקען און פאָרשן, מוזן אַזעלכע קערנדלעך זיך פאַנאַנדערפלאַנצן אין משונהדיקע, *גיפטיקע* געװיקסן.

אַזוי האָט קאַנט ביז אין זיין טיפסטע עלטער געקעמפט אַנטקעגן *יעדן אַרט מיסטיציזם*, יעדן באַשטרעבן אַריינ־צומישן די איבערנאַטירלעכע װעלט אין דעם שטרענגן, מאַ־טעמאַטיש־באַשטימטן גאַנג פון די נאַטור־דערשיינונגען. דער ספּי־ריטיזם פון אַ דזשעמס, ראָסעל אוּאַלעס (דעם מיטבאַשאַפער פון דעם דאַרוויניזם), קרוקס, לאָמבראָזאָ און די אַנדערע גדולים פון דעם מאָדערנעם װיסנשאַפטלעכן דענקען װאָלט אַרויסגערופן פון זיין זייט דעמזעלביקן שאַרפן פּראָטעסט, מיט װעלכן ער האָט באַגעגנט דעם מיסטיציזם פון אַ סװעדענבאָרג.

עס װאָלט געװען אומגעהייער אינטערעסאַנט אויסצופאָרשן די שטעלונג פון קאַנטס קריטישער פילאָזאָפיע, װי אַלע יענע

„משוגעתן״ פון דעם נייעם געדאַנקענגאַנג, וואָס איך האָב אויס־געדערעכנט אין דעם ערשטן קאַפּיטל.

דאָס וואָלט אונז אָבער אַוועקגעפירט צו ווייט. שוין די אויפגאַבע — אויסצובאַלאַנסירן דעם פילאָזאָפישן חשבון צווישן קאַנטן און דעם מאָדערנעם פּראַגמאַטיזם, וואָס ווייסט, אַז קאַנט איז זיין קעגנער און וואָס פאַרשטייט פונדעסטוועגן, אַז זיינע בנינים זענען אויפגעבויט אויף אַ קאַנטישן פונדאַמענט, — שוין די אויפגאַבע אַליין, זאָג איך, וואָלט באַדאַרפט אַ באַזונדער בוך.

איך וויל דאָ אָנרירן נאָך אַ פּאָר ביישפּילן: פון זיי קאָן מער־ווייניק קלאָר ווערן, ווי אַזוי יענער גיגאַנטישער גייסט, וואָס האָט אַרויפגעלייגט זיין שטעמפּל אויף דער גאַנצער פילאָ־זאָפיע פון נייננצנטן און דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, וואָלט זיך באַדאַרפט שטעלן צו דער אָדער יענער איינצלנער „משוגעת״.

אויבן האָבן מיר באַמערקט, אַז די „פאַן־געאָמעטריע״ פון אַ ריעמאַן און לאָבאַטשעווסקי, מיט אירע פילפאַכע אויסמעסטונ־גען פון דעם שטח, איז מעגלעך געוואָרן, אַ דאַנק קאַנטס געדאַנק, אַז דער דריי־דימענזיאָנאַלער רוים, וועלכן די מענטשלעכע חושים „באַנעמען״, איז נישט קיין מוז פאַר דער נאַטור. די נאַטור קאָן האָבן אַ סך אַנדערע מעגלעכקייטן, וואָס לייגן זיך נישט אויף אונזער מענטשלעכן שכל.

פון אַ קאַנטישן שטאַנדפּונקט קאָן מען בשום אופן נישט אָפּלייקענען די מעגלעכקייט פון חושים, וואָס זאָלן האָבן אַן אַנדער טבע, איידער די מענטשלעכע, און וואָס וואָלטן קאָנען „באַנעמען״ אַ פיר, פינף, אָדער נאָך מער־דימענזיאָנאַלן רוים. ריעמאַן האָט דאָס גאַנץ גוט געוווּסט און האָט דאָס אַריינגע־צויגן אין זיין חשבון: אונזער רוים איז נישט קיין אַבסאָלו־טער, נאָר אַ רעלאַטיווער, אַ ריין מענטשלעכער.

ווי וואָלט זיך קאַנט באַצויגן צו דער פאַן־געאָמעטרי־שער לערע פון די פילפאַכע דימענזיעס?

ער וואָלט געזאָגט: מיר מענטשן „באַנעמען״ דעם דריי־דימענזיאָנאַלן רוים, ווייל אונזערע חושים באַשאַפן אין דער

שטיל אַ דריי־דימענזיאָנאַלע רוימלעכקייט, אין וועלכער זיי נעמען אויף, ווי אין אַ פורעם, דעם אינהאַלט פון אַ וועלטלעכן פּראָצעס, מאַכן דעם וועלטלעכן פּראָצעס פאַר אַן עמפּירישע רעאַליטעט, פאַר דערשיינונגען פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש.

די גאַנצע רוימלעכקייט איז אַ „טראַנסצענדענטאַלער" אַי־בער־עמפּירישער אומבאַוווסטער אויסטראַכט, כדי צו מאַכן מעגלעך די עמפּירישע רעאַליטעט.

צו וואָס נאָך באַוווסטערהייט פאַרגרעסערן דעם אויסטראַכט מיט צו־טראַכטונגען? וואָס געווינען מיר דורך דער אויסטראַכטונג פון נייע דימענזיעס, וואָס קאָנען פון אונז בשום אופן נישט אויפגענומען ווערן אין אונזער מענטשלעכער עמפּירישער רעאַליטעט, וואָס וועלן קיינמאָל נישט ווערן קיין „אינהאַלט פון מענטשלעכער דערפאַרונג"?

און צוליב וואָס נאָך מאַכן אַזעלכע אויסטראַכטונגען, וואָס עפענען טיר און טויער פאַר אַלע פאַנטאַסטישע חלומות און שגעונות פון מיסטיקער און ספּיריטיסטן?

און ענלעך וואָלט געווען קאַנטס שטעלונג צו איינשטיינס רעוואָלוציאָנערע טעאָריעס וועגן דער צייט, אויב יענע טעאָריעס וואָלטן נישט זיין דיקטירט דורך די אינטערעסן פון דער וויסנשאַפטלעכער דערפאַרונג גופא.

צייטלעכקייט, וואָלט קאַנט געטענהט, איז בכלל אַ שטילער אויסטראַכט פון אונזער אינעווייניקסטן חוש. זי, די צייטלעכקייט, איז די באַזיס פאַר דער קאַוזאַליטעט, פאַר דעם געדאַנק פון אייביקער געזעצמעסיקייט, פאַר יענער געדאַנקען־פאָרם, אין וועלכער מיר, מענטשן, מוזן אויפנעמען די פון אונז געשאַפענע עמפּירישע רעאַליטעט.

צוליב וואָס פאַנאַנדעררייסן דעם געזעצמעסיקן, זיך גופא אייביק גלייכן לויף פון דער צייט? צוליב וואָס פאַנאַנ־דעררייסן דעם גדר פון צייטלעכקייט און לאָזן אַריינשטראָמען אין אונזערעמפּירישער רעאַליטעט אַ שטראָם פון פאַנטאַסטישער איבערנאַטירלעכקייט?

און נאָך כאַראַקטעריסטישער איז די שטעלונג פון דער גיגאַנטישער פילאָזאָפיע צו דער פּראָבלעם פון דעם מאַטע־ריאַליזם, װי זי, די שטעלונג, טרעט אַרױס, שױן אָנגעצייכנט ביי קאַנטן גופא אָבער נאָך מער אױסגעאַרבעט און אָפּגעקלערט ביי די נעאָ־קאַנטיאַנער.

אױף די פּראָבלעם קאָנען מיר דאָ נישט דורכנעמען אין איר גאַנצער ברייט און טיף, און מוזן זיך באַנוגענען נאָר מיט דער באַרירונג פון איין־איינציקן װיכטיקסטן פּונקט.

דער אמתער, קאָנסעקװענטער מאַטעריאַליזם פון אַ דעמאָ־קריט, אַ העלװעציוס, אַ קאַרל מאַרקס, אַ פרידריך ענגעלס, נעמט דעם מאַטעריעלן אַטאָם אין זיין ריינעם מעכאַניש־פיזישן באַטייט. ער איז נאָר טױטע מאַטעריע, אָן אַ פּונק לעבן, אָן אַ פּונק פסיכישן געשעען אין זיך גופא. לעבן און „רוחניות״ זענען נאָר צייטװייליקע צושטאַנדן, װאָס באַװייזן זיך און פאַרשװינדן אין געװיסע גרופּן פון מאַטעריעלע אַטאָמען.

אין דער לעצטער צייט האָבן אָבער אַ סך מאַטעריאַליסטן איינגעזען, אַז זיי קאָנען נישט אױסקומען מיט דעם כשרן, ריין־מאַטעריעלן אַטאָם, און האָבן געזוכט צו פאַרבייטן זייער שטאַנדפּונקט אױף אַן אַרט סינטעטישן מאָניזם פון שפּינאָזאַ. יעדער מאַטעריעלער אַטאָם האָט אַ מין „רוחניות״ אין זיך, אַ פּרימיטיװע שפּירונג, װאָס איז אַקוראַט אַזױ אייביק אין אים, אַקוראַט אַזױ עצמדיק אין אים, װי זיין מאַטעריאַליטעט גופא.

װי שטעלט זיך קאַנט און די קאַנטישע שולע צו אַזאַ מין אױסבעסערונג פון דעם מאַטעריעלן אַטאָם?

קאַנטס קריטישע פילאָזאָפיע לערנט אונז, אַז דער מאַטע־ריעלער אַטאָם איז אַן אױסטראַכט פון דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד, כדי מיט זיין הילף אַמבעסטן דורכצופירן די מע־כאַנישע קױזאַליטעט, דעם געדאַנק פון דער אומבאַגרע־נעצטער געזעצמעסיקייט אין אַלע דערשיינונגען פון אונזער עמפּירישער װעלט.

צו װאָס נאָך אַריינפאַנטאַזירן אין דעם אױסטראַכט

„רוחניותדיקע" איינגעשאַפטן, וואָס צעשטערן די מעכאַנישע אויפ־פאַסונג פון דעם נאַטור־פּראָצעס?

צו דער מאַטעריאַליסטישער אויסטייטשונג פון נאַטור און געשיכטע באַציען זיך זייער סימפּאַטיש אַזעלכע ערנסטע קאַנ־טיאַנער, ווי פרידריך אַלבערט לאַנגע, נאַטאָרפּ און אַפילו — ביז צו אַ געוויסן גראַד — הערמאַן קאָהען. זיי פאָדערן, פאַרשטייט זיך, אַז דער מאַטעריאַליזם זאָל בלייבן נאָר אין די גרענעצן פון ריינעם וויסן און דערקענען, און זאָל זיך אַליין באַטראַכטן ווי אַ נויטווענדיקן אויסטראַכט פון דעם שכל, וואָס איז נישט קיין חוב פאַר דער וועלט.

פון די פאָר ביישפּילן זעט מען קלאָר איין, ווי ווייט קאַנטס געדאַנקענגאַנג איז פאַרשיידן פון דעם געדאַנקענגאַנג פון אונזער צייט.

עס איז נישט דאָ דאָס אָרט צו אונטערזוכן, ווער פון זיי איז היינטערשטעליק אַנטקעגן וועמען. אָבער איינס איז קלאָר: קאַנט וואָלט בשום אופן נישט מסכים געווען, מען זאָל אײַנגאַנצן אַראָפּוואַרפן דעם שכל פון זיין טראָן, מען זאָל צווינגען אים, ער זאָל אונטערשרייבן זיין אַבדיקאַציע, ווי דאָס טוט דער נייער געדאַנקענגאַנג.

ווילן מיר בלייבן אין די גרענעצן פון דעם פאַרגלייך, וואָס ווערט דיקטירט פון אונזער אויס־קריגערישער צייט, קאָן מען קאַנטס שטעלונג צו דער ממשלה פון דעם פאַרשטאַנד כאַ־ראַקטעריזירן אַזוי:

דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד מיט זיינע אייביקע אייזער־נע נאַטור־געזעצן איז אַ מושל נאָר אין איין איינציקן צווייג פון דער מענטשלעכער קולטור: אין דעם צווייג פון ריינער טעאָרע־טישער דערקענטעניש אין די עמפּירישע וויסנשאַפטן.

דער מושל האָט פון אַ וואַסאַל זיך דערהויבן צו דער מדרגה פון אַן אימפּעראַטאָר און האָט אַנעקסירט אַלע אַנדערע פּראָווינצן פון דעם מענטשלעכן גייסט. יענע פּראָווינצן דאַרף מען ווידער באַפרייען פון אים, אָפּנעמען ביי אים די מעגלעכ־קייט צו אימפּעריאַליסטישע דעראָבערונגען און ווידער אויפשטעלן

זיין װ ו אַ ס אַ ל י ט ע ט, זיין אונטערוואָרפנקייט צו די אױ־בערבאַפעלן פון די פּראַקטישע מענטשלעכע אינטערעסן.

אָבער — אין די גרענעצן פון זיין קולטור־פּראָווינץ, מוז מען דעם שכל איבערלאָזן די פולסטע „אָרטיקע" „קולטורעלע אויטאָנאָמיע". אין די אָנגעלעגנהייטן פון זיין פּראָווינץ — די עמפּירישע וויסנשאַפטן — טאָר זיך קיין אַנדער מאַכט, אַ חוץ אים, נישט אַריינמישן.

אַלע פּראָדוקטן פון זיין פּראָווינץ דאַרפן שטיין אונטער ז י י ן קאָנטראָל און קאָנען צוגעלאָזן ווערן צו דעם אַלגעמיי־נעם אוצר פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש נאָר דעמאָלט, ווען זיי טראָגן אויף ז י ך זיין, דעם קלאָרן שכלס, מלכותדיקן שטעמפּל: דעם שטעמפּל פון רוים, צייט און אייביקער נויט־ווענדיקייט.

דער גאַנצער, אַלץ־וואַקסנדיקער סכום פון דער וויסנשאַפט־לעכער דערפאַרונג, איז אָבער נישט מער, ווי איין טעטיקייטס־פעלד פון דעם מענטשלעכן שאַפנדיקן גייסט, און די פּרינציפּן וואָס מוזן הערשן אויף ד ע ם פעלד זענען נישט קיין חוב פאַר דעם גאַנצן מענטשלעכן שאַפן.

דאָרטן, ווו עס ענדיקט זיך דאָס פעלד פון דער דערפאַ־רונג, ענדיקט זיך אויך די ממשלה פון דעם פאַרשטאַנד מיט זיינע קלאָרע, פעסטע, אויסגעקריסטאַליזירטע דענק־פאָרמען.

אויף די פעלדער פון דער פּראַקטישער טעטיקייט, פון שטרעבן צו די „נידעריקע" און „העכערע" ל ע ב נ ס־צ ו ו ע ק ן; אויף די פעלדער פון דעם מענטשלעכן עסטעטישן ג ע נ ו ס אין פּאָעזיע און קונסט; אויף די פעלדער פון דעם מענטשנס העכסטע האָפענונגען און בענקשאַפטן אין דער רעליגיע, — ברענגט דער שאַפנדיקער גייסט אַרויס אַ נ ד ע ר ע פּרינציפּן, איידער די דענק־פאָרמען פון דעם פאַרשטאַנד, — פּרינציפּן פון צוועקמעסיקייט און שיינקייט, פון גערעכטיקייט און פרייהייט, און מיט זיי ב אַ ש אַ פ ט ער יענע פעלדער, באַבויט זיי און באַאַרבעט זיי.

אויך די פּרינציפּן מוזן האָבן די פולע פרייהייט פאַר זייער

טעטיקייט אין די גרענעצן פון יענע קולטור-פעלדער, וואָס ווערן באַשאַפן דורך זייער טעטיקייט.

און דער קלאָרער מענטשלעכער פאַרשטאַנד, ווי שטאַרק אים זאָל זיך נישט דוכטן, אַז אַלע יענע פרינציפן פון פרייהייט, שיינקייט, גערעכטיקייט זענען נישט מער ווי אילוזיעס, וואָס קאָנען נישט האָבן קיין ממשותדיקע ווירקונג אין אַ וועלט פון שטרענגער קויזאַליטעט, טאָר קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז די גאַנצע וועלט פון שטרענגער געזעצמעסיקייט איז אויך נישט מער ווי זיין, דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנדס, אילוזיע און שיינער אויסטראַכט, און אַז ביי דעם אָפּוועגן פון ביידע אַרטן אויסטראַכט, ביי דער באַשטימונג פון זייער וויכטיקייט פאַר דעם מענטשן, וועט דער מענטש תמיד געבן די בכורה צו יענע שאַפונגס-פרינציפן, אין וועלכע עס זענען פאַראינטערעסירט זיין וועלן און זיין האָפן.

וואָלט דער פילאָזאָפישער געדאַנק געקאָנט זיך ווייטער אַנטוויקלען אין יענער מענטשלעך-קריטישער הויך, אויף וועלכער קאַנט האָט אים אויפגעהויבן, וואָלטן מיר אפשר צו דעם גאַנצן נייעם געדאַנקענגאַנג נישט געקומען.

אָבער הפנים, אַז אויך אין דער פילאָזאָפיע איז אוממעגלעך פאַר דעם מענטשן אַ פרידלעכע עוואָלוציע, אָן קאַטאַסטראָפעס און חורבונות, אָן שטורעמדיק-רעוואָלוציאָנערע פאַנאַנדערטרייסלונגען פון אַלע יסודות, אָן אַריבערכאַפן די געהעריקע מאָס.

ווי פאָרזיכטיק און פעסט קאַנט האָט נישט אויסגעבויט דעם גדר פאַר דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד; ווי שטרענג ער האָט נישט געוואָרנט, דער שכל זאָל זיך נישט רייסן אַריינצוקוקן אַחורי הפרגוד, ווייל ווי ווייט ער זאָל נישט גיין, וועט זיין פרגוד גיין אים פאָראויס, — האָט זיך דער פילאָזאָפישער געדאַנק נישט געקאָנט איינהאַלטן אין די גרענעצן, וועלכע קאַנט האָט פאַר אים אויסגעצירקלט.

אויך דאָ האָבן די אינטערעסן פון דעם מענטשנס וועלן, גלויבן און האָפן געוווּנען די אויבערהאַנט איבער די אינ-

טערעסן פון דעם מידשבדיקן, קריטישן, זיך זעלבסט אין צוים האַלטנדיקן מענטשלעכן דענקען.

דער מענטש וויל האָבן אַ רעאַלע, ממשותדיקע וועלט און נישט נאָר אַ שפּינוועבס פון זיינע רעיונות און דמיונות. ער גלויבט פעלזנפעסט אין איר עקזיסטענץ; ער האָפט אַראָפּ-צורייסן פון איר אַלע צודעקן, וואָס פאַרבאָרגן פאַר אים אירע סודות.

און אַזוי האָבן תיכף נאָך קאַנטן זיינע אייגענע תלמידים רעוואָלוציאָנירט זיין סיסטעם, און די גאַנצע געשיכטע פון דעם פילאָזאָפישן דענקען ביז אַהער איז געווען אַ געראַנגל מיט קאַנטן, ביז די ווי סנ שאַפט האָט זיך אין דער לעצטער צייט אַריינ-געמישט און סוף כל סוף פאָרט געצוווּנגען אונז צו דענקען, אַז דער געזונטער שכל האָט זיינע גרענעצן און אַז אויך די אַנדערע כּוחות פון אונזער נשמה האָבן פונקט אַזאַ רעכט צו פאַרטיידיקן זייערע אינטערעסן איי דער דערקענטעניש ווי דער שכל גופא.

# „מאַכט און רעכט"*)

.1

## יושר־ווייטאָק

גראַף ל. טאָלסטאָי האָט ערגעץ ווו אַרויסגעזאָגט ווייער אַ וויכטיקן און טיפן געדאַנק, אַז דער מענטש וויל תּמיד זיין גע־רעכט אין זיינע אייגענע אויגן, און אַז דעריבער זעט ער אויס־צוקלייבן אַזאַ גלויבן און אַזאַ וועלטאַנשויאונג, וואָס זאָל פאַר אים אַליין גערעכטפאַרטיקן דאָס, וואָס ער טוט, און די אַרט, ווי ער לעבט.

דער געדאַנק איז זייער אַ וויכטיקער דערפאַר, ווייל טאָל־סטאָי זאָגט דאָ נישט, וואָס דער מענטש זאָל זיין, נאָר דאָס, וואָס ער איז בטבע. און ווען טאָלסטאָי דערציילט אונז עפּעס וועגן דער מענטשלעכער נשמה, איז דאָס אַזוי זיכער ווי, להבדיל, אַ וויסנשאַפטלעך אויסגעפּרובירטער פאַקט: קיינער, — אַ חוץ אים און אפשר נאָך איינעם: שעקספּירן, — וואָלט נישט געהאַט קיין רעכט צו זאָגן וועגן זיך, אַז אים זענען באַקאַנט די וועגן פון דער מענטשלעכער נשמה, ווי די גאַסן און געסלעך פון זיין אייגענעם דאָרף.

און מערקט אייך נאָך איינס: טאָלסטאָי איז גאָרנישט צו־פרידן, וואָס דער מענטש באַגייט זיך אַזוי מיט דעם אייגענעם

*) דער „טאָג", 1915.

יושר. ער, טאָלסטאָי, וואָלט געוואָלט, אַז דער מענטש זאָל נישט זוכאָסן זיין יושר צו זיין אַרט לעבן און טאָן, נאָר פאַרקערט, ער זאָל איבערבויען זיין אַרט לעבן און טאָן, לויט די פאָדערונגען פון דעם יושר.

מיר וואָלט זיך דאָס אויך געוואָלט, און פונדעסטוועגן בין איך גרייט צו קאָנסטאַטירן מיט דער מענטשלעכער נאַטור, ווי זי איז. טאָלסטאָי פאַרזיכערט אונז, אַז דער מענטש וויל תמיד זיין גערעכט. מיט אַנדערע ווערטער הייסט דאָס, אַז דער מענטש איז אַ באַשאַף, וואָס האָט ליב גערעכטיקייט און רעכנט זיך מיט איר אויף אַזאַ אָדער אויף אַן אַנדער אופן. אַ בעסערן אַטעסטאַט קאָן מען אָסור אויסשטעלן פאַר דער מענטשלעכער נשמה.

און אַ טיפער געדאַנק איז טאָלסטאָיס געדאַנק מחמת דעם, וואָס ער אַנטפּלעקט פאַר אונז דעם סוד פון דער אייביקער גערעכטיקייט. נישט דערין באַשטייט די „אייביקייט" פון דעם יושר, וואָס אַלע מענטשן האָבן געהאַט און וועלן האָבן דיזעלביקע געדאַנקען מכוח וואָס איז אַ יושר און וואָס איז אַן עולה. ניין, אין דעם פּרט איז דער „יושר" דווקא זייער נישט קיין זיכערע און נישט קיין שטענדיקע זאַך. דער אינהאַלט פון גערעכטיקייט בייט זיך אָפּט פון דור צו דור, און ביי איין־און־דעמזעלביקן דור איז ער אָפטמאָל פאַרשיידן, לויט די קלאַסן פון מענטשן וואָס גלויבן אין אים. וואָס צו איין צייט אָדער ביי איין קלאַס איז געווען דער העכסטער יושר, קאָן ביי אַן אַנדער דור אָדער ביי אַן אַנדער קלאַס מענטשן זיין די העכסטע עוולה.

אָבער נישט קוקנדיק אויף די פילפאַכע ענדערונגען, וואָס קומען פאָר אין דעם באַגריף פון יושר, איז דעם מענטשנס טבע אומעטום און צו אַלע צייטן אַזאַ, אַז ער, דער מענטש, מוז אַלע האַנדלונגען פון דעם מענטשנס באַוווסטן ווילן איינטיילן אין גערעכטע און אומגערעכטע און ער מוז סימפּאַטיזירן מיט די גערעכטע און פאַראורטיילן די אומגערעכטע. דערינען, און נאָר אין דערינען באַשטייט די אייביקייט פון דעם יושר.

אויף דער „מיאוסער" מדה, וועלכע טאָלסטאָי האָט אַנטדעקט אין דעם מענטשן, אַז בעת דער מענטש וויל זיין גערעכט,

איז ער גאָר צעלאָזן און צווינגט דעם יושר, ער זאָל געבן אַ הכשר אויף זיין צעלאָזנקייט, — אויף דער „מיאוסער" מדה דאַרף מען גאָר קוקן מיט די אמת־הומאַנע אויגן פון אַ ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער, זכרון צדיק לעולם: „זע גאָטעניו, וואָס פאַר אַ מענטש דו האָסט, אַז אַפילו בעת ער איז צעלאָזן, וויל ער זיך אויך פאַרענטפערן פאַרן יושר."

און דאָס איז נישט קיין קלייניקייט: דאָס באַווייזט, אַז די באַדערפעניש נאָך גערעכטיקייט איז אַ רעאַל־מענטשלעכע לעבנס־נויט, וועלכע ער זוכט צו באַפרידיקן ווי ווייט ער קאָן. ער רעכנט זיך מיט דעם יושר ווי מיט אַלע זיינע באַדערפענישן: קאָן ער זיי באַפרידיקן אויף אַ גערעכטן וועג, איז גוט, אַלאַ נישט, באַפרידיקט ער זיי אויף אַן אומגערעכטן. קאָן ער איינשטילן דעם יושר מיט יושר איז אַוודאי וויל, אַלאַ נישט, מוז מען אים איינשטילן מיט אַן עוולה.

דאָס קלינגט פּאַראַדאָקסאַל, — עס איז אָבער דער טיפסטער אמת וועגן דער מענטשלעכער נשמה. די אַלע ציין־פאַרדעדענישן, מיט וועלכע דער מענטש פרוווט איינשטילן זיין געוויסן, זענען אַ צייכן, אַז ער שפירט דעם צאָן־שמערץ.

און אַ בריה איז דער מענטש צו פאַררעדן דעם יושר די ציין, — איינער אין דער וועלט! וואָס דאַרפט איר מער: נעמט אַפילו יענע צוויי ראַדיקאַלסטע געדאַנקען, אַז ס'איז גאָר לחלוטין נישטאָ אַזאַ זאַך ווי יושר, און אַז מאַכט איז רעכט, אויף וועלכן פאַן־בערנהאַרדי פאָרט אַזוי האָפערדיק אַרויס אין דער לעצטער צייט כדי צו באַרעכטיקן דייטשלאַנדס אויפפיר אין דער וועלט־מלחמה. טראַכט זיך אַביסל טיפער אַריין, וועט איר אויפן שטעל געפינען, אַז אויך זיי זענען נישט קיין אַנדער זאַך, ווי אַ מין לחש אויף אָפּצושפּרעכן דעם יושר אַ ווייטאָקנדיקן צאָן.

אין דער אמתן! פאַרוואָס זאָל זיך אַ מענטש אַרומטראָגן מיט אַזאַ אומגעלומפּערטן, אויף יעדן שריט און טריט שטרויכלענדיקן געדאַנק, אַז ס'איז גאָר לחלוטין נישטאָ אַזאַ זאַך, ווי יושר? לאָז זיין, ס'איז נישטאָ קיין אייביקער מאָסשטאַב, אין וואָס דער יושר זאָל באַשטיין; לאָז זיין, דער יושר איז נאָר אַ מיינונג פון מענטשן

און נישט קיין פאָדערונג פון גאָט און נישט קיין געזעץ פון דער נאַטור; לאָז זיין, אַז ער איז נאָר אַ הסכם-זאַך, אַקוראַט אַזאַ סוביעקטיווער און אומזיכערער ענין, ווי אונזערע באַגריפן וועגן שיינקייט און מיאוסקייט. אָבער וואָס הייסט: גאָרנישטאָ קיין יושר? זעט ער דען נישט, פילט ער דען נישט, אַז די גאַנצע מענטשלעכע וועלט איז פול און פיל מיט געשרייען וועגן יושר און עוולות? טאָפּט ער דען נישט אָן דעם פאַקט מיט די הענט, אַז מענטשן אַרבעטן אויס צו אַלע צייטן געוויסע מאָסשטאַבן, מיט וועלכע אויסצומעסטן דעם יושר און די עוולות? פאַרלאָזן זיך דען נישט די מענטשן, בעת אַ סכסוך, אויף זייטיקע, נישט פאַר-אינטערעסירטע אַנדערע מענטשן, זיי זאָלן אויסגעפינען, ווו איז דער יושר און ווו איז די עוולה?

אַ מענטש וויל אָפּטאָן אַ מאוסע זאַך. פאַרוואָס זאָל ער זיך נישט זאָגן אַזוי: ס'איז אמת, איך וועל דאָ גאָר אַ געראַ-טענער מנוול, אָבער מיך רירט דאָס ווי די וואַנט: כאַפּט דער רוח דעם יושר אינגאַנצן, דאָס, וואָס איך בין נישט קיין פיינער מענטש, און וואָס ביי מיר איז אַזאַ שלעכטער ווילן, רירט מיך אַקוראַט אַזוי ווייניק, ווי דער פאַקט, וואָס ביי מיר איז אַ קרומע נאָז, אָדער אַ שלעכטער קול. פאַרוואָס זאָל מיך מיין קרומער יושר מער אָרן איידער מיין קרומע נאָז?

איך מוז מודה זיין, אַז גאָר גרויסע מענטשן קאָנען זיך אפשר שטעלן אויף אַזאַ שטאַנדפּונקט: וויסן אַז מען האָט אַ קרומען יושר, אָדער נאָך ריכטיקער, מיטן גאַנצן האַרצן פילן, אַז מען האָט אַליין געבראָכן רוק און לבנד דעם אייגענעם יושר און נאָך שיטן אים זאַלץ אויף די ווונדן, מיט קיין זאַך נישט פאַרמאַסקירן פאַר זיך אַליין דעם אמת און נאָך רייצן זיך מיט זיך אַליין, — דערצו דאַרף מען האָבן גבורה.

איך וואָלט געקאָנט באַווייזן מיט דעם אַנאַליז פון איינ-קע טיפּן אין דער מענטשלעכער ליטעראַטור און אין דער מענטש-לעכער געשיכטע, אַז אין דעם זייער אינטערעסאַנטן פלאָנטער, וואָס קומט דערביי פאָר אין דער נשמה פון אַ סך אויסערגעוו-ויינלעכע פאַרברעכער, שפּילט די שטים פון דעם געוויסן זייער

אַ מערקווירדיקע און דוקא אַ געהויבענע ראָלע, אָבער איך וויל דאָ נישט האָבן צו טאָן מיט אויסנאַמס-נאַטורן. מיך אינטערע-סירט דאָ דער מענטש, ווי אַ כלל, נישט ווי אַ יוצא מן הכלל.

דער מענטש ווי אַ כלל וועט אָבער קיינמאָל נישט זאָגן: „מיך אַרט מיין קרומער יושר אַקוראַט אַזוי ווייניק, ווי מיין קרומע נאָז, מיין שלעכטער ווילן רירט מיך אַקוראַט אַזוי ווייניק אָן, ווי מיין שלעכט קול". ניין, ער וועט זיך בעסער אויף טויזנטערליי אופנים איינשמועסן, אַז זיין יושר איז נישט קרום: אַז זיין ווילן איז נישט שלעכט, און אויב ער וועט גאָרנישט געפינען קיין זכות אויף זיך, וועט ער דעמאָלט זיך טרייסטן מיט דעם געדאַנק, אַז ס'איז גאָר לגמרי נישטאָ קיין יושר. אַ געדאַנק, וואָס האָט אַקוראַט אַזאַ זין, ווי דער געדאַנק, אַז ס'איז כלל נישטאָ קיין נאָז, אָדער אַז אַ קול ביי אַ מענטשן איז אַן אויס-געטראַכטע זאַך.

צוליב וואָס טוט דאָס דער מענטש? צוליב וואָס וויל ער זיך איינשמועסן, אַז עס איז נישטאָ קיין יושר? דער שכל איז דאָ אַ פשוטער: וויבאַלד עס איז נישטאָ קיין יושר, איז נישטאָ, וואָס עס זאָל זיין קרום, האָט ער, דער זינדיקער מענטש, זיך פאַר קיינעם נישט פאַרזינדיקט. אָט דאָס איז, אין וואָס דער מענטש נויטיקט זיך: ער דאַרף וויסן, אַז ער איז ריין פון זינד. אין די טיפענישן פון דער נשמה שפירט ער, אַז ער באַגייט אַן עוולה, און מיט דעם געדאַנק, אַז ס'איז נישטאָ קיין יושר, זעט ער איינצושטילן דעם יושר. דערמיט אָבער איז ער זיך אַליין מודה אין יענעם וויכטיקסטן מענטשלעכן אמת, אַז אַ קרומע נאָז, אָדער אַ שלעכט קול, ווי אומאַנגענעם זיי זאָלן נישט זיין, זענען נישט קיין באַליידיקונג פאַר דעם מענטשן, בעת אַ קרומער יושר איז אַ חרפה, וואָס קיינער טאָר נישט לאָזן זיצן אויף זיך, בפרט אין די אייגענע אויגן.

אַ סך דערשיינונגען אין דער געשיכטע פון דער מענטש-הייט ווערן אונז קלאָר, ווי נאָר מיר דערמאָנען זיך, אַז פאַר דעם מענטשן איז די יושר-נויט אַקוראַט אַזאַ שטאַרקע לעבנס-

נויט, ווי אַלע אַנדערע, און אַז דער יושר-וויטאָק איז אייגנע פון יענע קרעפטן, וואָס באַשאַפן די מענטשלעכע געשיכטע.

מען קאָן זאָגן, אַז אַלע רעליגיעס, וואָס האָבן געשפּילט און שפּילן נאָך אַזאַ געוואַלטיקע ראָלע אין דעם מענטשלעכן לעבן, האָבן צו פאַרדאַנקען זייער מאַכט איבער די הערצער און דעם שכל פון די מענטשנקינדער אויך יענעם אומשטאַנד, וואָס זיי ברענגען דער מענטשהייט אַן אָפּשפּרעך צו יושר-וויטאָק, וואָס זיי זאָגן איר צו די אויסלייטערונג פון זינד, און גיבן איר די סגולה פון „צדקה", פון „טשאַריטי": די גאָלד-פּלאָמבע אין אַן אויסגעפוילטן יושר.

בפרט איז דאָס אמת מיט דעם קריסטנטום, מיט זיין געניאַלער און טיפער ציין-פאַררעדעניש, אַז גאָט אַליין האָט זיך, אין דער געשטאַלט פון זיין זון, מקריב געווען פאַר דער מענטשהייט, כדי אויסצולייזן זיי פון זינד, און אַז עס איז גענוג בלויז צו גלויבן אין דעם מיטן גאַנצן האַרצן, כדי די נשמה זאָל, מיט דער מאַכט פון דעם גלויבן אַליין, אויסגערייניקט ווערן פון דער זוהמא, וואָס פאַלט אויף איר אָן אין דעם לעבן.

די ראַדיקאַלע וועלט זעט איין די גאַנצע אומגעלומפּערטקייט פון אַזעלכע מיני אָפּשפּרעכענישן און ציין-פאַררעדענישן, אָבער אויך זי נויטיקט זיך אין אַ לחש צו יושר-וויטאָק. און קלייבט אויס דעם, וואָס איז בעסער אָנגעפּאַסט צו איר

צוערשט דעם געדאַנק, אַז יושר איז אַן אויסגעטראַכטע דער געדאַנק דאַרף שפּילן די ראָלע פון אַן אָפּעראַציע, פון אייגאַנצן אַרויסרייסן דעם אָנגעוויטאָקטן צאָן. מיר האָבן שוין געזען, אַז קיין אָפּעראַציעס גייען דאָ נישט אָן. דער יושר, דער גזלן, האָט זיך אָנגעזעצט אויף דעם מענטשן און מען קאָן פון אים, צו אַלדי צרות, גאָרנישט פּטור ווערן.

פּרוווט מען זיך מיט אַן אַנדער לחש, — אַז „מאַכט איז רעכט"...

II

# דער אָנהויב פון דער טעאָריע

אין אייניקע רעפּובליקן פון דער אַלט-גריכישער וועלט איז
די פּאָליטישע מאַכט פון דעם פאָלק אַרויסגעריסן געוואָרן פון
זיינע הענט און איז איבערגעגאַנגען צו איינצלנע הערשער. די
איינצלנע געוואַלט-מענטשן, וואָס האָבן מיט דער מאַכט פון גע-
דזונגענע העלפער, צעטראָטן און צעשטערט די פּאָליטישע פרייהייט
פון זייערע שטעט, האָט מען גערופן טיראַנען, און פון יע-
נער צייט שטאַמט דאָס דער נאָמען „טיראַן", מיט וועלכן מיר
באַקרוינען יעדן געוואַלט-מענטשן, — אַפילו אין פּריוואַט-לעבן,—
וואָס שטעלט צוועק זיין אייגענעם מוטווילן און זיין אייגענע ברוּ-
טאַלע מאַכט אַנטקעגן די פאָדערונגען פון רעכט און גערעכטי-
קייט.

אין דערזעלבער צייט איז אין דעם גייסטיקן לעבן פון
אַלט-גריכנלאַנד אויסגעוואַקסן אַ ראַדיקאַלע טעאָריע, אַז רעכט און
גערעכטיקייט זענען נישט קיין זעלבשטענדיקע אידייען, וואָס קאָנען
אין דעם אייגענעם נאָמען אַרויסטרעטן אַנטקעגן דעם ווילן און
די מעשים פון דער הערשנדיקער פּאָליטישער מאַכט, יושר און
געזעץ זענען נישט קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר די איינטיילונג פון
יענער מאַכט, וואָס מענטשן קאָנען האָבן איבער אַנדערע מענטשן
און איבער דאָס מענטשלעכע האָב און גוט. אָבער דער פּרינציפּ,
לויט וועלכן די מענטשן דאַרפן זיך איינטיילן אין דער מאַכט
אויף דער נאַטור און די מיטמענטשן, — אויף פרויען, קינדער,
קריגס-געפאַנגענע, שקלאַפן, אונטערגעגעבענע, שותּפים אין גע-
שעפט און קאָנטראַהענטן, — דער פּרינציפּ, וואָס דאַרף פאַנאַנ-
דערגרענעצן זייער אַלעמענס מאַכט-ספערע, שטאַמט נישט פון די
געטער אין הימל און אויך נישט פון וועלכע עס איז אידעאַלן
אין דער מענטשלעכער נשמה, נאָר אויסשליסלעך פון דעם הער-
שערס ווילן, דעם הערשערס באַפעל איז דאָס הערשנדיקע גע-
זעץ. ער טיילט פאַנאַנדער די געזעלשאַפטלעכע מאַכט צווישן די

אונטערטאַנען, באַשטימט, וויפל מאַכט יעדער איינער קאָן האָבן איבער דעם אַנדערן און איבער דער נאַטור און פאַרוואַנדלט אויף אַזאַ אופן די מאַכט-ספערע אין אַ רעכט-ספערע. רעכט איז רעגולירטע מאַכט. דאָס וויל זאָגן, אַז דער גאַנצער ענין פון רעכט און גערעכטיקייט, פון יושר און עוולות, איז נישט קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר אַ באַפרייאונג אָדער אַן איינצוימונג פון מאַכט.

„איך האָב אַ רעכט עפעס צו טאָן" איז דעריבער דער טייטש: „איך האָב די מאַכט דאָס צו טאָן און די מאַכט פון דער רעגירונג שטערט מיר נישט אין דעם", און צוריק: „איך האָב קיין רעכט נישט עפעס צו טאָן" איז דער טייטש: „אַ שטאַרקערע מאַכט (די מאַכט פון דער רעגירונג) צוימט אַרום מיינע און דערלאָזט זי נישט צו טאָן, וואָס איך וויל". אָבער אַזוי ווי די העכסטע רעגירונגס-מאַכט, דער ווילן פון דעם הערשער גופא, איז באַפרייט פון אַ וועלכער עס איז העכערער מאַכט, וואָס זאָל זי האַלטן אין צוים, האָט דער הערשער אַ רעכט אויף אַלץ, וואָס ער קאָן, ווייל זיין רעכט-ספערע גייט אַזוי ווייט ווי זיין מאַכט-ספערע. זיין מאַכט איז כולה רעכט. אָדער אָפגעקירצט: „מאַכט איז רעכט".

עס איז לייכט זיך אָנצושטויסן, אַז צווישן דער פּראַקטיק פון דעם טיראַן און דער טעאָריע פון דעם ראַדיקאַלן דענקער עקזיסטירט דאָ גאָר אַן ענגע לאָגישע, פּסיכאָלאָגישע און היסטאָרישע שייכות. היסטאָריש איז די טעאָריע אַרויסגערופן געוואָרן דורך דער פּראַקטיק פון דעם טיראַן, לאָגיש איז זי נישט קיין אַנדער זאַך, ווי אַ גערעכטפאַרטיקונג פון זיינע מעשים, און פּסיכאָלאָגיש איז זי געווען אַ מין באַלזאַם, מיט וועלכן דער טיראַן האָט געקאָנט היילן זיין יושר-ווייטאָק, — אויב ער האָט ווען עס איז געשפּירט יסורים פון דעם, וואָס ער האָט אַוועקגערויבט די פרייהייט פון פאָלק, וואָס ער האָט צוליב זיינע אייגענע עגאָאיסטישע צילן זיך פאַר קיין זאַך נישט אָפּגעשראָקן און נישט אָפּגעשטעלט, וואָס זיין וועג צו מאַכט און זיין גאַנצער לעבנס-וועג דערנאָך איז אויסגעפלאַסטערט מיט די לעבנס פון זיינע אומשולדיקע קרבנות. די טעאָריע באַווייזט אים, אַז סוף

כּל סוף האָט ער קיין אומרעכט נישט געטאָן, נישט געקאָנט טאָן, ווייל ער איז אַ פאַרקערפּערונג פון דער העכסטער מאַכט און ממילא פון דעם העכסטן רעכט.

מען דאַרף אָבער נישט מיינען, אַז די דעמאָלטיקע ראַדיקאַלע דענקער (די „סאָפיסטן") זענען געווען נאָר פאַרקויפטע נשמות און טעלער־לעקערס, וואָס האָבן צוגעשניטן זייערע געדאַנקען נאָך דער מאָס פון דעם טיראַנס אינטערעסן. אמת: אַ סך פון זיי זענען דאָס טאַקע געווען, אָבער עס זענען צווישן זיי אויך געווען ערלעכע, אומדערשראָקענע פרייע דענקער, וואָס האָבן געוואָלט אויסגעפינען דעם ריינעם אמת וועגן רעכט און גערעכטיקייט און, דער עיקר, פאַרענטפערן די שאלה פון וואַנען זיי, ד. ה. רעכט און גערעכטיקייט, האָבן זיך גענומען אין דער מענטשלעכער וועלט, בעת אין דער גאַנצער טבע, דער סויטער ווי דער לעבעדיקער, געפינען מיר נישט קיין שפּור פון זיי.

עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם מענטשלעכן דענקען, דאָס אין זיין זוכן דעם אמת איז ער מער פאַרקאָכט אין „דערקענען" די זאַך, ווי מען „דערקענט" אַן אַלטן באַקאַנטן, איידער אין דעם באַנעמען די זאַך. אַרומנעמען אַן ענין פון אַלע זייטן, אַריינטראַכטן זיך און אַריינלעבן זיך אין אַלע זיינע אינדיווידועלע אייגנהייטן, דורכשפּירן זיין אייגנאַרטיקייט, זיין פאַרשיידנקייט פון אַלע אַנדערע ענינים, איז פאַר דעם מענטשנס שכל אַ סך אַ שווערערע זאַך, איידער באַנעמען אים פון יענע זייטן, ווו ער ווייזט אַרויס זיין ענלעכקייט אָדער נאָנטקייט צו די שוין באַקאַנטע ענינים. דעם מענטשן דוכט זיך, אַז ער האָט דערקלערט אָדער פאַרשטאַנען אַ זאַך דעמאָלט, ווען עס האָט זיך אים איינגעגעבן צו דערקענען אין איר עפּעס אַלטעס און באַקאַנטעס. דער מענטש פאָדערט פון דעם ענין, ער זאָל זיך אַליין „לייגן אויפן שכל", ד. ה. געפינען אַ פּלאַץ צווישן יענע דערפאַרונגען, וועלכע דער שכל האָט שוין אָנגעזאַמלט, און יענע געדאַנקען, וועלכע ער האָט שוין אויסגעבויט. עס איז אים שווער, דעם מענטשן, צו פאָדערן פון דעם שכל, ער זאָל ביי יעדער נייער זאַך אַרויסגיין פון די אייגענע ד' אמות און אַריינדרינגען

אין דער זאַך גופא, אויסלערנען זיך א י ר שפּראַך און פאַרשטיין אירע אייגענע רייד.

אַ מענטשלעכער שכל, וואָס יאָגט זיך מער נאָך קלאָרקייט, איידער נאָך זיכערן וויסן, וועט אַלע מאָל זיין גענייגט דערטרינ־קען דאָס זעלטענע, אָריגינעלע און אינדיווידועלע אין דעם גרויסן ים פונם טאָג־טעגלעכן, פונם באַקאַנטן און פּשוטן. אויף אַזאַ אופן וועט זיך אים אַ סך לייכטער „לייגן אויפן שכל״, אַז רוחניות איז אין תוך אַריין נישט מער ווי גשמיות, אַז יום־טוב־דיקע אידעאַלן זענען אין דער לעצטער שורה וואָכעדיקע אינטע־רעסן און אַז די מענטשלעכע קאַמפן פאַר רעכט און גערעכטיקייט זענען אין זייער טבע נישט פאַרשיידן פון יענע מאַכט־שטרייטי־קייטן, וועלכע מיר זעען אין דער נאַטור, ביי העבער, הינט און הירשן.

„רעכט״ און „יושר״ זענען אַ נ י י ע זאַך, אַן אָריגינעלע און זעלטענע, נישט אָנצוטרעפן אין דער נאַטור, ווייל נאָר מענטשן האָבן זי אַרויסגעבראַכט. „מאַכט״ ווידער איז אַן אַלטע באַקאַנטע זאַך, אויף שריט און טריט צו באַגעגענען סיי אין דער נאַטור, סיי אין דער מענטשלעכער וועלט, אויף וויפל זי איז אַ שטיק נאַטור. דער גאַנצער וואונדער, די גאַנצע אומ־דערקלערלעכקייט פון „רעכט״ און „יושר״ פאַרשווינדט פון דער נאַטור, ווי נאָר מיר געפינען אויס, אַז זיי זענען, לויט זייער טבע, פּשוטע מאַכט־באַפעלן און אַז עס איז דאָ נאָר איין קוואַל, פון וואַנען זיי פליסן אַריין אין לעבן: דער אינטערעסן־קאַמף פון פאַרשיידענע מאַכט־פאַקטאָרן.

ביי אַ נ אַ ט ו ר אַ ל י ס ט י ש ן קאָפּ, וועמען עס דוכט זיך, אַז אַלץ וואָס מיר זעען געוויינט צו זען אין דער נאַטור, איז אַזוי איינפאַך און קלאָר, און אַז יעדע זאַך ווערט דערקלערט ווי נאָר מיר פאָרן זי צונויף מיט אונזז באַקאַנטע נאַטור־דער־שיינונגען, — ביי אַזאַ נאַטוראַליסטישן קאָפּ וועט דער געדאַנק, אַז „מאַכט איז רעכט״ זיך נישט נאָר קענען לייכט „לייגן אויפן שכל״, נאָר זיך דאַרפן אויך קענען אויסבייטן בהרחבה.

איך וויל דאָ גלייך אויפן שטעל באַמערקן, אַז ווען איך

זאָג: דער „מאַכט איז רעכט"־געדאַנק שטייט אין אַן ענגער לאָגישער קרובהשאַפט צו דעם נאַטוראַליסטישן דענקען בכלל, ווייל איך דערמיט בשום אופן נישט זאָגן, אַז אַלע נאַטוראַליסטישע דענקער האָבן אַלע מאָל געגלויבט אין דעם געדאַנק, און נאָך ווייניקער קומט מיר אַרויף אויפן זין צו לייקענען, אַז עס זענען דאָ אויך נ י ש ט־נאַטוראַליסטישע דענקער, וואָס האַלטן פון דעם־זעלביקן „מאַכט־איז־רעכט"־געדאַנק. פערדינאַנד לאַסאַל איז זיכער ווייט געווען פון נאַטוראַליזם, כרחוק העגעל מעפּיקור. שפּינאָזאַן און ניטשען איז זייער שווער אַרייַנצושטופּן אין אַ נאַטוראַליסטישן שטייגל, ווען אַפילו זיי האָבן געהאַט אַ סך נאַטוראַליסטישע עלעמענטן אין זיך. און ווייסט איר? אַפילו אויך קאַרל מאַרקסן ליגט דער נאַטוראַליסטישער איבער־בגד אַזוי ענג, אַז ער פּלאַצט ביי אים גראָד אַרום דער מעכטיקער ברוסט. פונדעסטוועגן זענען אָט די אַלע פיר דענקער געווען הייסע חסידים פון „מאַכט איז רעכט".

דאָס באַווייזט נאָר, אַז דער נאַטוראַליזם איז נישט דער איינציקער וועג צו „מאַכט איז רעכט". אַ נאַטוראַליסטישער קאָפּ איז אָבער מער מסוגל צו דעם געדאַנק איידער אַן אידעאַליסטישער, בפרט ווען דער נאַטוראַליסט איז נאָך דערצו, ווי יעדער ראַדיקאַלער דענקער פון דעם אַלטן חדר, פאַראינטערעסירט, אַז אויך אויף דעם פעלד פון דער רעכטס־פילאָזאָפיע זאָל מען זיך אָפּרעכענען מיט דעם רבונו־של־עולם און אַז אַלץ, וואָס מען האָט ביז אַהער דערקלערט דורך גאָט אָדער דורך אַ געטלעכער קראַפט, זאָל מען מסביר זיין „על פי דרך הטבע" און אַרויפשרייבן אויף דעם חשבון פון דער „נאַטור".

מען טאָר דערביי נישט פאַרגעסן אויך נאָך אַ וויכטיקן מאָמענט, — דעם ר ע װ א ל ו צ י א נ ע ר ן באַטייט פון דער פאָרמול: „מאַכט איז רעכט". די רעוואָלוציע האָט תמיד אַנטקעגן זיך אַ שטאַרקע פעסטונג פון געזעצן און רעכטס־פאָרמולן, מיט וועלכע פון פאַרגליווערטן, פאַרשטיינערטן געזעלשאַפטלעכן יושר. די רעוואָלוציע גרייפט אַלעמאָל אָן אַ העכשנדיק רעכט. זי מוז דעריבער אַלעמאָל אַרויסטרעטן אין דער פאָרם פון אַן

אומרעכט, אַ פאַרברעכן. זי קאָן, אמת, פירן איר גייסטיקן קאַמף אויף דעמאָלט, ווען זי באַווייזט, אַז דער אַלטער יושר האָט זיך אויסגעוועפּט, אַז, אַ דאַנק די פאַרענדערטע צושטאַנדן, איז דאָס הערשנדיקע רעכט געוואָרן אַן אומרעכט, אַז עס דאַרף אומגעבויט ווערן לויט די פאָדערונגען פון דעם נייעם יונגן יושר.

עס איז אָבער אַ סך גרינגער אויסצומיידן אַלע וויכוחים וועגן אַלטער און נייער גערעכטיקייט, און אָנשטאָט צו באַגרינדן די רעוואָלוציאָנערע פאָדערונגען מיט די פּרינציפּן פון אַ נייעם מאָראַלישן וועלט-באַנעם, צו דערקלערן פּשוט, אַז מיר טראָגן אונזער רעכט אויף דעם שאַרף פון אונזער שווערד; אַז אונזער מאַכט איז רעכט.

עס זענען דאָ נאָך אַ סך וויכטיקע פילאָזאָפישע מאָטיוון, וואָס פירן אין אַ גלייכער ליניע צו דעם געדאַנק, אַז מאַכט איז רעכט. אָבער שוין די אויבן-דערמאָנטע זענען גענוג, מיר זאָלן קאָנען איינזען ווי פאַלש עס איז צו באַשולדיקן די „סאָפיסטן”, אַז זיי האָבן מיט זייער געדאַנק זיך נאָר געוואָלט איינקויפן אין חן ביי די הערשנדיקע טיראַנען. אויפגעוועקט דורך דער פּאָליטישער רעוואָלוציע, וואָס די טיראַנען האָבן אַרויסגעבראַכט, האָט דער געדאַנק פון די ערלעכסטע געאַרבעט, לויט די אינעווייניקסטע אינטערעסן פון דעם געדאַנק, לויט דעם שטרעבן אַרויסצוגעפינען דעם אמת און פאַרשטיין די ווירקלעכקייט.

אָבער קוים איז דער רעזולטאַט פון זייער דענקען אויסגעקומען אַזאַ, וואָס האָט טעאָרעטיש פאַרענטפערט די פּראַקטיק פון דעם טיראַן, זענען דער הערשער און זיין קליקע שוין געוואָרן פאַראינטערעסירט אין אים און האָבן געמוזט גלייבן אים, ווי אין אַן אַבסאָלוטן אמת.

און נישט נאָר דערפאַר איז ער זיי געוואָרן טייער, וואָס עס האָט זיך געלוינט צו פאַרשפּרייטן אין דער עפנטלעכער מיינונג דעם נייעם בליק אויף רעכט און אומרעכט, נאָר נאָך

מער דערפאַר, וואָס ער איז געווען דער לחש צו זייער יושר-וויטאָק, די גערעכטפאַרטיקונג פון זייערע מעשים.

לאַגיש האָט דאָ די שטאָלצע מאַכט זיך דערקלערט פאַר דעם פאָטער און דעם אויבערהאַר פון דעם רעכט. פסיכאָלאָגיש אָבער האָט זי דערביי געבויגן דעם קאָפּ פאַר דעם רעכט, צוגע-געבן בשתיקה, אַז זי דאַרף זיך פאַרענטפערן פאַר אים.

III

## קאַרל מאַרקס

דער גערדאַנק, אַז „מאַכט איז רעכט" האָט אַ לאַנגע און אינטערעסאַנטע געשיכטע הינטער זיך. מיר מוזן זיך דאָ אָפּזאָגן צו שילדערן זי, אַפילו אין די קירצסטע שטריכן. מיר וואָלטן דערביי באַדאַרפט אויפבלעטערן די גאַנצע געשיכטע פון דעם מענטשלעכן פרייעם גערדאַנק, ווייל אַלעמאָל, ווען ער האָט זיך געריסן פון די קייטן, מיט וועלכע מען האָט אים צוגעשמידט צו דעם קירכלעכן וועלט-בליק, האָט ער אויך דער הערשנדיקער רעכטס-אָרדענונג און דעם פאַרגליווערטן צייט-יושר געשריען אין פנים אַריין: „איר זענט נישט מער ווי שטיקלעך פאַרשטיינערטע אָפּגעלעבטע מאַכט. איך בין אַ נייע מאַכט, וואָס וועט מאַכן אַ תל פון אייער גאַנצן רעכט!"

ביי די סאָפיסטן פון אַלט-גריכנלאַנד, ביי די ראַדיקאַלע דענקער פון דער רענעסאַנס-צייט (מאַקיאַוועלי!), ביי אַ האָבבס און אַ שפּינאָזאַ, ביי די עקסטרעמע אויפקלערער פון דעם 18-טן יאָרהונדערט, ביי דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע און דעם ראַדיקאַליזם פון דעם 19-טן, — אומעטום, ווו דער נייער געדאַנק קעמפט פאַר פרייהייט און רעכט, זאָגט ער זיך אָפּ פון זיין אייגענעם איינגעבאָרענעם יחוס און פלאַנצט-אויף זיין רעכט אויף דעם שפּיץ פון זיין באַיאָנעט.

איך וויל דאָ דערמאָנען נאָר אָן די לעצטע אַנטוויקלונגס-עטאַפּן פון דעם „מאַכט-איז-רעכט"-געדאַנק ביי קאַרל מאַרקסן, ווייל דאָ האָט ער דערגרייכט זיין העכסטע הויך און ווייל אוי-

טער זיין שליטה שטייט נאָך דאָס ראַדיקאַלע דענקען פון אונזער צייט.

מאַרקס זעט אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער מענטשהייט דעם קאַמף פון דער געזעלשאַפט אַנטקעגן דער נאַטור און די וואַקסנדיקע מאַכט פון דעם מענטשן איבער די כּוחות פון דער טבע, וועלכע ער פאַרווענדט אין זיין פּראָדוקציע: מיט יעדן נצחון איבער יענע כּוחות, וואַקסן זיינע **פּראָדוקטיוו-קרעפטן**, און מיט יעדן וווּקס זייערן רוקט אַרויס די געזעלשאַפט אַ באַזונדער סאָציאַלן קלאַס, וואָס דאַרף אָרגאַניזירן די אויסנוצונג פון די אָנגעוואַקסענע פּראָדוקטיוו-קרעפטן אין דעם עקאָנאָמישן פּראָצעס. די איינצלנע מענטשן פון דעם קלאַס מיינען דערביי, אַז זיי יאָגן זיך נאָך זייער אייגענער טובה. דער קאַפּיטאַליסט, צ. ב. מיינט, אַז דער זין פון זיין גאַנצער טעטיקייט איז וואָס מער ריווח פאַר זיך. זיין פּערזענלעכער צוועק באַשטייט טאַקע נישט אין קיין אַנדער זאַך. אָבער הינטער זיין אינדיווידועלן געוואָגטן צוועק ליגט דער אומבאַוווּסטער **זיין**, דער פאַרבאָרגענער שכל פון דעם גאַנצן געזעלשאַפטלעכן לעבן, וואָס טרייבט צו אַלץ מער און מער מאַכט איבער דער נאַטור און וואָס נוצט אויס דעם איינצלנעם קאַפּיטאַליסט און זיין הונגער נאָך ריווח, נישט מער ווי אַ מיטל צום ציל.

די „געזעלשאַפט" וועט אַזוי לאַנג פּראָטעזשירן דעם קאַפּיטאַליסט און אויספירן אַלץ, וואָס עס ליגט אין זיינע אינטערעסן, ווי לאַנג ער וועט זיין דער בעסטער פאַרוואַלטער פון די אַלץ-וואַקסנדיקע פּראָדוקטיוו-כּוחות. עס מוז אָבער קומען די צייט, — און זי קלאַפּט שוין אין אונזער טיר, — ווען דער קאַפּיטאַליזם וועט נישט זיין ביכולת פאַרטיק צו ווערן מיט די אָנגעוואַקסענע פּראָדוקטיוו-קרעפטן. דער קאַפּיטאַליסטישער פיר פון דעם עקאָנאָמישן פּראָצעס ווערט אַ שטער פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דעם מענטשנס מאַכט איבער דער נאַטור, אַ שטער פאַר דער ראַציאָנעלער אויסנוצונג פון יענער מאַכט. אַן אַנדער קלאַס וועט מוזן איבערנעמען די פאַרוואַלטונגס-ראָלע איבער די געזעלשאַפטלעכע פּראָדוקטיוו-כּוחות, — דער קלאַס פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

וואָס ווערט, צוליב דעם זעלביקן אינעווייניקסטן ציל פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, אַוועקשטעלן דעם פּראָצעס פון פּראָדוקציע אויף נייע יסודות, אויף סאָציאַליסטישע אָנשטאָט קאַפּיטאַליסטישע.

אָט דער אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פון דעם מענטשנס מאַכט איבער דער נאַטור באַשטימט אויך דעם פּראָצעס, ווי אַזוי עס ווערן אויסגעאַרבעט די נאָרמען פון „רעכט" און „אומרעכט" אין דער יוריספּרודענץ, ווי אויך די באַגריפן פון „יושר" און „עוולות" אין דעם מאָראַלישן באַוווסטזיין פון דער מענטשהייט.

ווי און וואָס די מענטשלעכע געזעלשאַפט זאָל נישט פּראָדוצירן, מוז תמיד רעגולירט ווערן ווער מיט וואָס עס זאָל זיך באַשעפטיקן און ווער עס זאָל וויפל באַקומען פון די אויסגעאַרבעטע פּראָדוקטן. ביז אַהער איז אָט דער רעגולירונגס־פּראָצעס אָנגעגאַנגען, — ווי ער גייט נאָך איצטער אָן, — האַלב־אומבאַוווסט. דער עקאָנאָמישער פּראָצעס אַליין, דורך דאָס שפּילן פון די מענטשלעכע קרעפטן, וואָס זענען באַטייליקט אין אים, אַרבעט אויס די נויטיקע אָרגאַניזאַציע פון דעם געזעלשאַפטלעכן פּראָצעס: טיילט פאַנאַנדער די גאַנצע אַרבעט צווישן פאַרשיידענע גרופּן (ערד־אַרבעטער, פי־פיטערער, בעלי־מלאכות, סוחרים, קריגס־פירער א. אַז. וו.) און באַשטימט, וויפל מאַכט איין מענטש דאַרף האָבן איבער דעם אַנדערן (דער קיסר, דער שקלאַפן־האַר, דער פעאָדאַל־האַר א. אַז. וו.) און וויפל פּראָדוקטן עס דאַרף אויסקומען אויף יעדנס חלק, — אַלץ, כפי עס לוינט זיך אַמבעסטן פאַר דער אויסנוצונג פון יענע פּראָדוקטיוו־קרעפטן, וועלכע די מענטשלעכע געזעלשאַפט פאַרמאָגט.

די האַלב־אומבאַוווסטע אָרגאַניזאַציע פון דעם געזעלשאַפטלעכן פּראָצעס ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ באַוווסטע פאַרוואַלטונג פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. די פּאַקטישע עקאָנאָמישע מאַכט, וואָס איין געזעלשאַפטלעכע גרופּע האָט איבער דער אַנדערער, וואָס איין מענטש האָט איבער דעם אַנדערן, דריקט זיך אויס אין פעסטע מנהגים, געשריבענע אָדער נישט־געשריבענע געזעצן, אין מענטשלעכע אידעאַלן וועגן רעכט און אומרעכט, גע־

רעכט און אומגערעכט, אָט דער גאַנצער סכום פון יורידישע און מאָראַלישע נאָרמען נעמט אַרום דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן, ווי אַ שטאָלערנע נעץ, און האַלט אויף די עקזיסטענץ פון אָט דער באַשטימטער געזעלשאַפטלכער פאָרם.

אָבער נישט אויף אייביק! עס וואַקסן אָן די פּראָדוקטיוו־קרעפטן, אַ נייער קלאַס מענטשן ווערט אַרויסגערוקט, וואָס דאַרף איבערנעמען זייער פאַרוואַלטונג און אויסנוצונג. ער דאַרף ווערן דער הערשנדיקער קלאַס אין דער געזעלשאַפט. אָבער די אַלטע שטאָלערנע נעץ פון דין און יושר דערלאָזט דאָס נישט. עס איז פאַר דעם נייעם האַר נאָך קיין פּלאַץ נישטאָ אין דעם מאָראַלישן באַוווסטזיין, אָבער עס איז שוין פאַר אים דאָ אַ פּלאַץ אין לעבן. געשטיצט אויף דער מאַכט פון דעם עקאָנאָמישן פּראָצעס, רייסט ער אומברחמנותדיק איין אויגל פון דער נעץ נאָך דעם אַנדערן, און די געזעצגעבונג קאָן נישט פאַרטיק ווערן מיט דעם פליקן די דורכגעריסענע לעכער. איינגעמאַטערט אין דעם קאַמף, לאָזט זי די לעכער ווי זיי זענען, אָדער לייגט אַזעלכע לאַטעס, וואָס זאָלן שאַפן מער פּלאַץ פאַר דעם נייעם האַר. סוף כּל סוף ווערט דער האַר אַזוי שטאַרק, אַז ער וואַרפט אינגאַנצן אַראָפּ פון דער געזעלשאַפט די אַלטע נעץ און בויט אויס אַ נייע, וואָס פּאַסט בעסער פאַר זיינע אינטערעסן און וואָס דריקט בעסער אויס זיין בליק אויף רעכט און אומרעכט, אויף יושר און עוולות. דאָס אַלטע רעכט און דער אַלטער יושר פאַרשווינדן און אין לעבן טרעטן אַריין דער נייער יושר און דאָס נייע רעכט.

דאָס הערשנדיקע רעכט און יושר פון אַ צייט איז דע־ריבער נישט קיין אַנדער זאַך, ווי דער יושר און רעכט פון דעם הערשנדיקן קלאַס, וואָס דריקט אויס זיין פאַקטישע מאַכט אָדער זיין נויטווענדיקן שטרעבן צו דער פאַקטישער מאַכט אינם עקאָ־נאָמישן לעבן. און די פאַקטישע מאַכט גופא פון דעם הערשנדיקן קלאַס איז נישט קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר אַ נויטווענדיקער פועל יוצא פון יענער מאַכט איבער דער נאַטור, וועלכע די מענטש־הייט האָט דערגרייכט אין אירע פּראָדוקטיווע קרעפטן.

אַ גלענצנדיקן ביישפּיל פון דעם קאַמף, וואָס ווערט געפירט

פון דעם אַלטן רעכט, דער אָפּשפּיגלונג פון דער אַלטער מאַכט, אַנטקעגן דער נייער מאַכט, וואָס וויל באַשאַפן אַ ניי רעכט, האָט אונז מאַרקס באַוויזן אין דעם ערשטן באַנד „קאַפּיטאַל", אין דער שילדערונג פון יענעם פּראָצעס, ווי אַזוי די ענגלישע און שאָטלענדישע פּויערים זענען באַרויבט געוואָרן פון זייערע נחלאות און אַריינגעטריבן געוואָרן אין די שטעט, — אין די וואַרשטאַטן און פאַבריקן.

אין 15-טן יאָרהונדערט איז דער גרעסטער רוב פון דער ענגלישער באַפעלקערונג באַשטאַנען פון פרייע פּויערים. דאָס לאַנד איז געווען באַזעצט מיט איינצלנע קלענערע און מיטלערע פּויערשע הויפן און נחלאות, און דער פּויער איז געווען זייער פּאַקטישער בעל-הבית. עס זענען אויך געווען געמיינדע-לענדערייען, פעלדער און לאָנקעס, וואָס האָבן געהערט בשותפות צו אַ גאַנצער געגנט פּויערים.

דאָס האָט זיך איינגאַנצן געענדערט מיט דער אַנטוויקלונג פון דער מאַנופאַקטור. זי האָט זיך געניוויקט ראשית אין וואָל, אָבער די קליינע פּויערשע באַלעבאַטישקייטן האָבן געליפערט צו ווייניק שעפסן, והשנית, האָט די מאַנופאַקטור געדאַרפט האָבן, נויטיק ווי אין לעבן, אַ פ ר י י ע ן אַרבעטער, ד. ה. אַזאַ, וואָס זאָל צו קיינעם נישט געהערן און קיינער זאָל נישט דאַרפן דאגהן זעגן אים, און דערצו נאָך אַזאַ, וואָס זאָל אויך זיין „פריי" פון יעדן אייגנטום, אַזוי, אַז ער זאָל זיין ג ע צ ו וו ו נ ג ע ן צו פאַרקויפן זיינע אַרבעטס-הענט צו דעם נייעם בעל-הבית. האָט אָבער דער פּויער נישט ג ע וו ו אָ ל ט גיין אין די פאַבריקן, ווייל ער האָט געהאַט אַ גוטע לויגענדיקע באַשעפטיקונג ביי זיך אין דער היים.

אויב מען וואָלט דעמאָלט געפרעגט ביי דעם מלאך, וואָס איז ממונה אויף דער מאַנופאַקטור: ווי אַזוי דערגרייכט מען דידאָזיקע צוויי צילן מיט איין קלאַפּ, אַז אי מען זאָל האָבן שעפסן גענוג, אי מען זאָל האָבן בהרחבה באַראַנעס, איך מיין, אַרבעטער, — וואָלט ער גאַנץ געווים געענטפערט: „טרייבט אַראָפּ די פּויערים פון זייערע נחלאות, וועט איר האָבן אי גענוג ערד אויף

לאָנקעס פאַר די שפּפּסן, אי גענוג אַרבעטס־הענט פאַר דער מאַנופאַקטור״...

און כך הוה! וואָס עס איז געלעגן אין די אינטערעסן פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, איז דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן. אומזיסט האָט די אַלטע געזעצגעבונג גאַנצע 150 יאָר געקעמפט אַנטקעגן דעם אָפענעם אומרעכט, וואָס די קאַפּיטאַליסטן זענען באַגאַנגען בנוגע די פויערים; אומזיסט האָט דער אַלטער יושר פּראָטעסטירט אַנטקעגן דער גזילה און דער רציחה וואָס מען פאַרטרייבט מענטשן פון זייער הויף און היים; אומזיסט האָט נאָך אין 19־טן יאָרהונדערט אַ פאָרשער געשליידערט אין פּנים די באַשולדיקונג, אַז „די שטאַטישע גדולים האָבן עקספּראָפּרירט משפּחות, ווי מען יעט אויס שעדלעכע פלאַנצן״, אַז „דער מענטש ווערט פאַרשאַכערט פאַר אַ שעפּסן־פעלעכל, אָדער אַ האַמעל־לידקע, יאָ, נאָך פאַר ווייניקער״... די מאַכט האָט געבראָכן די אַלטע רעכט און דעם אַלטן יושר און באַשאַפן נייע אויף זייער פּלאַץ. מאַכט איז רעכט!

איך האָב געפּרוּווט איבערגעבן גאַנץ בקיצור די טיפּע און שכלדיקע לערע פון קאַרל מאַרקס און אויך אין דעם קיצור האָב איך מיך געמוּזט באַגרענעצן מיט יענע שטריכן וואָס זענען נויטיק פאַר אונזער ענין.

פון די שטריכן ווערט אָבער קלאָר, אַז אויב מיר בלייבן שטיין אויף דעם מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט, האָבן מיר קיין רעכט נישט אַרויסצוטרעטן אַנטקעגן די פאָן־בערנהאַרדיס, די דייטשישע אידעאָלאָגן פון דעם וועלט־קריג. וואָס האָט דייטשלאַנד געטאָן מיט בעלגיע אַנדערש, איידער וואָס די קאַפּיטאַליסטן האָבן געמאַכט מיט די פויערים? איז דער פעלקער־קאַמף נישט אַקוראַט אַזאַ פּראָדוקט פון עקאָנאָמישע אינטערעסן, ווי דער קלאַסן־קאַמף?

הייבט פאַרוואָס זאָלן מיר נישט פאַרשטאָפּן דאָס מויל דעם יושר, פאַרוואָס זאָלן מיר אים אינגאַנצן נישט דערווערגן, ווען ער ווערט איצטער אויפגעוועקט פון אַ פאָן־בערנהאַרדי מיט זיין פּאַרמול: „מאַכט איז רעכט״?

קאָן מאָן־בערנהאַרדי נישט לאָזן רופן מאַרקסן אַליין, ווי אַן עדות פאַר זיין אמת ?

IV

## „סינג־סינג"־רעכט און יושר־רעכט

אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער מענטשלעכער וויסנשאַפט איז שווער צו געפינען אַ טעאָריע, וואָס זאָל אַזוי קלאָר אילוסטרירן דעם געדאַנק, אַז מאַכט איז רעכט, ווי דאָס טוט דער מאַרקסיזם, מיט בולטע פאַקטן און טיפע אַרגומענטן באַווייזט ער, ווי אַזוי די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון דעם הערשנדיקן קלאַס טרעטן מיט די פיס אַלע רעכט, וועלכע די געזעלשאַפט האָט פריער פאַרהייליקט, און פירן דורך אַ נייע רעכטס־אָרדענונג, וואָס פאַסט בעסער פאַר דער אַנטוויקלונג פון זיין מאַכט, ווי אַזוי דיזעלביקע אינטערעסן און די נייע רעכטס־אָרדענונג רופן אַרויס אין דעם עפנטלעכן באַוווסטזיין אַ נייעם בליק אויף יושר, אויף גערעכטיקייט, וואָס פאַטשט אין פנים אַלע פרינציפן, אין וועלכע די געזעלשאַפט האָט געגלויבט ביז אַהער.

אין אונזערע קריטישע באַמערקונגען צו דער רעכטס־פילאָזאָפיע און דער מאָראַל־פילאָזאָפיע פון דעם מאַרקסיזם וועלן מיר נישט פרווון אָפּלייקענען נישט זיינע טיפע אַרגומענטן, נישט די בולטע פאַקטן, וואָס ער ברענגט און וואָס קאָנען פאַרמערט ווערן אָן אַ שיעור אויס דער געשיכטע פון אַלע פעלקער און אַלע צייטן.

פאַר אונזער ציל איז נויטיק, מיר זאָלן פאַרלאָזן דעם שטאַנדפונקט פון דעם מאַרקסיזם, ווי מיר האָבן אים געפרווט אויסמאָלן בקיצור, אַפילו בלייבנדיק אויף דעמזעלביקן באָדן פון זיינע פאַקטן און אַרגומענטן, קאָן מען אויך קודם כל באַמערקן, אַז די פאָרמול „מאַכט איז רעכט" פאַסט נישט גאָר אינגאַנצן

צו זיי. ריכטיקער וואָלט געווען צו זאָגן, — נישט, אַז „מאַכט איז רעכט“, נאָר אַז „מאַכט ווערט רעכט“.

אינדעראמתן: די מאַכט האָט תּמיד אַ היפּש ביסל אַרבעט פֿאַר זיך איידער זי פֿירט אויס, עס זאָלן אָראָפּגעטראָגן ווערן די אַלטע רעכטס-פֿעסטונגען און אויסגעבויט ווערן נייע, און שוין גאָר אַ היפּשע ווײַלע מוז פֿאַרגיין, ביז דער עפֿנטלעכער יושר איינט זיך אויס מיט די אינטערעסן פֿון דער הערשנדיקער מאַכט. הייסט עס, אַז עפּעס דאַרף נאָך צוקומען צו דער מאַכט, איידער זי קאָן ווערן אַ רעכט.

וואָס איז עס אַזוינס?

מילא, אין דעם פֿאַקט, וואָס די געזעצגעבונג דאַרף סאַנקציאָנירן די אינטערעסן פֿון דער הערשנדיקער מאַכט, אין דעם אויפֿבוי פֿון נייע רעכטס-פֿעסטונגען, קאָן מען אפֿשר נישט דערבליקן קיין איין נייעם מאָמענט, וואָס זאָל גיין להיפּך צו דער פֿאָרמול: „מאַכט איז רעכט“. די הערשנדיקע עקאָנאָמישע מאַכט צווינגט מיט געוואַלט, — אַ פֿיזישער, אָדער אַן אַנדערער, — די מלוכהשע מאַכט, זי זאָל דורכפֿירן נייע באַפֿעלן אין דעם יורידישן לעבן פֿון דער געזעלשאַפֿט. דאָ קומט נישט צו קיין אַנדער נייע זאַך אַ חוץ ווידער אַמאָל מאַכט, — אין דער לעצטער שורה, — אַ ריינע פּאָליציי-מאַכט, וואָס צווינגט איינעם צו פֿאָלגן די געזעצן פֿון לאַנד. אַז נישט גייט ער אין „סינג-סינג“. *)

נישט אַזוי איינפֿאַך איז אָבער דער ענין מיט דער צווייטער דעראָבערונג, וואָס דער הערשנדיקער קלאַס מוז מאַכן, די דעראָבערונג פֿון דעם מענטשלעכן יושר. קיינער קאָן דאָך קיינעם נישט צווינגען מיט געוואַלט, ער זאָל איינזען, אַז די נייע געזעצן, וועלכע ער מוז פֿאָלגן, זענען גערעכטע געזעצן, אַז עס איז אַ יושר, וואָס זיי האָבן געגומען הערשן אין לעבן. כּדי איינער זאָל דאָס איינזען, דאַרף פֿאָרקומען אַן אינעווייניקסטע

*) „סינג-סינג“ — איז אַ באַקאַנטע תּפֿיסה אין דעם שטאַט ניו-יאָרק.

רעוואָלוציע אין דעם מאָראַלישן באַוווסטזיין, אַ גאַנצער איבערקער אין דעם בליק אויף יושר און עוולות.

אין וואָס באַשטייט דער תּוך פון דערדאָזיקער רעוואָלוציע? אין דעם מוזן מיר קודם כּל קלאָר ווערן.

דער מענטש טיילט איין אַלע דערשיינונגען פון דעם מענטשלעכן לעבן אין קלוגע און נאַרישע, אין נוצלעכע און שעדלעכע, אין שיינע און מיאוסע, אין שטאַרקע און שוואַכע, אין גערעכטע און אומגערעכטע. אָבער די לעצטע איינטיילונג, — אין יושר און עוולות,—טראָגט אין זיך אַזעלכע סמנים, וועלכע קיין שום פריערדיקע איינטיילונג האָט נישט אין זיך. זי טרעט אַרויס מיט דער אַבסאָלוטער פּרעטענזיע, אַז יעדעס מענטשלעך באַוווסטזיין דאַרף זיך בויגן פאַר איר און אַז דער, וואָס בויגט זיך נישט פאַר איר, פאַרדינט אַ מיאוסן פּסק: אַ געזעצלעכע שטראָף, אָדער לפּחות אַן עפנטלעכן בזיון, אַ באָיקאָט.

קלוגע, נוצלעכע, שיינע און שטאַרקע דערשיינונגען געפעלן אונז. נאַרישע, שעדלעכע, מיאוסע און שוואַכע רופן אַרויס אונזער ווידערווילן. אָבער קיינעם קומט נישט אַרויף אויפן זין, אַז דער אידיאָט, דער קראַנקער מיט אַ קלעפּיקער קרענק, דער הויקערדיקער און דער חולה-נופלימדיקער האָבן זיך מיט עפּעס פאַרזינדיקט אַנטקעגן דעם מענטשן, און אַז די מענטשן דאַרפן זיי רודפן אויף אַ מער אָדער ווייניקער שאַרפן אופן. „שוואַרצע קאַרשן רייסן מיר, רויטע לאָזן מיר שטיין; שיינע מיידלעך קושן מיר, מיאוסע לאָזן מיר גיין", זינגט אַ יידיש פאָלקסלידל. און קיין אַנדער שטראָף קאָן קיין יושר נישט צולאָזן פאַר זיי. קיינער וועט פאַר מיאוסע מיידלעך נישט פאָדערן קיין מיאוסן פּסק פאַר זייער מיאוסקייט. לאָזן שטיין, לאָזן גיין — דאָס איז דאָס העכסטע, וואָס מיר קאָנען אָפּטאָן די נאַרישע, מיאוסע אָדער שוואַכע דערשיינונגען. דאָס רוב נעמען מיר זיך נאָך אָן פאַר זיי, מיר האָבן רחמנות מיט זיי, און אַפילו ווען מיר קעמפן מיט דער שעדלעכער דערשיינונג פון אַ חולה מיט אַ קלעפּיקער קרענק, קעמפן מיר נישט אַנטקעגן דעם חולה. נאָר אַנטקעגן דער קרענק: מיט דעם חולה האָבן מיר דווקא רחמנות.

גאַנץ אַנדערש טראָגט זיך אויף אונזער באַוווסטזיין מיט יושר און עוולות. טרעפן מיר אין לעבן אַן אומגערעכטן מענטשן, אָדער אַן אומגערעכטע טאַט, רעוואָלטירט אין אונז אונזער גאַנצעס מאָראַלישעס באַוווסטזיין, און מיר קאָנען זיי נישט „לאָזן שטיין״, אָדער „לאָזן גיין״. מיר מוזן זיי רודפן. אונזער יושר פאָדערט, אַז די בייזע טאַט זאָל ווידער גוטגעמאַכט ווערן, אַז דער שלעכטער מענטש זאָל באַקומען זיין מיאוסן פסק. און אַפילו ווען מיר שטעלן זיך אויף דעם העכסטן שטאַפּל פון הומאַניטעט, ווען מיר האָבן רחמנות מיט דעם פאַרברעכער, אונטערדריקט דאָס אונזער עקל צו דעם פאַרברעכן, אונזער זיטלעכן פראָטעסט אַנט־קעגן דער עוולה. און דער רחמנות, וואָס מיר לייגן אויף אים, האָט אין אונזער געפיל אַ גאַנץ אַנדערן זין, איידער אַלע אַנדערע אַרטן רחמנות.

איך וויל מיר דאָ נישט אַריינלאָזן אין דעם אַנאַליז פון דער פסיכישער נפקא מיניה, וואָס קומט דערביי פאָר, אָבער דעם גאַנצן תהום, וואָס ליגט צווישן איין רחמנות און דעם אַנדערן קאָן מען לייכט איינזען, ווען מען דערמאָנט זיך אָן דאָס ווערטעלע „נעבעך״, און ווען מען מאַכט זיך קלאָר, אויף וואָס דאָס פאַלק ווענדט דאָס אָן און אויף וואָס עס קאָן נישט אָנגעווענדט ווערן. „לאָזט אים צורו: ער איז נעבעך אַ קראַנקער, אַ שוואַכער, אַ מיאוסער, אַן אידיאָט״, — דאָס קאָן געזאָגט ווערן. עס קאָן אָבער נישט געזאָגט ווערן, סיידן אין שפּאַס: „לאָזט אים צורו: ער איז נ ע ב ע ך אַ רשע־מרושע״, „נ ע ב ע ך אַ ליגנער און אַ גנב״.

דאָס געפיל פון עטישן פּראָטעסט אַנטקעגן באַגאַנגענע עוולות און אַנטקעגן מענטשן, וואָס באַגייען זיי, איז אַזאַ כאַראַקטעריס־טישעס, אַז עס קאָן אין ווערטער נישט באַשריבן ווערן. און דער, וואָס האָט אים נישט דורכגעלעבט אין זיין נשמה, דער קאָן נישט האָבן קיין ברעקל באַגריף וועגן אים, ווי אַ בלינדער קאָן נישט האָבן קיין באַגריף פון פאַרבן. אָבער — וועלכער מענטש האָט עס נישט דורכגעלעבט? אַפילו דעם פאַרדאָרבנסטן „רשע־מרושע״

קאָן עס נישט זיין פרעמד. לאָז ער זיך נאָר דערמאָנען, וואָס ער פילט, בעת אַנדערע באַגייען אַן עוולה אַנטקעגן אים.

אָט דער עמפּירישער פאַקט אין אונזער אַלעמענס מענטש־לעכן באַוווּסטזיין גיט אונז די מעגלעכקייט צו פאַרענטפערן די שאלה וועגן דעם תּוך פון יענער רעוואָלוציע, וועלכע די זיגנדי־קע מאַכט ברענגט אריין אין אונזערע באַגריפן פון יושר און עוולות. די רעוואָלוציע רירט אַ סימן נישט אָן דעם שורש גופא פון יושר און עוולות, דעם געפיל פון זיטלעכן פּראָ־טעסט. זי בייט נאָר איבער דעם אינהאַלט, די ענינים, וואָס דאַרפן אים אַרויסרופן אין אונז.

אין דער צייט, ווען די שקלאַפעריי איז געווען געזעצלעך כשר, ווען די אינטערעסן פון די שקלאַפן־האַלטערס האָבן באַ־הערשט דעם עפנטלעכן יושר, איז געווען אַן עוולה צוצוגיין צו אַ שקלאַפן־האַלטער, אַפּנעמען ביי אים מיט געוואַלט זיין שקלאַף, פאַר וועלכן ער האָט באַצאָלט גוטע געלט און וועלכן ער האָט אפשר באַהאַנדלט אַזוי פיין, און אָפּלאָזן דעם שקלאַף אויף דער פריי, — אַן עוולה, וואָס וואָלט אַרויסגערופן דעם געפיל פון עטישן פּראָ־טעסט. איצטער, ווען די שקלאַפעריי איז אָפּגעשאַפט, איז געוואָרן אַן עוולה, איין מענטש זאָל קויפן דעם אַנדערן מענטשן פאַר אַ שקלאַף. און דערזעלביקער עטישער פּראָטעסט, וואָס האָט זיך פריער געווענדט אַנטקעגן די „אומגערעכטע" באַפרייאונג פון אַ שקלאַף, ווענדט זיך איצטער אַנטקעגן ביידע: סיי דעם קויפער, סיי דעם פאַרקויפער, אפילו ווען דער מענטש פאַרקויפט זיך אַליין.

דאָס באַווייזט, אַז ביי אַלע איבערבייטן, וואָס די מאַכט רופט אַרויס אין דעם יושר, בלייבט איין זאַך נישט איבערגע־ביטן: דער יושר גופא, דאָס געפיל פון עטישן פּראָטעסט, דאָס מאָראַלישע באַוווּסטזיין. דאָס באַווייזט, אָבער, צווייטנס, אַז דאָס מאָראַלישע רעכטס־באַוווּסטזיין גופא איז לחלוטין אומאָפּ־הענגיק פון דער מאַכט. נישט די מאַכט האָט אים אָפּגעשאַפן אָדער צו פאַרענדערן, אָבער זי מוז זיך מיט אים רעכענען. כדי די מאַכט זאָל קאָנען ווערן אַ רעכט נישט נאָר אין דער „סינג־

סינג״-באַדייטונג פון דעם וואָרט, נאָר אויך אין דעם יושר-זין פון דעם וואָרט, דאַרף זי זען אַריבערצוציען אויף איר זייט דאָס עפנטלעכע מאָראַלישע באַוווסטזיין.

הייסט עס, אַז ווען מיר זאָלן אַפילו דערווייל צוגעבן דעם מאַרקסיזם, אַז די גאַנצע געזעצגעבונג, דאָס גאַנצע „סינג-סינג״-רעכט איז אַ פּראָדוקט פון מאַכט און נאָר פון מאַכט, בלייבט נאָך דאָס יושר-רעכט, די איינגעוואָרצלטע געפילן פון רעכט און גערעכטיקייט, וואָס לאָזן זיך נישט צוריקפירן צו דער ריינער מאַכט, אָבער אין וועלכע זי נויטיקט זיך, כדי צו פאַרזיכערן איר הערשאַפט איבער די מוחות פון דעם פאָלק.

און אין דעם פאַרלויף פון דער גאַנצער מענטשלעכער געשיכטע זעען מיר, אַז די הערשנדיקע מאַכט ווערט אַ רעכט און האַלט אויף איר רעכט-פּאָזיציע נאָר דורכדעם, וואָס זי זוכט אַ הכשר ביי דעם יושר-רעכט און געפינט אים.

מיר שטעלן זיך דערווייל אָפּ. מיר וועלן זיך נאָך אומקערן צו אונזער טעמע, ווייל מיר האַלטן, אַז גראָד איצטער דאַרפן מיר אַלע פאַראינטערעסירט זיין אין דעם, אַז דער ענין פון מאַכט און רעכט זאָל אויפגעקלערט ווערן, ווי ווייט מעגלעך: שוין לאַנג האָט די מענטשלעכע געשיכטע נישט דורכגעלעבט אַזאַ ווילדן צונויפשטויס פון מאַכט און רעכט, ווי אין אונזערע טעג, און זעלטן ווען איז דאָס מאַכטלאָזע רעכט אַזוי אָפן גע-שטאַנען פנים לפנים אַנטקעגן דער אומגערעכטער מאַכט...

צו די מאַכטלאָזע, וואָס פאָדערן זייער רעכט, געהער אין ערשטער ליניע דאָס יידישע פאָלק. דערפאַר דאַרפן מיר אפשר מער פאַר אַלעמען זען קלאָר צו ווערן אין דעם ענין.

מיר וואָלטן געקאָנט נאָך מאַכן אייניקע אַנדערע קריטישע באַמערקונגען וועגן דער מאַרקסיסטישער רעכט-און- מאָראַל-פילאָ-זאָפיע, אויף וויפל זיי האָבן צו טאָן מיט דער מאַכט-און- רעכט-פּראָבלעם, אָבער שוין פון דעם געזאָגטן וועט זיין קלאָר:

די פאָרמול: „רעכט איז מאַכט״ איז באַשטרעבט צו דער-טרינקען דעם יושר-רעכט אין דער מאַכט. קוים אַנאַליזירט מען זי אָבער אַביסל טיפער, אַזוי שווימט ווידער אַרויף דער יושר-

רעכט, ווי אַ זעלבשטענדיקער פּרינציפּ, פאַר וועלכן די מאַכט זוכט זיך צו פאַרענטפערן.



## מיין רעכט צו זיין אומגערעכט

אין דעם פריערדיקן קאַפּיטל איז מיר אויסגעקומען אויפ־צוווייזן אויף דעם חילוק צווישן דעם הערשנדיקן רעכט, וועלכן איך האָב אַ נאָמען געגעבן „סינג־סינג־רעכט", און דעם גע־רעכטן רעכט, דעם אידעאַלן רעכט, וואָס איך האָב אָנגערופן „יושר־רעכט".

אין די צייטן פון דער שקלאַפן־הערשאַפט האָט יעדער בירגער געהאַט אַ רעכט צו קויפן אַ שקלאַף און צו באַגיין זיך מיט אים לויט די אכזרישע דינים פון יענער נאָך האַלב־באַר־באַרישער צייט. דאָס איז געווען אַ „סינג־סינג־רעכט". דער יושר־רעכט איז געגן דעם. על־פּי־יושר טאָר קיינער קיינעם נישט פאַרשקלאַפן.

עס קאָן איינעם אויסדוכטן, אַז דער העכסטער רעכט־באַגריף איז דער יושר־רעכט. וואָס קאָן שטיין העכער פאַר אים? ער און נאָר ער דאַרף זיין דער העכסטער מאָסשטאַב כדי צו באַשטימען, וואָס איינער מעג און וואָס איינער טאָר נישט. איך מעג טאָן אַלץ, וואָס שטימט מיט דעם יושר, און איך טאָר קיין זאַך נישט טאָן, וואָס גייט להיפך צו אים.

טראַכט מען זיך אַריין אַ ביסל טיפער, געפינט מען, אַז די זאַך איז נישט אַזוי פּשוט, ווי זי זעט אויס אויף דעם ערשטן בליק.

לאָמיר זיך אַריבערטראָגן אין געדאַנק טאַקע אין דער צייט פון דער שקלאַפן־הערשאַפט. מיר געפינען, אַז דער שקלאַפן־האַלטער האָט נאָר אַ „סינג־סינג־רעכט" אויף זיינע שקלאַפן און

אַז אייגנטלעך טאָר ער על-פּי-יושר נישט זיין קיין שקלאַפן-האַלטער.

האָט אָבער דער שקלאַפן-האַלטער אַ רעכט צו פאַרייִדיקן שקלאַפעריי? צו קעמפן מיט אַלע על-פּי-יושר-מיטלען, — רעדן, פאַרזאַמלונגען, פּרעסע א. אַז. וו., — אַנטקעגן דער באַפרייאונג פון די שקלאַפן?

עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָ ווערט נישט געפרעגט, צי ער איז באַרעכטיקט דערצו על-פּי דעם הערשנדיקן געזעץ. דאָס הערשנדיקע רעכט שטאַרקט אים נאָך אין זיין קאַמף און וויל נאָר פאַרשטאַפּן דאָס מויל זיינע קעגנער. עס פרעגט זיך, צי האָט ער אַ רעכט על-פּי-יושר? מיר ווייסן דאָך שוין, אַז על-פּי-יושר איז ער אומגערעכט, אַז עס איז אַן עוולה צו פאַרטיידיקן שקלאַפעריי. פרעגט זיך די שאלה: קאָן מען על-פּי-יושר באַגיין אַן עוולה? האָט דער אומגערעכטער אַ רעכט צו זיין אומגערעכט? און אויב ער האָט, ווי ווייט גייט זיין רעכט דערויף?

אויב עס איז דאָ אַזאַ רעכט אין אונזער מענטשלעכן רעכטס-באַוווסטזיין, איז דעמאָלט קלאָר, אַז דער „יושר״ איז נישט דער העכסטער מאָסשטאַב פאַר אונזערע האַנדלונגען. מיר טאָרן קיינעם נישט פאַרווערן צו באַגיין אַן עוולה (פאַרייִדיקן שקלאַפעריי), ווען אַפילו עס וואָלט געווען אַ יושר נישט צו לאָזן אים ער זאָל דאָס טאָן.

איז דאָ נאָך אַ העכערער טריבונאַל איידער דער יושר? אין וואָס באַשטייט ער? פון וועלכן רעכטס-קוואַל שעפּט ער זיין רעכט?

מיט די פראַגן האָב איך מיך נאָך פאַראינטערעסירט אין מיין פריער יוגנט. עס איז געווען אַ צייט, ווען אין די רעוואָ-לוציאָנערע קרייזן איז שטאַרק דעבאַטירט געוואָרן די פראַגע, צי מעג מען „אַראָפּנעמען״ פּאָביעדאָנאָסצעוו. דאָס איז נאָך גע-ווען פאַר דעם לעבן פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן, און כמעט אומעטום האָט געהערשט דער גלויבן, אַז דער קיסר אַליין איז אַן „אידיאָט״ (קיסרים זענען אַלע מאָל אידיאָטן!) און אַז אַלע צרות

שטאַמען פון פּאָביעדאָנאָסצעוון, דעם פּראָקוראָר פון דעם „הייליקן סינאָד".

אויב מיר, רעוואָלוציאָנערן, קעמפן פאַר דער באַפרייאונג פון דעם צאַריזם, אויב מיר גלויבן, אַז מיר האָבן על-פּי-יושר אַ רעכט אָנצווועגדן אין דעם קאַמף טעראָריסטישע מיטלען, זענען מיר פאַרפליכטעט צו באַשטראָפן אָדער אָפּצוראַמען פון וועג דעם אמת-שולדיקן. דער באמת שולדיקער איז אָבער נישט דער אידיאָט, אַלעקסאַנדער, נאָר דער שמד-קאָפּ, זיין בעל-יועץ ממילא...

אַזוי האָבן אַ סך מענטשן געדענקט און געטענהט אין יענער צייט.

די „פאַרטיידיקער" פון פּאָביעדאָנאָסצעוון פלעגן דאָס רוב זיך באַפעסטיקן אין אַזאַ פּאָזיציע:

וואָס טוט דען אַזוינס פּאָביעדאָנאָסצעוו, וואָס מיר זאָלן אים מעגן באַשטראָפן? ער פּריידיקט זיינע אידייען און אידעאַלן! ער נוצט אויס זיין רעכט פון רעדע-פרייהייט. קאָנען מיר דען באַשטראָפן איינעם דערפאַר, וואָס ער געברויכט יענץ רעכט, פאַר וועלכן מיר קעמפן? וואָלט ער דען נישט געהאַט דאָס אייגענע רעכט, ווען נישט ער וואָלט געווען דער פאַקטישער באַלעבאָס פון לאַנד, נאָר דער ווילן פון דעם גאַנצן פאָלק? עס איז נישט קיין יושר פון זיין זייט אויסצונוצן זיין פרייהייטס-רעכט נישט צום נוצן, נאָר צום שאָדן פון פאָלק. מיר קאָנען דאָס באַדויערן, אָבער מיר זענען געבונדן צו רעספּעקטירן זיין רעדע-פרייהייט, ווייל זי איז איינע פון יענע רעכטלעכע יסודות, פאַר וועלכע מיר אַליין זענען גרייט צו גייען אין טויט.

דערויף פלעגט מען ענטפערן אַזוי: רעדע-פרייהייט און אַלע אַנדערע פרייהייטן פון דעם אינדיווידום זענען אַ ב ס אָ ל ו ט ע, אומבאַדינגטע געבאָטן, וועלכע יעדער מוז צו יעדער צייט אָפּהיטן, אָבער נאָר אין די גרענעצן פון יענע רעכט גופא. קיין רעכט קאָן נישט גיין אַזוי ווייט, אַז ער זאָל אָפּשאַפן דאָס רעכט. עס קאָן קיינעם נישט געגעבן ווערן קיין רעכט צו פאַרשטאָפן קוואַל, פון וועלכן דאָס רעכט פליסט

אַרויס, — אַ רעכט אויסצוואָרצלען דאָס רעכט. פּאָביעדאָנאָסצעוו אָבער נוצט אויס דאָס רעכט פון רעדע-פרייהייט, כדי צו דער-ווערגן דאָס רעכט פון רעדע-פרייהייט. ער באַגייט אַ פאַרברעכן אַנטקעגן אונזער רעכט, און ממילא...

אַנדערע ווידער האָבן געפּשטלט דעם „חייב מיתה״ אויף אַן אַנדער אופן.

— עס איז נישטאָ קיין אַבסאָלוטע רעכט פאַר דעם אינ-דיווידואום. דאָס העכסטע געזעץ איז דאָס גליק פון דעם פאָלק. מיר פאָדערן רעדע-פרייהייט נישט ווייל דאָס איז אַן אַבסאָלוט רעכט, נאָר ווייל דאָס איז איינער פון די יסודות, אויף וועלכע עס ווערט אויפגעבויט דאָס גליק פונם פאָלק. ממילא, קאָן דאָס רעכט נישט גיין אַזוי ווייט, אַז עס זאָל שעדיקן יענעם יסוד, פּאָביעדאָנאָסצעוו אָבער... וגומר...

מליצי-יושר פון דער רעדע-פרייהייט האָבן דערווידערט:

אויב דאָס העכסטע געבאָט איז דאָס גליק פון דעם פאָלק און פאַר אים דאַרפן שטום ווערן אַלע אַנדערע געבאָטן, איז דעמאָלט קאָן דאָך פּאָביעדאָנאָסצעוו האָבן דיזעלביקע טענה צו אונז. ער קאָן זאָגן: „דאָס גליק פון דעם פאָלק ליגט אין דעם צאַריזם, אין דעם אומבאַדינגטן פאָלגן די העכסטע געוואַלט. די רעוואָלוציאָנערן און ליבעראַלן ווילן אונטערגראָבן יענעם פונדאַמענט פון דעם פאָלקס גליק. דעריבער איז נישט נאָר אַ רעכט, נאָר אויך אַ פליכט פון דעם העכסטן יושר, מען זאָל זיי אַלעמען רודפן עד לחרמה״.

עס איז מערקווירדיק, אַז די „מחייבים״ האָבן זיך כמעט קיין מאָל נישט באַנוצט מיט דעם ביליקן און אויבערפלעכלעכן ענטפער „היתכן? קאָן דען דאָס געמאָלט זיין, אַז דאָס גליק פון דעם פאָלק זאָל ליגן אין דעם צאַריזם? און אויב איינער אַ שוטה אָדער אַן עם הארץ קאָן יאָ ווען עס איז טראַכטן אַזאַ זאַך, איז — נישט שוין האָבן זיך די רעוואָלוציאָנערן צו רעכענען מיט די געדאַנקען פון שוטים און עם-הארצים?״

גיין. אַזעלכע פּרימיטיווע טענות זענען אין מיינע קרייזן נישט געהערט געווען. דאָס זענען געווען יונגע „נאַראָדאָוואָלצעס״,

שפעטערדיקע סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן גוט אַריינ-גענומען אין זיך מיכאַילאָווסקיס לערעס וועגן דעם „סוביעקטי-וויזם”. זיי האָבן שוין געוווּסט יענעם גרויסן און וויכטיקן אמת,— מיט וועלכן עס איז פאַר די גרויסע מאַסן נאָך עד היום שווער זיך אויסצואיינען, — אַז גלייך-געבילדעטע, גלייך-קלוגע און גלייך-ערלעכע מענטשן קאָנען אין זייערע געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן קומען צו אַבסאָלוט-אַנטקעגנגעזעצטע רעזולטאַטן. פּאָביעדאָנאָסצעוו האָט דעריבער געקאָנט באמת גלויבן, אַז זיין רעאַקציאָנערע פּאָליטיק איז דער העכסטער שטאַפּל פון דעם געזעלשאַפטלעכן יושר.

פּאָביעדאָנאָסצעווס פּראָקוראָרן האָבן דאָס בשום אופן נישט געלייקנט. זיי האָבן נאָר געזאָגט:

ס'איז אמת, אַלע געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן זענען גלייכ-באַרעכטיקט. אָבער מחמת דעם גופא קאָן דאָס רעכט זיך נישט אַריינמישן אין זייער שטרייט, ווייל דאָס רעכט קאָן נישט באַשטימען, ווער איז מער גערעכט און ווער איז ווייניקער גע-רעכט. דעריבער בלייבט פאַר זיי איבעריק נאָר צו קעמפן איי-נער אַנטקעגן דעם אַנדערן, און וועלכער אידעאַל עס וועט האָבן מער מאַכט, יענער וועט מקוים ווערן אין לעבן. פּאָביעדאָנאָסצעוו שיקט אונז אויף די תליות ווייל זיין אידעאַל פון פאָלק-גליק איז דער צאַריזם. מיר וועלן אים באַשטראָפן דערפאַר, ווייל אונזער אידעאַל איז נישט דער צאַריזם נאָר די פרייהייט.

דאָ איז שוין אויסגעקומען דער גוטער יאָר ווייס וואָס פאַר אַ מין פלאָנטער. פּאָביעדאָנאָסצעוו האָט פאַקטיש אַ רעכט, אַ פשוטן „סינג-סינג-רעכט”, צו פאַרפאָלגן אונז, ווייל אַזוי שטייט געשריבן אין דעם הערשנדיקן רוסישן געזעץ, ער האָט אָבער מאָראַליש קיין רעכט נישט צו פאַרפאָלגן אונז, ווייל ס'איז אַן עוולה צו קעמפן אַנטקעגן פרייהייט. ער האָט אָבער ווידער אַ העכערן מאָראַלישן רעכט צו פאַרפאָלגן אונז, ווייל ער גלויבט, אַז די עוולה באַגייען מיר און נישט ער און אַז דעריבער איז זיין היילקסטער חוב צו קעמפן אַנטקעגן אונז און ווייל ער האָט אַ רעכט אַזוי צו גלויבן, דאַרפן מיר אים טויטן.

דער לייענער זעט, אַז דער גאַנצער פּלאָנטער דרייט זיך דאָ אַרום דער פּראָבלעם פון איינעמס רעכט צו זיין אומגערעכט, און מיינט נישט, אַז דאָס איז אַזאַ לייכטע פּראָבלעם, און אַז זי ווערט זעלטן ווען אַקטועל. מען קאָן זאָגן, אַז גראָד אין יענע העכערע רעגיאָנען, ווו דער קאַמף ווערט געפירט נישט פון נאַקעטע מאַטעריעלע אינטערעסן אַנטקעגן נאַקעטע מאַטעריעלע אינטערעסן, נאָר ווו עס שטייען אין קאָן דעם מענטשנס אידעאַלן, די העכסטע באַגריפן פון יושר און עוולות, גראָד דאָרטן טרעט אויף שריט און טריט אַרויס די גרויסע שאלה פון איינעמס רעכט צו זיין אומגערעכט.

אין אַן עת צרה פאַרן פאָלק, ווען יעדער שריט זיינער דאַרף זיין אַזוי אויסגערעכנט, אַזוי אָפּגעהיט, אַזוי ציטעריק־קלוג און פּראַקטיש, ווייל גליק און אומגליק הענגט פון אים אָפּ, קומען נישט געוועכטע נביאים, נוצן אויס דאָס רעכט פון יעדן נביא, זיך אַליין צו קרוינען, בילדן פליענדיקע עסקאַדרעס, טומלען אין דער מחנה אַזוי, אַז זיי קאָנען פאַרפירן דאָס פאָלק אין אַזעלכע זומפּן, פון וועלכע עס וועט זיך קיינמאָל נישט אַרויסראַטעווען. זיי באַגייען אַן עולה.

האָבן מיר אַ רעכט זיי צו באַשטראָפן? איך מיין, פאַרשטייט זיך, נישט דורכדעם באַשטראָפן, וואָס מיר וועלן אַליין אָנטאָן דעם כתר נביאות אויף אונזער קאָפּ, — דער כתר נביאות איז פריי פאַר אַלעמען, — וואָס מיר וועלן אַליין בילדן אונזערע פליענדיקע עסקאַדרעס, וואָס מיר וועלן אַליין אָנהויבן טומלען אין דער מחנה, אויפדעקן די גאַנצע פאַלשקייט פון זייערע געדאַנקען, כדי דאָס פאָלק זאָל אייַנזען, אין וואָס פאַר אַן אומגליק מען וויל אים אַריינשלעפּן.

אויף אַזאַ אַרט צו באַשטראָפן זיי האָבן מיר אַוודאי אַ רעכט. עס פרעגט זיך אָבער, צי קאָנען מיר אָנפאַלן אויף דער מיאוסער מעשה גופא, וואָס עס קומען מענטשן פון דער גאַס, אָן פּראָטעקציעס, אָן פאַרטייען הינטער זיך, אָן הסכמות פון גדולים, און נעמען און טוען אָן אויף זיך די קרוינען פון נביאים, —

באַשר יעדער איינער מעג זיין אַ נביא, — און מאַכן אָן אַזאַ שרעקלעכן טומל?

זיי האָבן אַ רעכט דערצו, אָבער, — גאָט מיינער! זיי זענען דאָך אומגערעכט. איז דען נישט קיין יושר צו שטערן זייער אַרבעט מיט אַלע מיטלען?

אָדער אפשר האָבן זיי גאָר אַ רעכט צו זיין אומגערעכט און דער נאָך העכערער יושר פאָדערט, אַז מיר זאָלן יענץ רעכט רעספּעקטירן?

אָט פאַר דער שאלה שטייט דער איצטיקער מאָראַלישער געדאַנק. זי איז פאַרבונדן מיט די פאַרפלאָנטערטסטע געדאַנקען וועגן דער דערקענטעניש-טעאָריע און וועגן דעם אינעווייניקסטן מהות פון אמת און יושר. מיר מוזן דאָ ליידער בלייבן שטיין ביי דער שאלה.

# צו דער פילאָזאָפיע פון דעם מאַרקסיזם

## פּלעכאַנאָווס פּאָלעמיק אַנטקעגן שטערנען און קאָנראַד שמידן *)

### 1

### אַן אַרײַנפיר

דער מעטאַפיזישער פּעריאָד פון דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק קאָן כאַראַקטעריזירט ווערן ווי דער פּעריאָד, אין וועלכן דער סאָציאַליזם באַמיט זיך נישט נאָר טעאָרעטיש אַרויסצוברענגען און פּראַקטיש דורכצופירן אַ באַשטימטן סאָציאַל-פילאָזאָפישן הויפּט-פּרינציפּ, נאָר זוכט אויך צו באַגרינדן אַ נײַעם וועלט-באַנעם און לעבנס-בליק. דעמדאָזיקן שטריך געפינען מיר נישט נאָר אין דעם מאַרקסיזם. אויך די פריערדיקע סאָציאַליסטישע סיסטעמען האָבן אַרויסגעוויזן דיזעלביקע טענדענץ. זיי האָבן אַלע געשטרעבט אויסצואַרבעטן אַן אייגענע, אין זיך אײַנגעשלאָסענע פילאָזאָפיע. בעת די פאַרשיידענע סאָציאַליסטישע סיסטעמען זענען געווען אינגאַנצן אײַנשטימיק אין זייער קריטיק פון די עקזיסטירנדיקע געזעלשאַפטלעכע, מלוכהשע און קירכלעכע אינסטיטוציעס און אויך מער אָדער ווייניקער אײנס אין זייערע סאָציאַל-פּאָליטישע הויפּט-

*) געדרוקט געווען אין די „סאָציאַליסטישע מאָנאַטסהעפטן" פון 1899.

פרינציפן און ענדצילן, זענען זיי אָבער שוין געווען אַ סך ווייטער איינע פון די אַנדערע בנוגע זייערע וועגן און מיטלען, און זענען זיך שוין גאָר ווייט פאַנאַנדערגעגאַנגען אין זייערע וועלט־באַנעמען און לעבנס־בליקן. כמעט אַלע ריכטונגען פון דער מעטאַפיזיק און פון דער דערקענטעניש־טעאָריע, פון דער נאַטור־פילאָזאָפיע, מאָראַל־פילאָזאָפיע און געשיכטס־פילאָזאָפיע פאַראייניקן זיך, שניידן זיך דורך און באַקעמפן איינע די אַנדערע אין די פאַרשיידענע סאָציאַליסטישע סיסטעמען. לויט זייערע פילאָזאָפישע גרונטבליקן קאָנען דידאָזיקע סיסטעמען אַוועקגיין אַזוי ווייט איינע פון דער אַנדערער, ווי פרודאָנס אַסקעטישער אידעאַליזם פון פוריעס שטאַרק־אָפטימיסטישן סענסואַליזם, אָדער פון קאַרל מאַרקס׳ דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם. צו דערזעלביקער צייט איז אָבער דער סאָציאַל־פילאָזאָפישער הויפט־פרינציפ פון דעם אָדער פון יענעם סאָציאַליסט לחלוטין נישט קיין נויטווענדיקער לאָגישער פועל יוצא פון זיינע אַלגעמיין־פילאָזאָפישע געדאַנקען. דער אַנאַרכיזם פון אַ פרודאָן, די „פאַלאַנסטעריעס״ פון אַ פוריע אַזוי גוט ווי דער קאָלעקטיוויזם פון ק. מאַרקסן קאָנען גאַנץ גרינג אַרויסגעדרונגען ווערן פון דעם אידעאַליזם פונקט אַזוי גוט ווי פון דעם מאַטעריאַליזם אָדער פון דעם סענסואַליזם.

אָט־אָ דער שטרעבן פון ביזאַהעריקע סאָציאַליסטישע סיסטעמען צו זיין נישט נאָר סאָציאַליזם נאָר אויך אַ פילאָזאָפיע, רופט אַרויס יענע ריין־פילאָזאָפישע מחלוקתן, וואָס צעשפאַלטן די פאַרטיי אין באַזונדערע סעקטעס, וועלכע באַקעמפן פאַרביטערט איינע די אַנדערע, אָדער פאַרוואַנדלט די פאַרטיי אין אַ פאַרגליווערטער אָרטאָדאָקסישער קירך. אַזוי צי אַזוי ווייזן זיך דערביי אַרויס אַלע סימנים, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדער קירכלעכער אָרגאַניזאַציע.

די פאַרטיי האָט אירע אייגענע דאָגמען און הייליקע ספרים, אירע אייגענע אַפיקורסים און משפטים אַנטקעגן די אַפיקורסים, אירע אייגענע תנאים, וואָס ברענגען אַרויס דעם אמתן פשט פון די עקרימדיקע טעקסטן אין די הייליקע ספרים. אַזוי איז געווען די לאַגע אין פראַנקרייך אין דער ערשטער

העלפט פון דעם פאָריקן יאָרהונדערט, אַזוי איז נאָך עד היום די לאַגע אין דייטשלאַנד און אומעטום, ווו די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע שטייט אונטער דער השפעה פון דעם מאַרקסיזם, וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן נאָך אין די פערציקער יאָרן *). בלויז אין ענגלאַנד, אין פראַנקרייך און אין בעלגיע, ווו די אַרבעטערשאַפט איז צו זעלבשטענדיק צו לאָזן אויף זיך אַרויפצווינגען אַ באַשטימטן וועלט־און לעבנס־באַנעם און ווו דער סאָציאַליזם טרעט דעריבער נישט אַרויס ווי אַ מעטאַפיזישע תּורה, — בלויז דאָרטן געפינען מיר נישט קיין קירך, נישט קיין טעקסטן, נישט קיין פויפסטן, נישט קיין אַפּיקורסים, און עס איז איטלעכן דערלויבט צו פילאָזאָפירן ווי זיין האַרץ גלוסט אויב נאָר זיינע מעשים גייען נישט להיפך צו די אַלגעמיינע החלטות.

אמת, אויך אין דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע באַמערקן זיך שוין סימנים, וואָס דערוועקן די האָפענונג, אַז אויך אין אירע רייען דערנענט זיך דער מעטאַפיזישער פעריאָד פון דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק צום סוף. צווישן די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן הערן זיך אַלץ מער און מער שטימען, וואָס פאָדערן אַ קריטישע רעוויזיע פון דעם הערשנדיקן מאַרקסיסטישן וועלטבאַנעם. אָבער די העפטיקע מחלוקת, וואָס האָבן צוליב דערדאָזיקער פראַגע אויסגעבראָכן אין דער פאַרטיי, באַווייזן, ווי טיף די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז נאָך פאַרזונקען אין דאָגמאַטיזם.

דער פאַרגלייך פון דעם מאַרקסיזם מיט אַ רעליגיעזער דאָגמע איז בשום אופן נישט קיין פאָלעמישע צוטשעפעניש. דער פרינציפ פון אויטאָריטעט, אויף וועלכן איטלעכע קירכן־דאָגמע איז באַוווסטזיניק געבויט, ליגט אומבאַוווסט און מער אָדער ווייניקער פאַרדעקט אויך אין דעם יסוד פון דעם הערשנדיקן מאַרקסיזם, און איןביידע פאַלן פירט עס צו דיזעלביקע דער־

*) די לאַגע האָט זיך אין דעם פרט אויך אין דייטשלאַנד באַדייטנדיק איבערגעביטן. דער „מאַרקסיזם" איז אויך אין דייטשלאַנד פאַקטיש געוואָרן אַ „פריוואַטזאַך". [1930]

שיינונגען, וואָס מוזן אַרויסרופן אַ ספּעציעלן אינטערעס ביי דעם סאָציאַל-פּסיכאָלאָג. מיר וועלן ברענגען נאָר עטלעכע ביישפּילן פון דערדאָזיקער אַנאַלאָגיע.

ראשית לאָמיר נעמען דאָס שטרעבן פון די זיך באַקעמפנדיקע ריכטונגען צו ברענגען זייערע געדאַנקען אין איינקלאַנג מיט דער הערשנדיקער אויטאָריטעט. געוויס ווערן די חילוקי-דעותדיקע שאלות אין דער מאַרקסיסטישער פּאָלעמיק פאַנאַנדערגעקליבן אויך לויט זייער תוך. אָבער ביי יעדער געלעגנהייט איז מען זיך סומך אויף מאַרקסן און ענגעלסן. דאָסדאָזיקע שטרעבן רופט אַרויס צוויי דערשיינונגען, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש אויך פאַר דער קירכלעכער פּאָלעמיק. דאָס איז ראשית די קונסט פון אינטערפּרעטאַציע און שנית דער חילוק וואָס ווערט געמאַכט צווישן דעם „גייסט״ און דעם „אות״. גאַנץ אָפט פּשטלט מען אַריין אין פּסוקים פון מאַרקסן און ענגעלסן געדאַנקען, וואָס זענען זיי געווען לחלוטין פרעמד. דאָס ווערט דאָס רוב געטאָן אָדער כדי אָנצופּילן אַ פאַרעלטערטע, שוין אָפּגעפּרעגטע פאָרמולע מיט אַ נייעם פאַראַמתטן אינהאַלט, אָדער כדי אַריינצושמוגלען אַ נייעם ספקדיקן אינהאַלט אונטער דעם צודעק פון אַן אַלטער בכבודיקער פאָרמולע. בעת אין דעם ערשטן פאַל באַמיט מען זיך מיט דער הילף פון דער אינטערפּרעטאַציע-קונסט צו ראַטעווען די אויטאָריטעט, וואָס ווערט געשטעלט אין אַ סכנה דורך אַ נייעם אָנערקענטן אמת, זוכט מען אין צווייטן פאַל צו באַשיצן אַ נייעם אמת אַנטקעגן דער מאַכט פון אויטאָריטעט דורך דער אויטאָריטעט גופא. ווען אָבער דער נאָוואַטאָר זעט איין, אַז ער קאָן בשום אופן נישט געווינען דעם בוכשטאַב אויף זיין זייט, רופט ער אַרויס דעם „ג ײ ס ט״: „וואָלטן מאַרקס און ענגעלס געלעבט אין אונזער צייט, וואָלטן זיי זיכער געהאַלטן מיט אונז!״ אַזוי ווי עס וואָלט שוין געווען אַבסאָלוט זיכער, אַז מאַרקס און ענגעלס האָבן אין זייער צייט נישט געקאָנט מאַכן קיין טעות און וואָלטן נישט קאָנען מאַכן קיין טעות אין אונזערע טעג.

אומעטום, ווו עס הערשט דער מאַרקסיזם, גייען אָן אין דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור מחלוקתן וועגן דעם ריכטיקן פּשט

פון מאַרקס' אַרויסזאָגונגען. אַזעלכע וויכּוחים האָבן נאַטירלעך בלויז אַ ליטעראַטור־היסטאָרישן ווערט. זיי קאָנען נאָר העלפן קלאָר צו מאַכן מאַרקס' געדאַנקען. זיי קאָנען אָבער בשום אופן נישט קלאָר מאַכן די פראַגע אין איר תּוך גופא. אין פלוג האָט מען דאָך געדאַרפט דערוואַרטן, אַז מען נעמט אָן דעם מאַרקסיזם, ווייל מען זעט איין, אַז מאַרקס האָט געפונען די אמתע תשובה אויף די שאלות, וואָס אינטערעסירן אונז. באַווייזט מען אַ קעגנער, אַז מאַרקס האָט אַנדערש געטראַכט וועגן אַ געוויסער פראַגע, האָט עס דאָך געדאַרפט מיינען פאַרן קעגנער נאָר, אַז מאַרקס' געדאַנק איז פאַלש, און זיין נאַטירלעכער ענטפער האָט געדאַרפט זיין: „אויב אַזוי, האָט טאַקע מאַרקס דאָ געמאַכט אַ געוואַלטיקן טעות". אָבער דאָס רוב זעען מיר אין דער פאָלעמיק צווישן מאַרקסיסטן אַ גאַנץ אַנדער בילד. אַנ־שטאָט צוצוגעבן פשוט: „נו, בין איך אין דעמדאָזיקן פונקט טאַקע נישט קיין מאַרקסיסט", באַמיט מען זיך מיט אַלע כּוחות אויסצופּשטלען די פּסוקים און צו אינטערפּרעטירן דעם גייסט אַזוי לאַנג ביז עס גיט זיך איין אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך יעדן חשד אין אַפּיקורסות און צו באַווייזן, אַז דער כּנגד איז גאָר דער אמתער כּופר בעיקר. פונקט ווי אין די מחלוקתן אין רע־ליגיעזע ענינים.

אַ צווייטע דערשיינונג אין דעם מאַרקסיזם, וואָס ווייזט אַ קלאָרע אַנאַלאָגיע צו דער קירך, איז די איינטיילונג אין אַן אָרטאָדאָקסישער ריכטונג און אין אַ פרייזיניקערער ריכטונג. און פונקט ווי אין דעם קריסטנטום זענען פאַר דעם פרייזיניקן וויכטיק דער תּוך, די פרומקייט און די מעשׂים, בעת פאַר דעם אָרטאָדאָקס איז די הויפּטזאַך דער רעליגיעזער וועלט־באַנעם, אַזוי איז אויך אין מאַרקסיזם פאַר דעם פרייזיניקן דער עיקר די פּראָגראַם און די פּראַקטישע טעטיקייט, בעת פאַר דעם אָרטאָדאָקס איז דער עיקר דער מאַרקסיסטישער וועלט־ און לעבנס־באַנעם. און פונקט ווי דער אָרטאָדאָקסישער קריסט גלויבט באמונה שלימה, אַז אָן דער קירכלעכער דאָגמע קאָן נישט זיין קיין קריסטלעכע מאָראַל, אַזוי איז אויך דער אָרטאָדאָקסישער

מאַרקסיסט פעסט איינגעגלויבט, אַז אָן אַ מאַרקסיסטישן יסוד קאָן נישט עקזיסטירן קיין סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּראָגראַם.

עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם איצטיקן הערשנדיקן מצב אין דער מאַרקסיסטישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וואָס די פריידזיניקערע ריכטונג איז ערשט דאָ נישט לאַנג אַרויסגעטראָטן אין דער עפנטלעכקייט אין די אַרבעטן פון קאָנראַד שמיט. שמיטס אַפּיקורסות באַשטייט דערוויילע בלויז אין דעם, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט געוויסע ספקות בנוגע דער אמתדיקייט פון די מאַרקסיסטישע פילאָזאָפישע און דערקענטעניש-טעאָרעטישע אַני מאמינס, און בנוגע זייער נויטווענדיקייט פאַר דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. ער גייט אָבער דערוויילע נאָכנישט אַזוי ווייט אַריינצוואַרפן אין ספק אויך מאַרקס׳ געשיכטס-פילאָזאָפיע. אָבער דידאָזיקע עניוותדיקע ספקות זענען געווען גענוג פאַר פּלעכאַנאָוון, דעם טרייען היטער פון דער מאַרקסיסטישער טראַדיציע, אַז ער זאָל אַרויסקומען אַנטקעגן שמיטן מיט אַ „פאַר-מענעם״ חרם.

וואָס איז שייך בערנשטיינען, וואָס האָט דער ערשטער אַרויסגערופן פּלעכאַנאָווס פּאָלעמיק און האָט זעלבסטפאַרשטענד-לעך אויך געקראָגן פון פּלעכאַנאָוון אַ גוטע גאָב, קאָן מען אים שוין, נאָך דעם, ווי עס איז דערשינען זיין נייעסטע ווערק, גאָר נישט צורעכענען אַפילו צו די פאָרשטייער פון דער „פריידזיני-קער״ ריכטונג אין מאַרקסיזם. מען מוז שוין חוקר ודורש זיין צי בערנשטיין איז גאָר אינגאַנצן נאָך געבליבן אַ מאַרקסיסט. אין אונזער איצטיקער אַרבעט קאָנען מיר לאָזן בערנשטיינען אָן אַ זייט אויך צוליב דעם, וואָס זיינע אַפּיקורסישע טענות, אַנטקעגן וועלכע פּלעכאַנאָוו פּאָלעמיזירט, דאַרפן אייגנטלעך פאַר-שריבן ווערן אויף שמיטס חשבון. פּלעכאַנאָווס פּאָלעמיק*) איז

---

*) ג. פּלעכאַנאָוו: „בערנשטיין און דער מאַטעריאַליזם״. די נייע צייט 1897 — 1898 נומער 44. „קאָנראַד שמיט קעגן קאַרל מאַרקס און פרידריך ענגעלס״. ד. נ. צ. 98 — 99 № 5. „מאַטעריאַליזם אָדער קאַנטיאַניזם״, די נ. צ. 98 — 99 № 19 — 20.

געצילט הויפּטזאַכלעך אַנטקעגן י. שטערנען, וואָס אַטאַקירט מאַרקס׳ נאַטורפילאָזאָפישן מאַטעריאַליזם פון אַ שפּינאָזיסטישן שטאַנדפּונקט *) און אַנטקעגן ק. שמיטן, וועלכער קריטיקירט דעמדאָזיקן מאַטעריאַליזם פון אַ דערקענטעניש־טעאָרעטישן שטאַנדפּונקט.

געוויס איז צו באַדויערן, וואָס פּלעכאַנאָוו דערלויבט זיך אין זיין פּאָלעמיק אַזאַ שאַרפן טאָן, וואָס דערגייט ביז צו דער עקסטרעמסטער קנאות און חטאים־זוכעריי. דערדאָזיקער טאָן איז אָבער אַ פּועל יוצא פון דעם אַלגעמיינעם אויבן־סקיצירטן כאַראַקטער און פון דער איצטיקער לאַגע אין דעם מאַרקסיזם, אַזוי גוט ווי פון פּלעכאַנאָווס פּערזענלעכקייט גופא. פּלעכאַנאָוו איז דער פאַרגליווערטסטער, אָרטאָדאָקסאַלסטער מאַרקסיסט אויף גאָר דער וועלט. פאַר פּלעכאַנאָוון, דעם זעלאָטישן אָנהענגער פון דעם כלל: „אייניציק און אוממטיילבאַר“, איז יעדער פּסוק פון מאַרקסן, ריינער קערן, אָן אַ ברעקל שאָלעכץ. די מאַרקסיסטישע נאַטורפילאָזאָפיע, די דערקענטעניש־טעאָריע און געשיכטס־פילאָזאָפיע קאָנען נישט אָפּגעטיילט ווערן פונם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם און זיי זענען דער נויטיקער יסוד פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּראָגראַם. דער, וואָס טרעט אַרויס אַנטקעגן דער מאַרקסיסטישער פילאָזאָפיע, — און דידאָזיקע פילאָזאָפיע מוז פאַרשטאַנען ווערן, אַזוי ווי ער, פּלעכאַנאָוו, טייטשט זי אויס — טרעט שוין ממילא אויך אַרויס אַנטקעגן דער פּראָגראַם און אַנטקעגן די אינטערעסן פון דעם אַרבעטער־קלאַס. ווער עס זאָגט זיך אָפּ בלויז פון דער מאַרקסיסטישער נאַטורפילאָזאָפיע און דער דערקענטעניש־טעאָריע באַגייט שוין דערמיט אַליין אַ פאַראַט אַנטקעגן די אַרבעטער־אינטערעסן און גיט זיי אַרויס דער בורזשואַזיע.

זיין פּאָלעמיק אַנטקעגן שמיטן שליסט פּלעכאַנאָוו מיט די

*) שטערן וויל אייגנטלעך באַווייזן, אַז אויסן נאַטורפילאָזאָפישן געביט זענען מאַרקס און ענגעלס גאָרנישט געווען קיין מאַטעריאַליסטן. פּלעכאַנאָוו באַמערקט אָבער מיט רעכט, אַז „אויך בנוגע דער שייכות פון גייסט און מאַטעריע זענען מאַרקס און ענגעלס געווען מאַטעריאַליסטן“

שטאָלצע ווערטער: „איך פאַרטיידיק נישט פּלעכאַנאָווס מיינונג, נאָר די מיינונגען פון די באַגרינדער פון דעם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם. אַלץ, וואָס מען קאָן פאַרשרייבן אויף פּלעכאַנאָווס רעכענונג, איז דאָס ריכטיקע פאַרשטיין פון דערדאָזיקער מיינונג. זי פאַרטיידיק איך און איך וועל זי כסדר פאַרטיידיקן מיט הייסער איבערצייגונג. ווען אַנדערע לייענער וועלן זיך ווונדערן, וואָס איך היץ מיך אויף אין אַ פּאָלעמיק, ווי עס האַנדלט זיך וועגן די וויכטיקסטע שאלות פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש און צו דערזעלביקער צייט אויך אום די וואָגיקע אינטערעסן פון דעם פּראָלעטאַריאַט (וואָרים עס ליגט אין זיינע אינטערעסן, אַז ער זאָל נישט ווערן געשפּייזט מיט טעאָריעס, וועלכע ענגעלס רופט אָן „דעם בעטלערס עקלעקטישע זופּ) — וועל איך אויף דעם ענטפערן: אַז אָך און וויי צו אַזוינע לייענער!"

פון אַ ריין־מענטשלעכן שטאַנדפּונקט קאָן מען גרינג פאַרשטיין פאַרוואָס פּלעכאַנאָוו היצט זיך אַזוי שטאַרק. אָבער אין די אינטערעסן פון דעם ענין גופא וואָלט בלי ספק געווען אַ סך בעסער, ווען פּלעכאַנאָוו וואָלט זיך נישט אַזוי געקאָכט. זיין גאַנצע פּאָלעמיק דרייט זיך דער עיקר אַרום די גרונט־פּרינציפּן פון דער מאַרקסיסטישער נאַטורפילאָזאָפיע און דער דערקענטעניש־טעאָריע, און אַרום דער קריטיק פון דידאָזיקע פּרינציפּן, וואָס פּלעכאַנאָוו באַמיט זיך אָפּצושלאָגן. אָבער גראָד אָט־אָ די אויפגאַבע פאָדערט אַ קאַלטבלוטיקע רואיקע אויספאָרשונג, וואָס מוז נעמען אין באַטראַכט אַלע מאָמענטן. ווייל גראָד אָט־אָ די פּונקטן פון מאַרקסיזם, ווי כמעט אַלע פילאָזאָפישע טעאָריעס פון קאַרל מאַרקסן זענען נאָך ערגעץ נישט אַרויסגעבראַכט געוואָרן און נישט באַוויזן געוואָרן אויף אַ סיסטעמאַטישן אופן. די איינצלנע פּרטים פון זיינע טעאָריעס זענען נאָך ערגעץ דייטלעך נישט דערקלערט געוואָרן. בנוגע זיין נאַטורפילאָזאָפיע בפרט ווייסן מיר נאָר אין אַלגעמיינע שטריכן, אַז זי שטעלט מיט זיך פאָר אַ מאַטעריאַליזם, צוגעפּאַסט מיט העגעלס דיאַלעקטיק און אַז זי גייט זיך פאַנאַנדער אין וויכטיקע פּונקטן סיי מיט

דעם פֿראַנצויזישן מאַטעריאַליזם פֿונם XVIII-טן יאָרהונדערט סיי מיט דעם דייטשישן מאַטעריאַליזם פֿון ביכנער און פֿאָגט. אָבער אין וועלכע פּונקטן? ביז אַהער האָט געהערשט די מיינונג, אַז דער חילוק צווישן דעם מאַרקסיסטישן מאַטעריאַליזם און די אַנדערע מאַטעריאַליסטישע שיטות באַשטייט נאָר אין די אַריינגעפֿלאָכטענע העגעלשע עלעמענטן און אַז דאָס האָט אָבער נישט געהאָלפֿן דעם מאַרקסיסטישן מאַטעריאַליזם פּטור צו ווערן פֿון יענע טעאָרעטישע שוואַכקייטן, וואָס האָבן זיך בולט אַרויסגעוויזן אין דעם וווּלגאַרן מאַטעריאַליזם פֿון אַ ביכנער און אַ פֿאָגט. פּלעכאַנאָוו האָט אַן אַנדער מיינונג וועגן דעם. לויט זיין אויפֿנעם שטימט מאַרקס׳ נאַטורפֿילאָזאָפֿישער מאַטעריאַליזם צונויף מיט דעם שפּינאָזיסטישן מאָניזם, פּונקט ווי זיין דערקענטעניש-טעאָריע גייט זיך נאָענט צונויף מיט ספּענסערס טראַנספֿאָרמירטן רעאַליזם.

אויב מיר מאַכן נישט קיין טעות, איז דידאָזיקע סברה איינגאַנצן ניי אין דער פֿאָרשונג פֿון מאַרקסיזם און טרעט צום ערשטן מאָל אַרויס אין אָט-אָ-דער פּאָלעמיק. על כל פּנים איז דערדאָזיקער געדאַנק אַזוי ווייניק פֿאַרשפּרייט אין דער ליטעראַטור, אַז אַזעלכע צוויי פֿילאָזאָפֿיש-געבילדעטע אָנהענגער פֿון מאַרקסיזם, ווי שטערן און שמיט, האָבן געקאָנט אַזוי פֿאַלש אויסטייטשן די פֿילאָזאָפֿישע יסודות פֿון זייער רבין. נעמט מען אין באַטראַכט דידאָזיקע סיטואַציע, מוז מען צוגעבן, אַז עס וואָלט געווען אַ סך בעסער, ווען פּלעכאַנאָוו וואָלט אַריינגעלייגט מער „ברען" אין דעם פּאָזיטיוון טייל פֿון זיין אויפֿגאַבע, איידער אין דעם נעגאַטיוון, און וואָלט אָפּגעגעבן מער פּלאַץ פֿאַר דער סיסטעמאַטישער פֿאַנאַנדערוויקלונג פֿון דעם מאַרקסיסטישן געדאַנקענגאַנג. מיר מוזן אָבער נעמען זיין פּאָלעמיק ווי זי קומט. מיר ווילן דאָ בלויז נעמען די רעזולטאַטן, צו וועלכע פּלעכאַנאָוו איז געקומען אין ברען פֿון זיין פּאָלעמיק, און לאָזן זיי נאָך אַמאָל קריטיש דורכלייכטן.

## II

## דער שפינאזיזם און דער מאַטעריאַליזם.

אין דעם צווייטן טייל פון זיין אַרטיקל: „בערנשטיין און דער מאַטעריאַליזם״ זוכט פּלעכאַנאָוו אויסצוטייטשן דעם גרונטגע־דאַנק פון דער מאַרקסיסטישער נאַטורפילאָזאָפיע. ער פאַרגלייכט זי מיט דער סוגיא פון דעם שפּינאָזיסטישן מאָניזם, וואָס קוקט, בידוע, סיי אויף מאַטעריע סיי אויף גייסט נישט ווי אויף דעם מקור ראשון, נאָר באַטראַכט זיי ביידע ווי צוויי זייטן פון דערזעלביקער איין־איינציקער סובסטאַנץ. פּלעכאַנאָוו זוכט צו באַווייזן, אַז דער אמתער קאָנסעקווענטער פילאָזאָפישער מאַטעריאַליזם, דאָס הייסט לויט פּלעכאַנאָוו, דער פראַנצויזישער מאַטעריאַליזם פונם XVIII-טן יאָרהונדערט, אַזוי גוט ווי דער פייערבאַכישער און מאַרקס־ענגעלסשער מאַטעריאַליזם, איז לחלוטין נישט סותר דידאָזיקע שפּינאָזיסטישע טעאָריע. דער להיפכדיקער קוק אויפן מאַטעריאַליזם איז אַרויסגעוואַקסן, מיינט ער, פון אַן איבערפלאַכלעכער באַקאַנטשאַפט מיט דערדאָזיקער ריכטונג און פון אַ פאַלשן אויפנעם. ער פּאָלעמיזירט אַנטקעגן דעם גרונט־געדאַנק, וועלכן שטערן שטעלט אַרויס ווי דעם „תמצית פון דעם נאַטורפילאָזאָפישן מאַטעריאַליזם״ און וועלכן ער דריקט אויס אַזוי: „די מאַטעריע איז דאָס אַבסאָלוטע, דאָס אייביק־עקזיסטירנדיקע. אַלץ, וואָס איז גייסטיק, איז אַ פּראָדוקט פון דער מאַטעריע. די מאַטעריע איז באַלאָדן מיט אומענדלעכע כוחות... וועלכע קאָנען אַלע צוריקגעפירט ווערן אויף באַוועגונג, וואָס איז אויך אייביק. דורך דעם צונויפווירקן פון פאַרשיידענע כוחות אין די קאָמפּליצירט־צוזאַמענגעזעצטע לעבעדיקע אָרגאַניזמען קומט אויף אין זיי דאָס גייסטיקע און ווערט צוריק פאַרשוואונדן, ווען דער אָרגאַניזם פאַלט פאַנאַנדער״.*)

*) בערנשטיין און דער מאַטעריאַליזם, ז. 548.

ראשית לייקנט פּלעכאַנאָוו, אַז דער נ ישט-וווּלגאַרער מאַ-טעריאַליזם פירט צוריק אַלע כּוחות אויף באַוועגונג. „דעם גע-נאָסע שטערנען", זאָגט פּלעכאַנאָוו, „האָבן משמעות אַראָפּגעפירט פון וועג מענטשן, וואָס זענען גאָרנישט באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון מאַטעריאַליזם און וואָס קאָנען זיך פונדעסטוועגן נישט אָפּזאָגן פון דעם פאַרגעניגן צו רעדן וועגן מאַטעריאַליזם". *) כּדי צו באַווייזן, אַז זיין אויסטייטשונג פון דעם מאַטעריאַליזם איז די ריכטיקע, פירט צוערשט פּלעכאַנאָוו אַרויס לאַ-מעטריס מסקנא, אַז דאָס דענקען געהער צו די אייגנשאַפטן פון דער מאַטעריע, פונקט אַזוי ווי עלעקטריציטעט, באַוועגונג, אומדורכדרינגלעכקייט, אויסשפּרייטונג, א. אַז. וו." **) פון דערדאָזיקער ציטאַטע זעט מען טאַקע קלאָר, אַז לאַ-מעטרי פירט נישט צוריק אַלע כּוחות אויף באַוועגונג, נאָר באַטראַכט עלעקטריציטעט און דענקען ווי אייגנשאַפטן, וואָס זענען קאָאָרדינירט מיט אויסגעשפּרייטקייט, אומדורכדרינגלעכקייט און באַוועגונג.

מיר האָבן אָבער דאָ צו טאָן נישט מיט דע-לאַ-מעטרי, וואָס האָט אין זיין צייט נאָכנישט געקאָנט באַטראַכטן עלעקטריציטעט ווי אַ ספּעציעלע פאָרם פון באַוועגונג. וואָס אונז אינטערעסירט דאָ, איז די שטעלונג, וואָס עס האָבן גענומען צו דערדאָזיקער פּראָבלעם מאַרקס און ענגעלס, וועלכע האָבן שוין זוכה געווען, צו דערלעבן די טעאָריע, וואָס פירט צוריק אַלע כּוחות צו איין איינהייט. ליידער האָט פּלעכאַנאָוו נישט געבראַכט די שטעלן זוּ מאַרקס און ענגעלס רירן אָן דידאָזיקע שאלה. עס וועט דע-ריבער זיין אויפן פּלאַץ צו ברענגען דאָ פון ענגעלסעס „אַנטי דיורינג" — דעם וויכטיקסטן מקור פאַר ענגעלסעס נאַטור-פילאָזאָפישע געדאַנקען — די שטעלן, וואָס האָבן אַ שייכות צו אונזער ענין. „באַוועגונג", שרייבט ענגעלס, „איז די עק-סיסטענץ-פאָרם פון מאַטעריע... באַוועגונג אין דעם וועלט-שטח, מעכאַנישע באַוועגונג פון קלענערע מאַסעס אויף די

*) דערטען גופא, ז. 549.

**) ד. ז. ציטירט פון לאַ-מעטר.

איינצלנע וועלטקערפּערס, מאָלעקולאַרע שווינגונגען, ווי וואַרעמקייט און מאַגנעטישע שטראָמען, כעמישער פאַנאַנדערפאַל און פאַרבינדונג, אָרגאַניש לעבן; — יעדער איינציקער שטאָף־אַטאָם פון דער וועלט געפינט זיך אין איטלעכן געגעבענעם אויגנבליק אין דער אָדער יענער פון דידאָזיקע באַוועגונגס־פאָרמען אָדער אין עטלעכע פאָרמען מיטאַמאָל... די אַקטיווע באַוועגונג רופן מיר אַן קראַפט, די פּאַסיווע—קראַפט־אַרויסווייז *).

נאָך דייטלעכער טרעט אַרויס דער געדאַנק, אַז אַלע כּוחות דאַרפן צוריקגעפירט ווערן אויף באַוועגונג, אין אַ צווייטן אָרט ביי ענגעלסן: „אַפילו ווען דער איבערגאַנג פון איין אַרט באַוועגונג אין אַ צווייטער קומט פאָר ביסלעכווייז, איז דער איבערגאַנג דאָך אַלעמאָל אַ שפרונג, אַן אַנטשיידענער איבערקער. אַזאַ שפרונג איז דער איבערגאַנג אין דער מעכאַניק פון די וועלט־קערפּער צו דער מעכאַניק פון די קלענערע מאַסעס אויף אַן איינצלנעם וועלט־קערפּער, ווי אויך דער איבערגאַנג פון דער מאַסן־מעכאַניק צו דער מאָלעקולאַרן־מעכאַניק, וועלכע נעמט אַרום אַלע באַוועגונגען, וואָס ווערן אויסגעפאָרשט אין דער פיזיק, ווי וואַרעמקייט, ליכט, עלעקטריע, מאַגנעטיזם; — דער איבערגאַנג פון דער מאָלעקולאַרער פיזיק צו דער פיזיק פון אַטאָמען — כעמיע — ווערט ווידער אַרויסגעבראַכט דורך אַ שאַרפן שפרונג; און נאָך העפטיקער איז דער שפרונג ביי דעם איבערגאַנג פון געוויינלעכע כעמישע פּראָצעסן צו דעם כעמיזם פון דעם אייוווייס, וואָס מיר רופן אָן לעבן. אין דער ספערע פון דעם לעבן גופא ווערן שוין די שפרונגען זעלטענער און ווייניקער בולט״ **).

בכן זעען מיר, אַז אין דעם פונקט גייט גראָד דער מאַרקסיסטישער מאַטעריאַליזם האַנט אין האַנט מיט דעם חולגאַרן, — פאַרשטייט זיך בלויז אין די גרענעצן, וואָס קומען דאָ אין באַטראַכט. פאַרביידן ווערן אַלע כּוחות צוריקגעפירט נאָר אויף באַוועגונג.

---

*) פר. ענגעלס: אַנטי־דיורינג (1894), ז. 49—50

**) ד. ג. ז. 57.

און איצטער קומען מיר צו דעם צווייטן וויכטיקן פונקט: צו דער שייכות פון מאַטעריע און גייסט.

„עס איז פשוט אוממעגלעך צו דערקלערן", זאָגט שטערן, „ווי אַזוי די עמפינדונג (דער גרונט-עלעמענט פון דער פסיכיק) שפרינגט אַרויס מיטאַמאָל אין דער אַנימאַלישער צעל, ווי אַ שאָס פון אַ פיסטאָלעט. מיר זענען געצוווּנגען אָנצונעמען, אַז אויך דאָס אומאָרגאַנישע באַזיצט אַ פסיכישע קוואַליטעט, פאַר־שטייט זיך אַ פשוטע און מינימאַלע *)." פלעכאַנאָוו איז מסכּים דערמיט. „דאָס איז טאַקע אמת", זאָגט ער. „אָבער לאַ-מעטרי האָט גאָר קיינמאָל אַנדערש נישט געלערנט". וויפיל מיר זאָלן נישט זוכן און אַנאַליזירן, געפינען מיר נישט קיין וויכטיקן חילוק צווישן דעם שפּינאָזיזם און לאַ-מעטריס מאַטעריאַליזם, און אַזוי האָבן אויך געהאַלטן, מיינט פלעכאַנאָוו, אַלע קאָנסעקווענטע מאַטעריאַליסטן ווי האָלבאַך, דידראָ, פייערבאַך, וואָס זיין פילאָזאָפיע איז געווען, „ווי אויך די פילאָזאָפיע פון דידראָ, אַ מין שפּינאָזיזם" **). דאָס איז ריכטיק, זאָגט ווייטער פלעכאַנאָוו, אויך בנוגע מאַרקס און ענגעלסן. פלעכאַנאָוו באַווייזט דאָס אויף אַזאַ אופן: „די באַגרינדער פון דעם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם זענען אַ לאַנגע צייט געווען באַגייסטערטע אָנהענגער פון פייערבאַכן... און אַזוי ווי פייערבאַכס שטאַנדפּונקט איז געווען אַ שפּינאָזיסטישער, איז דאָך קלאָר, אַז אויך ענגעלסעס שטאַנד־פּונקט האָט נישט געקאָנט זיין קיין אַנדערער". ***)

משמעות, פלעכאַנאָוו האָט אַליין געפילט, אַז דערדאָזי־קער באַווייז הינקט שטאַרק אונטער. ענגעלס און מאַרקס האָבן זיך אָפּגעזאָגט אין אַ היפּש ביסל פּרטים פון זייער יוגנטלעכן פייערבאַכיאַניזם, שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס פייערבאַכס „שפּי־נאָזיזם" גופא שטייט נאָך אונטער אַ גרויסן פראַגע-צייכן. דערי־בער איז פלעכאַנאָוו מוסיף צו דערדאָזיקער לאָגיש-אַפּריאָרישער

*) ציטירט ביי פלעכאַנאָוון אין „בערנשטיין און דער מאַטעריאַליזם", ז. 549.

**) ד. ג. ז. 550—553

***) ד. ג. ז. 554

ראיה אַ היסטאָרישן פאַקט, וואָס דאַרף איינמאָל פאַר אַלעמאָל פאַרזיכערן דעם שפינאָזיזם פון דער מאַרקס-ענגעלסשער נאַטורפילאָזאָפיע. „אין 1889... בין איך“, שרייבט פלעכאַנאָוו, „געקומען אין לאָנדאָן... איינמאָל איז אונזער שמועס (מיט ענגעלסן. ח. זש.) אַריבער אויף דער פילאָזאָפיע. ענגעלס האָט שאַרף פאַרמשפט די טעאָריע, וואָס געוויסע שטערן האָט אַזוי נישט ריכטיק אָנגערופן „נאַטורפילאָזאָפישער מאַטעריאַליזם“. „בכן האַלט איר“, האָב איך אַ פרעג געטאָן, „אַז דער אַלטער שפינאָזאַ איז געווען גערעכט: אַז געדאַנק און אויסגעשפרייטקייט זענען בלויז די צוויי אַטריבוטן פון דער איין-איינציקער סובסטאַנץ?“ „געוויס“, האָט ענגעלס געענטפערט, „דער אַלטער שפינאָזאַ איז לחלוטין גערעכט“.*) ביי דעמדאָזיקן שמועס זענען געווען אַ פּאָר מענטשן, וואָס ווערן אָנגערופן מיט זייערע נעמען.

אַ היסטאָרישער פאַקט, וואָס קאָן פאַראַמתט ווערן מיט זיכערע עדות, איז געוויס אַ וואָגיקער באַווייז. מען מוז אָבער, למען האמת, זאָגן, אַז דערדאָזיקער פאַקט שטייט אין אַ שאַרפן ווידערשפרוך צו אַנדערע היסטאָרישע פאַקטן: די געדרוקטע אַרויסזאָגונגען פון ענגעלסן גופא. מיר מוזן אויך באַמערקן, אַז אַ אויסטייטשונג פון דעם פראַנצויזישן מאַטעריאַליזם, וואָס פלעכאַנאָוו גיט אונז אין זיין אַרטיקל קאָנטראַ בערנשטיין, שטימט ער שלעכט מיט דעם בילד, וואָס ער אַליין האָט אָנגעוואָרפן אין זיינע „ביטרעגע צור געשיכטע דעס מאַטעריאַליזמוס“.

ווי האָט העלוועציוס געקוקט אויף דער שייכות פון גייסט און קערפער, דערזעלביקער העלוועציוס, וועמען פלעכאַנאָוו רעקאָמענדירט אין זיין פּאָלעמיק קאָנטראַ שמיטן פאַר „דעם פעאיקסטן און אָריגינעלסטן מאַטעריאַליסט, וואָס האָט ווען עס איז עקזיסטירט“?

„העלוועציוס, ווי אַלע זיינע צייטגענאָסן“, שרייבט פלעכאַנאָוו אין זיינע „ביטראַגן“, „האָט געוווסט, אַז מיר קאָנען די

*) ד. ג. ז. 555

קערפער נאָר דורך די שפּירונגען, וואָס זיי רופן אין אונז אַרויס..." דאָס האָט אָבער נישט געשטערט העלוועציוסן צו זיין אַן איבערצייגטער מאַטעריאַליסט. ער ציטירט „אַ באַרימטן כעמיקער" בנוגע דער פראַגע, צי די מאַטעריע שפּירט, און העלוועציוס שטימט איין מיט יענעם כעמיקער. זיידאָזיקע מיינונג פון דעם ענגלישן כעמיקער דריקט זיך קלאָר אויס אָט אין וועלכע זאַצן: „אַלע פענאָמענען פון דער מעדיצין און פון דער נאַטורגעשיכטע באַווייזן דייטלעך, אַז דערדאָזיקער כוח (די פעאיקייט צו שפּירן) ביי חיות איז בלויז אַ פועל יוצא פון דער סטרוקטור פון זייערע קערפּערס; אַז דידאָזיקע קראַפט הויבט זיך אָן מיט דער אויסבילדונג פון זייערע אָרגאַנען, האַלט אָן אַזוי לאַנג ווי זיי לעבן, און גייט לסוף פאַרלאָרן מיט דעם פאַנאַנדערפאַל פון דידאָזיקע אָרגאַנען." *)

אין די „ביי טראַגן" איז פלעכאַנאָוו באַשיינפערלעך מסכים מיט אָט-אָ דעם שטאַנדפונקט פון העלוועציוס, וואָס גייט איינאַנצן להיפּך צו דעם שפינאָזיזם, וואָס לערנט, אַז יעדע מאַטעריע מוז האָבן אין זיך „גייסט". גלייך נאָך די אויבנגעבראַכטע ווערטער פון דעם כעמיקער מאַכט פלעכאַנאָוו אַזאַ באַמערקונג: „העלוועציוס איז נישט בלויז געווען אַ מאַטעריאַליסט, נאָר ער האָט זיך אויך מיט דער שטרענגסטער קאָנסעקווענץ געהאַלטן צווישן זיינע צייטגענאָסן פאַר דעם גרונטגעדאַנק פון דעם מאַטעריאַליזם. ער איז געווען אַזוי קאָנסעקווענט, אַז ער האָט אפילו אָפּגעשראָקן די אַנדערע מאַטעריאַליסטן. קיינער פון זיי האָט נישט געהאַט דעם מוט צו גיין מיט אים ביזן סוף אין זיינע דעדוקציעס. אין אָט דעם זין איז ער פאַקטיש געשטאַנען בלויז „נאָענט" פון אַזוינע מענטשן ווי האָלבאַך, וואָרום זיי אַלע האָבן נאָר געקאָנט זיך דערנענטערן צו אים" **).

בכן, האָט פלעכאַנאָוו געהאַלטן, אַז די שפינאָזירנדיקע מאַ-

*) ג. פלעכאַנאָוו, „ביי טרעגע צור געשיכטע דעס מאַטעריאַליזמוס" (1896), ז. 82—81

**) ד. ג. ז. 83

טעריאַליסטן פון אַכצנטן יאָרהונדערט האָבן פשוט נישט געהאַט דעם מוט צו ציען די לעצטע קאָנסעקווענצן פון דעם מאַטעריאַליזם; אַז דער מאַטעריאַליזם איז זיך אַליין סותר, ווען ער לאָזט זיך אַרונטער צו דעם שפּינאָזישן מאָניזם. ווען מיר, אַז אין 1896 אין דעם יאָר ווען די „בייטראַגן" האָבן זיך געדרוקט, האָט פּלעכאַנאָוו בשום אופן נישט סימפּאַטיזירט מיט דעם שפּינאָזישן גרונטגעדאַנק, הגם ער האָט ווי מיר דערוויסן זיך איצטער, שוין מיט זיבן יאָר פריער אַליין געהערט פון דעם מויל פון זיין רבין, אַז דערדאָזיקער גרונטגעדאַנק איז דער תמצית פון זיין רבינס פילאָזאָפיע. און אין 1896 איז פּלעכאַנאָוו טאַקע געווען געריכט: דער קאָנסעקווענטער מאַטעריאַליזם דענקט טאַקע בפירוש אַזוי ווי העלוועציוס. און דער קאָנסעקווענטער מאַטעריאַליסט ענגעלס האָט אויך אַזוי געטראַכט, און נישט אַנדערש: „דאָס שפּירן", זאָגט ער, „מוז נישט דווקא זיין פאַרבונדן מיט די נערוון, אָבער על כל פּנים מיט געוויסע וייסל-קערפּערס, וואָס זענען נאָך לעת עתה נישט גענוי אויפגעדעקט געוואָרן."*) בכן, קומט אויף דאָס שפּירן אין דידאָזיקע קערפּער. „ווי פון אַ פּיסטאָלעט אַרויסגעשאָסן".

אַזוי אַרום ווערט צו גאָרנישט די גאַנצע מאַסע ראיות, וואָס פּלעכאַנאָוו ברענגט אין דער פּאָלעמיק קאָנטראַ שטערן פאַר זיין מסקנא, אַז דער מאַרקסיסטישער מאַטעריאַליזם איז אייגנטלעך דאָס אייגענע וואָס דער שפּינאָזיזם. פּלעכאַנאָוו נעמט פאַר עדות יענע מאַטעריאַליסטן פון דעם אַכצנטן יאָרהונדערט, וועלכע האָבן נישט געקאָנט דורכפירן קאָנסעקווענט זייער שטאַנדפּונקט און לאָזט גראָד דורך דעם אָריגינעלסטן און קאָנסעקווענטסטן צווישן זיי, מאַרקס און ענגעלס שטעלונג צו דערדאָזיקער פראַגע דרינגט ער אַרויס דעדוקטיוו פון זייער שייכות צו פייערבאַכן. און דערדאָזיקער, אין זיך גופא שוואַך באַוויזענער, אויספיר, גייט להיפך צו ענגעלסעס קלאָרע דבורים אין זיין „אַנטי דיורינג".

---

*) אַנטי־דיורינג, ז. 73.

עס בלייבט נאָך ענגעלסעס פּערזענלעכער שמועס, וואָס פּלעכאַנאָוו גיט אונז איבער און וואָס וואָלט געקאָנט קלאָר אַרויסברענגען ע נ ג ע ל ס ע ס שטעלונג צום שפּינאָזיזם. אמת, דער דאָזיקער אַרויסזאָג ענגעלסעס, אַז „דער אַלטער שפּינאָזאַ איז געווען גערעכט", קאָן בשום אופן נישט פאַרענטפערן די שאלה וועגן דער שייכות פון דעם מאַטעריאַליזם צו דעם שפּינאָזיזם. פונדעסטוועגן וואָלטן מיר געוווסט, אַז ענגעלס איז נישט געווען קיין מאַטעריאַליסט, נאָר אַ שפּינאָזיסט. ליידער מוזן מיר אָבער דעמדאָזיקן „היסטאָרישן פאַקט" אויפנעמען זייער קריטיש. פאַרשיידענע אומשטענדן רופן אין אונז אַרויס ערנסטע ספקות אין דער פ אַ ק ט י ש ק י י ט פון דער גאַנצער מעשה.

ראשית זעען מיר, אַז אין דער דריטער פאַרגרעסערטער, פאַרמערטער און דורכגעקוקטער אויפלאַגע פון „אַנטי דיורינג", וואָס איז אַרויס אין 1894, בלייבט ענגעלס ביי זיין ריינעם אַנטי-שפּינאָזיסטישן אויפנעם פון דעם מאַטעריאַליזם. דאָס וואָלט געווען פּשוט אוממעגלעך ווען ענגעלס וואָלט אין 1889 שוין אָנערקענט דעם אמת פון שפּינאָזיזם.

צווייטנס לייגט זיך נישט אויפן שכל, אַז פּלעכאַנאָוו, וועלכער האָט תמיד געהאַלטן פאַר זיין באַזונדערן פאַרדינסט, וואָס ער בלייבט אַלעמאָל געטריי צו מאַרקס' און ענגעלסעס אידייען — אַז אַזאַ געטרייער תלמיד זאָל פאַרטיידיקן אין זיינע „בייטראַגן" העלוועציוסעס אַנטי-שפּינאָזיסטישן אויסטייטש פון דעם מאַטעריאַליזם, ווי דעם איינציק אמתן, נאָכדעם ווי ער האָט אַליין געהערט פון ענגעלסן, אַז „דער אַלטער שפּינאָזאַ איז געווען גערעכט".

אויב מיר זאָלן גלויבן פּלעכאַנאָווס באַריכט, וואָלטן מיר געמוזט אָננעמען, אַז ענגעלס האָט, מיר-נישט-דיר-נישט פּאַרטיידיקט אַ געדאַנק, אין וועלכן ער האָט שוין אַליין נישט געגלויבט. אַזוי אַרום שטעלט אונז דערדאָזיקער עפּיזאָד אַוועק פאַר אַ פיינלעכער אַלטערנאַטיווע: אָדער צו וואַרפן אַ חשד אויף ענגעלסעס אויפריכטיקייט, אָדער צו זיין מסופק, צי האָט פּלעכאַנאָוו געטרוי איבערגעגעבן ענגעלסעס רייד

על כּל פּנים זעען מיר, אַז דער נאַטורפילאָזאָפישער מאַרקסיזם איז גאַנץ ווייט פון דעם שפּינאָזיזם בנוגע דער שאלה וועגן דער שייכות פון גייסט און מאַטעריע. אין דערדאָזיקער פראַגע האַלט ער אינגאַנצן מיט דעם וווּלגאַרן מאַטעריאַליזם און ביידע ליידן דעריבער פון דיזעלביקע טעאָרעטישע טעותן.

## III

## דער מאַרקסיסטישער מאַטעריאַליזם און דער קריטיציזם

אין זיין „אַנטי דיורינג״ שטעלט ענגעלס אַרויס דעם מאַ־טעריאַליסטישן זאַץ: „די אמתע איינהייט פון דער וועלט באַשטייט אין איר מאַטעריאַליטעט״. די איינהייט פון דער וועלט, דאָס איז סוף כּל סוף דער תּוך פון דער וועלט. ווייל אַ וועלטלעבער תּוך מוז זיך געפינען אין יעדער זאַך. און אויסגעפינען דעם לעצטן וועלט־תּוך פון אַ זאַך הייסט דערגראָבן זיך ביז צו יענע סימנים, אָדער ביז צו יענעם איינציקן סימן, וואָס יעדע זאַך מוז באַזיצן.

כּדי מען זאָל קאָנען אויפשטעלן די מסקנא, אַז די איינהייט פון דער וועלט באַשטייט אין איר מאַטעריאַליטעט, מוז מען פריער באַווייזן, אַז מיר קאָנען משיג זיין דעם תּוך פון דער וועלט, דאָס „דינג אַן זיך״. נעמען מיר אָבער אָן מיט קאַנטן און די סקעפּטיקער, אַז וועגן דעם תּוך פון דער וועלט קאָנען מיר גאָר קיין השגה נישט האָבן, מוזן מיר אויפגעבן יעדן פּרווו, וואָס עס איז אַרויסצוטראָגן וועגן איר עצם, אַפילו ווען מיר האַלטן מיט די אַגנאָסטיקער און מיט די פּאָזיטיוויסטן, וואָס לייקענען בלויז אונזער מעגלעכקייט צו דערגיין ביז צום סאַמע גרונט אין אונזער השגה פון דער וועלט, — אַפילו אין דעם פאַל מוזן מיר זיך לחלוטין אָפּזאָגן פון דעם רעכט וואָס עס איז אַרויסצוזאָגן וועגן דעם עצם „דינג אַן זיך״. ווייל אויב מיר קאָנען נישט אויספאָרשן אַלץ אין דער וועלט, קאָן דאָך גרייליך געמאָלט זיין, אַז דער תּוך פון דער וועלט

זאָל זיין באַהאַלטן אין יענעם טייל, וואָס מוז אונז בלייבן אומ-באַקאַנט. ווער עס וויל פאַרטיידיקן דעם מאַטעריאַליזם מוז זיך דעריבער פריער פאַנאַנדערקלייבן אין דעם קריטיציזם און אין זיינע קרובישע שיטות.

דאָס קאָן געטאָן ווערן אויף צוויי אופנים. אָדער מען שלאָגט אָפּ די פאַקטן, אויף וועלכע דער קריטיציזם איז זיך סומך, און ממילא אויך זיינע אויספירונגען, אָדער אויב מען נעמט אַזוי אָן, מוז מען ווייזן, אַז די גרונטגעדאַנקען פון דעם קריטיציזם זענען גאָרנישט סותר דעם מאַטעריאַליזם. פלעכאַנאָוו באַנוצט זיך מיט דיביידע אופנים פון פאַרטיידיקונג. אין זיין פאָלעמיק אַנטקעגן שמיטן פאַלט ער אָן אויפן קריטיציזם און אין זיין אַרויסטריט אַנטקעגן בערנשטיינען באַמיט ער זיך צו באַווייזן, אַז דער קריטיציזם און דער מאַטעריאַליזם קאָנען גיין האַנט ביי האַנט.

אַז דידאַקטישע צוויי שיטות, — דער קריטיציזם און דער מאַטעריאַליזם, — וואָס זענען ביז אַהער באַטראַכט געוואָרן פאַר צוויי היפוכים, — קאָנען צווישן זיך גוט איינשטימען, באַווייזט אָבער פלעכאַנאָוו נישט דורך אַן אַנאַליז פון זייער אינעווייניקסטער לאָגישער שייכות, ער באַרופט זיך בלויז אויף דעם היסטאָרישן פאַקט, אַז אין די קעפּ פון העלוועציוס און ענגעלסן און אויך אין די קעפּ פון אַנדערע באַדייטנדיקע מאַטעריאַליסטן האָט זייער מאַטע-ריאַליזם געלעבט גאַנץ גוט בשלום מיט די באַרעכטיקטע עלעמענטן פון דעם קריטיציזם. עס פאַרשטייט זיך, אַז טעאָרעטיש זאָגט דאָס אונז גאָרנישט. עס בלייבט דאָך די שאלה, צי איז דידאָ-זיקע פאַראייניקונג פון די צוויי שיטות נישט געווען אַ רעזול-טאַט פון אַן עקלעקטישן דענקען, וואָס ווייסט נישט ווי צו ציען אַלע לאָגישע קאָנסעקווענצן פון זיינע אייגענע החלטות. פלעכאַ-נאָוו האָט מסתמא געגלויבט, אַז עס קאָן גאָר קיינעם אַפילו אויפן זינען נישט אַרויף, חושד צו זיין אַ העלוועציוס אָדער אַן ענגעלס אין נישט-קאָנסעקווענטן דענקען, ער האָט דעריבער גע-רעכנט, אַז אויב מען באַווייזט, אַז דער מאַטעריאַליזם האָט ביי ענגעלסן פאַקטיש געלעבט גאַנץ בשלום מיט ריין-קאַנטישע גע-

דאַנקען, קאָן מען שוין דעם צעטומלטן כנגד שיקן מיט אַ נצחון־מינע „צוריק אין שטודיר־צימער״ און הייסן אים אויסגעפינען ביים רבין אַליין, ווי אַזוי דאָסדאָזיקע בשלום־לעבן ווערט מעגלעך געמאַכט.

ליידער איז אָבער דער היסטאָרישער פאַקט גופא פון דעם־דאָזיקן בשלום־לעבן נאָך גאָרנישט אַזוי זיכער באַוויזן.

פּלעכאַנאָוו פאַרזיכערט אונז, אַז העלוועציוס „האָט גע־רעדט אין פולן גייסט פון קאַנט״, ווען ער האָט אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק, אַז דער מענטש איז „דער באַשאַפער פון דער מאַטעריע״. לויט פּלעכאַנאָווס מיינונג איז די עקזיסטענץ פון קערפּערס דרויסן פון אונז געווען פאַר העלוועציוסן מער נישט ווי אַ השערה. אויך האָט ער אָפּגעלאַכט פון „פילאָזאָפישע פאַנטאַזיעס״ און האָט געהאַלטן, אַז מיר מוזן האָבן „דעם קוּ־ראַזש, נישט צו וויסן, וואָס מען קאָן נישט וויסן.״ *)

האָט אָבער באמת העלוועציוס אַריינגעלייגט אין דידאָזיקע רייד דעם מיין, וואָס פּלעכאַנאָוו לייגט אין זיי אַריין? לאָמיר זען. שוין אין די אויבן־ציטירטע „בייטראַגן״ געפינען מיר אַן ענטפער אויף דערדאָזיקער פראַגע. דאָרטן ברענגט פּלעכאַנאָוו די גאַנצע שטעלע, ווו העלוועציוס מאַכט די באַמערקונג וועגן דעם מענטשן, ווי דעם באַשאַפער פון דער מאַטעריע, וואָס לייענט זיך אַזוי: זייער שפּעט איז מען געקומען צום גענויען באַגריף, וואָס דאַרף זיין פאַרבונדן מיט דעם וואָרט מאַטעריע. ווען מען וואָלט לכתחילה איינגעשטעלט זיין ריכטיקן באַטייט, וואָלט מען פאַרשטאַנען, אַז די מענטשן זענען, אַזויצוזאָגן, די באַשאַפער פון דער מאַטעריע, אַז מאַטעריע איז נישט קיין עצם, אַז אין דער נאַטור זענען דאָ נאָר אינדיווידועך, וואָס מען האָט זיי אַ נאָמען געגעבן קערפּער, און אַז אונטער דעם וואָרט מאַטעריע קאָן מען פאַרשטיין בלויז דעם סכום פון די בשותפותדיקע אייגנשאַפטן פון אַלע קערפּער״ **). אין פּלעכאַנאָווס פּאָלעמיק קאָנטראַ בערנ־

*) בערנשטיין און דער מאַטעריאַליזם, ז. 546

**) ג. פּלעכאַנאָוו. „בייטרעג 67 ז. 79

שטיין פעלן גראָד העלוועציוסעס ווערטער, וואָס מיר האָבן דאָ אונטערגעשטראָכן. פון זיי זעט מען אָבער קלאָר, אַז ווען העלוועציוס זאָגט: „די מענטשן זענען אַזויצוזאָגן די באַשאַפער פון דער מאַטעריע״ מיינט ער עס בשום אופן נישט אין קאַנטס זין ד. ה. אין דעם זין, אַז דער מענטשלעכער שכל קאָן נישט באַנעמען דעם תּוך פון דער וועלט. זיין גאַנצער „קריטיציזם״ איז דאָ אָנגעווענדט בלויז אַנטקעגן דעם געדאַנק, וואָס זעט אין דער מאַטעריע אַ באַזונדערן, פון די איינצלנע זאַכן לגמרי אָפּגעטיילטן תּוך. די מאַטעריע איז בלויז „דער סכום פון די בשותּפותדיקע אייגנשאַפטן פון אַלע קערפּער״. וואָס זענען אָבער לויט העלוועציוסן דידאָזיקע אייגנשאַפטן? פאַרשטייט זיך, אויסגעשפּרייטקייט, סאָלידיטעט און אומדורכדרינגלעכקייט, — דאָס הייסט יענע אייגנשאַפטן, וואָס ווערן צוגעשריבן דער מאַטעריע *). ווען עס קומט צו דער שאלה, צי דאַרף מען צורעכענען צו דידאָזיקע אייגנשאַפטן אויך די פעאיקייט צו שפּירן, זאָגט זיך העלוועציוס בפירוש אַרויס אַנטקעגן דער אויסגעשפּרייטקייט, סאָלידיטעט און אומדורכדרינגלעכקייט. אָט דאָס איז, וואָס העלוועציוס האַלט פאַר דעם תּוך פון אַלע זאַכן, ווייל זיי זענען די אייגנשאַפטן, וואָס אַלע קערפּער באַזיצן. העלוועציוס האָט קיינמאָל ערנסט נישט געטראַכט, אַז דער מענטש איז דער באַשאַפער פון אָט די אייגנשאַפטן. אין דעם טעקסט אויף וועלכן פּלעכאַנאָוו שטיצט זיך, קאָן מען נישט אויפדעקן קיין איין קלענסטן שמץ פון דעם קריטיציזם.

בנוגע די אַנדערע ציטאַטן, וואָס פּלעכאַנאָוו ברענגט אַנטקעגן בערנשטיינען ווי אַ באַווייז, אַז העלוועציוס איז געווען אַ

*) „La signification de ce mot ainsi determinèe, il n( s'agissait plus que de savoir, si l'etendue, la solidité l'impénétrabilité etaient les seules propriétés communes á touts les corps". Helvetius: De l'Esprit. Discours l. chap. IV די דאָ אונטערגעשטראָכענע ווערטער פעלן ביי פּלעכאַנאָוון אויך אין די „בייטראַגן״. —

שונא פון אַ וועלכן עס איז דאָגמאַטיזם, געפינען מיר אין די „בייטראַגן״ אַ כאַראַקטעריזירונג פון דעם, וואָס עס וואָלט זיך געוואָלט אָנרופן זיין (העלוועציוסעס) סקעפּטיציזם און פּראָבאַביליזם״. פּלעכאַנאָוו פאַרענדיקט דידאָזיקע כאַראַקטעריזירונג מיט די ווערטער: „לויט העלוועציוס, זענען עס נישט די מאַטעריאַליסטן נאָר די אידעאַליסטן פון פאַרשיידענע שולעס, וועלכע טראָגן זיך אַרום מיט פילאָזאָפישע פאַנטאַזיעס... דער סקעפּטיציזם איז דאָ בלויז אַ כּלי־זין אַנטקעגן די קעגנער פון די מאַטעריאַליסטן״. *)

בכן זעען מיר, אַז אין די „בייטראַגן״ האָט פּלעכאַנאָוו זיך געמיט אַוועקצושטעלן יענע שטעלן פון העלוועציוס, וואָס ער האָט דעמאָלט באַטראַכט פאַר נישט ריין־מאַטעריאַליסטישע. איצטער אָבער, ווען ער וויל באַווייזן, אַז דער מאַטעריאַליזם שטייט נישט אָפּ פון דעם קריטיציזם, שטעלט ער אַוועק יענע רייד אין אַ גאַנץ אַנדער באַלייכטונג.

נו, און ווי האַלט דאָס מיט מאַרקס׳ און ענגעלסעס דערקענטעניש־טעאָריעס? איז אויך דאָ דער מאַטעריאַליזם אויפגעבויט אויף אַ דערקענטעניש־טעאָריע, וואָס שליסט אין זיך איין פּראָבאַביליסטישע, סקעפּטישע און קריטישע עלעמענטן? אָדער ער איז פּונקט אַזוי דאָגמאַטיש און ליידט פון דיזעלביקע אידענטיטעטס־פילאָזאָפישע פעלערן ווי דער וווּלגאַרער מאַטעריאַליזם?

פּלעכאַנאָוו לייקנט לחלוטין אָפּ די לעצטע סברה. דער מאַרקסיסטישער מאַטעריאַליזם פאַרשטייט, לויט זיין מיינונג, זייער גוט ווי אָפּצושאַצן דעם סוביעקטיוון אָנטייל אין דער דערקענטעניש. לויט דער מאַטעריאַליסטישער טעאָריע פון דערפאַרונג „איז די נאַטור קודם כּל אַ כּלל פון דערשיינונגען.״ מיר זענען אָבער „געצוווּנגען אָנצונעמען, אַז די נאַטורגעזעצן באַזיצן נישט בלויז אַ סוביעקטיוון, נאָר אויך אַן אָביעקטיוון ווערט״. דאָס איז בשום אופן נישט קיין „אידענטיטעטס־פילאָזאָפיע״, און די עלעמענטן פון די דערשיינונגען ווערן נישט באַטראַכט פאַר „זאַכן

*) ד. ג. ז. 80—81

אין זיך״. כדי קלאָרער צו מאַכן דעם מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט פאַר די קעגנער, בעט זיי פלעכאַנאָוו, זיי זאָלן זיך דערמאָנען אַ געאָמעטרישע צייכענונג, וואָס דורך איר פּרוווט ספּענסער גרינגער מאַכן פאַרן לייענער צו פאַרשטיין זיין „טראַנספאָרמירטן רעאַליזם״. לאָמיר זיך פאָרשטעלן אַ צילינדער און אַ קוב. דער צילינדער איז סוביעקט, דער קוב — דער אָביעקט, און זאָל דער שאָטן-בילד, וואָס פאַלט פון קוב אויפן צילינדער זיין די פאָרשטעלונג. דער שאָטנבילד, וואָס פאַלט פון קוב איז אין קיין זאַך נישט גלייך צו דעם קוב: די גלייכע ליניעס פון דעם קוב קומען אַרויס אין שאָטנבילד קרום, די גלייכע אויבערפלאַכן ווערן אין שאָטנבילד רעפּרעזענטירט דורך געבויגענע אויבערפלאַכן, און פונדעסטוועגן וועט יעדער שינוי אין קוב אַרויסרופן לפי זיי אַן ענדערונג אין שאָטן. עס איז נישטאָ קיין גרונט, פאַרוואָס מיר זאָלן נישט אָננעמען, אַז עפּעס ענלעכעס קומט פאָר אויך בנוגע דעם פענאָמען פון פאָרשטעלונג: די „ווירקונגען״, וואָס קומען פאָר אין סוביעקט דורך דער השפעה (Action) פונם אָביעקט זענען לגמרי פאַרשיידן פון דעם אָביעקט (און אויך פון דעם סוביעקט), אָבער איטלעכע פאַרענדערונג אין דעם אָביעקט רופט פונדעסטוועגן אַרויס אַ לפי-דעמיקע פאַרענדערונג אין זיין ווירקונג אויפן סוביעקט. דאָס איז לחלוטין נישט יענע גראָבע און וווּלגאַרע אידענטיטעטס-פילאָזאָפיע, וואָס קאָנדאַד שמיט שרייבט אונז צו.״ *) בכן פאַרטיידיקט דער מאַטעריאַליזם נישט די אידענטיטעט נאָר די קאָרעלאַציע פון „דענקען״ און „זיין״.

לאָמיר אָבער הערן וואָס ענגעלס זאָגט וועגן דערדאָזיקער שאלה.

„איז אונזער דענקען פעאיק צו דערקענען די ווירקלעכע וועלט? קאָנען מיר רעפּראָדוצירן אין אונזערע פאָרשטעלונגען און באַגריפן פון דער ווירקלעכער וועלט אַ ריכטיקן שפּיגל-בילד פון דער ווירקלעכקייט? דידאָזיקע שאלה הייסט אין דער פילאָ-

*) מאַטעריאַליזמוס אָדער קאַנטיאַניזמוס, ז. 630—629.

זאָפישער שפּראַך די שאלה וועגן דער אידענטיטעט פון דענקען און זיין און ווערט ביי דער גרעסטער צאָל פילאָזאָפן פּאַרענט־פערט מיט יאָ... עס זענען אָבער פאַראַן אויך אַ סך אַנדערע פילאָזאָפן, וואָס באַשטרייטן די מעגלעכקייט צו דערקענען די וועלט, אָדער ווייניקסטנס זי צו דערקענען אין אַן אויס־שעפּנדיקער מאָס. צו זיי געהערן אין דער נייערער פילאָ־זאָפיע יום און קאַנט... דערדאָזיקער פּילפּול, ווי אויך אַלע אַנ־דערע פילאָזאָפישע קאַפּריזן, ווערט אַמבעסטן צעקלאַפּט דורך דער פּראַקטיק, דאָס הייסט דורך דעם עקספּערימענט אין דער אינדוסטריע... די פּרווון פון די נייקאַנטיאַנער אויפצולעבן די קאַנטישע שיטה און פון די אַגנאָסטיקער אויפצולעבן יומס באַ־גריפן אין ענגלאַנד (ווו זיי זענען אייגנטלעך קיינמאָל נישט אויסגעשטאָרבן), נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס זיי זענען שוין לאַנג סיי טעאָרעטיש (?) סיי פּראַקטיש אָפּגעשלאָגן געוואָרן, זענען וויסנשאַפטלעך אַ טראָט צוריק״. *)

בכן שטייען לויט ענגעלסן בלויז צוויי שטאַנדפּונקטן איי־נער אַנטקעגן דעם אַנדערן: דער שטאַנדפּונקט, אַז דענקען און זיין זענען אידענטיש, און אַז דעריבער איז דאָס דענקען מסוגל צו רעפּראָדוצירן אַ ריכטיקע אָפּשפּיגלונג פון דערווירקלעכקייט, און דער להיפּוכדיקער שטאַנדפּונקט, וואָס לייקנט אינגאַנצן די מעגלעכקייט די וועלט צו דערקענען, אָדער וואָס לייקנט על כל פּנים די מעגלעכקייט זי צו דערקענען ביז צום גרונט. ענגעלס שטעלט זיך לחלוטין אויף דעם ערשטן שטאַנדפּונקט.

אַזוי איז דאָס מיט ענגעלסן. אָבער ווי איז מיט פּלעכאַ־נאָוון? איז לויט פּלעכאַנאָווס „מאַטעריאַליסטישער טעאָריע פון דער דערפאַרונג״ מעגלעך צו דערקענען די וועלט ביז אין תוך אַריין?

כדי צו קאָנען ענטפערן אויף דערדאָזיקער שאלה, מוז מען קלאָר מאַכן צוויי טעזיסן פון זיין דערקענטעניש־טעאָריע:

ערשטנס, מוז מען אין דער דערקענטעניש פון יעדער זאַך

---

*) פרידריך ענגעלס, לודוויג פייערבאַך (1888) ז. 19 — 17.

אונטערשיידן דריי מאָמענטן: דעם אָביעקט, דעם סוביעקט און די פאָרשטעלונג, וואָס ווערט אין סוביעקט אַרויסגערופן און וואָס איז פאַרשיידן סיי פון אָביעקט סיי פון סוביעקט.

צווייטנס. „צו דערקענען בכלל זאַכן מיינט צו דערקענען זיי דורך די פאָרשטעלונגען, וואָס זיי רופן אין אונז אַרויס.״ *)

דידאָזיקע דעפיניציע איז צווייטייטיק. זי קאָן אויסגעטייטשט ווערן, אַז די דערקענטעניש פון דער זאַך איז אידענטיש מיט דער דערקענטעניש פון די פאָרשטעלונגען. ד. ה., אַז אַ זאַך ווערט שוין דערקענט, ווען מען דערקענט די פאָרשטעלונגען, וואָס דידאָזיקע זאַך האָט אַרויסגערופן. אַזאַ פשט פאַסט זיך אָבער נישט אַריין אין די ראַמען פון אַ סיסטעם, וואָס נעמט אָן, ווי פלעכאַנאָוו, די עקזיסטענץ פון אָביעקטן דרויסן פון די פאָרשטעלונגען און פאַרשיידן פון די פאָרשטעלונגען. אַזאַ פשט וואָלט דאָך געפירט צו דער אַבסורדער באַהויפּטונג, אַז דער קוב גופא ווערט שוין דערקענט ווען מען דערקענט זיין שאָטן. און בכלל: די פראַגע וועגן דער אידענטיטעט פון דענקען און זיין מיינט אַ סך מער איידער די אידענטיטעט פון דער פאָרשטעלונג מיט זיך גופא, וואָרים דידאָזיקע אידענטיטעט קאָן דאָך אפילו דער עקסטרעמסטער סקעפּטיציזם נישט אָפּלייקענען. „די זאַך דערקענען״ מוז מיינען דערקענען אַ ל ע זיינע אייגנשאַפטן, אַלץ איינס צי זיי פאַלן צונויף מיט אונזערע פאָרשטעלונגען צי נישט. די פאַרשיידענע דערקענטעניש־טעאָרעטישע שיטות גייען זיך דער עיקר פאַנאַנדער אין דער תשובה אויף דער שאלה: אין וואָס פאַר אַ באַציאונג דאַרפן אַוועקגעשטעלט ווערן די סוביעקטיווע פאָרשטעלונגען און די אָביעקטיווע אייגנשאַפטן?

בכן, מוז די פלעכאַנאָווישע דעפיניציע אַזוי פאַרשטאַנען ווערן, אַז די דערקענטעניש פון אַ זאַך באַשטייט אין דער דער־קענטעניש פון אירע אָ ב י ע ק ט י ו ו ע אייגנשאַפטן, וואָס זענען פאַרשיידן פון אונזערע פאָרשטעלונגען. אונזערע פאָרשטעלונגען זענען אָבער דער איינציקער מיטל, ווי צוצוקומען צו דער דער־

*) קאָנראַד שמיט קעגן קאַרל מאַרקס, ז. 136.

קענטעניש פון דידאָזיקע אָביעקטיווע אייגנשאַפטן. מיט דער הילף פון אונזערע פאָרשטעלונגען דאַרפן מיר, הייסט עס, דערקענען די זאַכן נישט בלויז ווי זיי דערשיינען פאַר אונז, נאָר אויך ווי זיי זענען אין זיך. ווי איז אָבער אַזאַ זאַך מעגלעך?

אין דעם ביישפּיל, וואָס פּלעכאַנאָוו נעמט, איז די מעשה גאַנץ פּשוט און גלאַט, ווייל דער אָביעקט (דער קוב מיט זיינע גלייכע אויבערפלאַכן) איז שוין לכתחלה געגעבן. דעריבער איז טאַקע קיין קונץ נישט צו באַשטימען זיין שייכות צו דעם אויך פון פריער שוין געגעבענעם סוביעקט. דאָס הייסט צו די פאָרשטעלונגען. אין דער דערקענטעניש איז אָבער דער פאַל אַנדערש. דאָ גיט אונז די וועלט לכתחלה בלויז די פאָרשטעלונג. דער „טראַנספּאָרמירטער רעאַליזם" גיט אונז נאָך דערצו די איבערצייגונג, אַז דידאָזיקע פאָרשטעלונג שטאַמט פון אַן אָביעקט און אַז די פאַרענדערונגען און די פאָרשטעלונגען אַנטשפּרעכן די פאַרענדערונגען אין די אָביעקטן, די אָביעקטן גופא אָבער, וואָס זענען פאַרשיידן און דרויסן פון די פאָרשטעלונגען זענען בשום אופן נישט געגעבן. לאָמיר באַצייכענען אַ ריי פאָרשטעלונגען מיט א. ב. ג... לויט דעם טראַנספּאָרמירטן רעאַליזם מוז זיי אַנטשפּרעכן אַ ריי אָביעקטן, וואָס דאַרפן באַצייכנט ווערן מיט x, y, z... דערצו ווערט אונז אויך „געגעבן" די גלייכונג א : ב = x : y (א. פאַרהאַלט זיך צו ב. ווי x צו y). עס איז אָבער בשום אופן נישט מעגלעך צו פאַרשטיין, ווי אַזוי מען קאָן פון אַזעלכע גלייכונגען קומען צו דער דערקענטעניש פון x און y גופא. צווישן אונז און דער זאַך ווי זי איז אין זיך גופא, שטייט דאָ די האַנט פון אונזערע פאָרשטעלונגען, וועלכע מיר זענען נישט בכוח דורכצוברעכן.

געוויס האָט דער אָנהענגער פון דעם „טראַנספּאָרמירטן רעאַליזם" דאָס פולע רעכט ביי איטלעכער פאַרענדערונג אין אונזער דערפאַרונג אַרויסצוזאָגן די איבערצייגונג: „דאָס קומט פון דער זאַך!" און זיך דערמיט באַרואיקן. אויב ער וויל זיך אָבער נישט אומקערן צוריק צו דעם שטאַנדפּונקט פון דעם נאַאיוון רעאַליזם, מוז ער כסדר האָבן אין אויג, אַז מיט דערדאָ-

זיקער מסקנא, וואָס בלייבט אייביק דיזעלביקע, ווערט אונזער דערקענטעניש אויף אַ האָר נישט רייכער, אַז מיט דער מסקנא פונקט ווי אָן דער מסקנא דערקענט ער בלויז די פאַרענדערונגען, וואָס קומען פאָר אין אונזערע אוממיטלבאַרע פאָרשטעלונגען און געוואָרווערונגען. וועגן די אָביעקטן גופא אָבער זאָגט דידאָזיקע מסקנא נישט מער, ווי דאָס: איין אומבאַקאַנטער עפּעס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אַנדער אומבאַקאַנטן עפּעס. דידאָזיקע מאָגערע אָרעמע אַרויסזאָגונג גיט אונז אָבער נישט די קלענסטע מעגלעכקייט צו פאַרשטיין די אייגנשאַפטן פון דעמדאָזיקן עפּעס. די דערקענטעניש, וואָס דער טראַנספּאָרמירטער רעאַליזם גיט אונז, איז דעריבער אַ זייער באַשרענקטע, זי דערגייט נישט ביז צום גרונט, ווייל די אָביעקטן גופא בלייבן נאָך אַלץ פאַר אונז אומבאַקאַנט. ענגעלס וויל אָבער האָבן אַ פולשטענדיקע אידענטיטעט פון זיין און דענקען און וואַרפט אָפּ מיט ביטול איטלעכע דערקענטעניש-טעאָריע, וואָס לייקנט אָפּ, ווי דאָס טוט דער אַגנאָסטישער טראַנספּאָרמירטער רעאַליזם, די מעגלעכקייט צו דערקענען די וועלט אין איר תּוך אַריין. *)

אויף אַזאַ אופן זעען מיר, אַז מיר קאָנען בשום אופן נישט צושרייבן ענגעלסן פלעכאַנאָווס דערקענטעניש-טעאָרעטישע סברות בנוגע דער אידענטיטעט פון זיין און דענקען.

ליידער אָבער מיינט פלעכאַנאָוו, אַז זיין שטאַנדפּונקט איז אויך דער שטאַנדפּונקט פון מאַרקסן און ענגעלסן, און דעריבער מיינט ער אויך, אַז ער קאָן זיך באַרופן אויף דער פּראַקטיק,

---

*) געוויס מוז אויך ענגעלס צוגעבן, אַז דאָס מענטשלעכע דענקען איז נישט אַלעמאָל סוווערען. אָט די נישט-סוווערעניטעט און באַגרענעצטקייט ווייזט זיך ביי אים אַרויס אָבער נאָר אין „דער איינצל-אויספירונג און אין דער אַלעמאָליקער ווירקלעכקייט”. סוווערען און אומבאַגרענעצט בלייבט ער, „לויט דער טבע, דער עובדא (באַרוף), דער מעגלעכקייט, דעם געשעפטלעכן ענדציל” (אַנטי-דיורינג ז. 81). לויט פלעכאַנאָוון אָבער איז דאָס דענקען לויט זיין טבע און מעגלעכקייט בפירוש נישט ביכולת אַרויסצוברענגען אומבאַגרענעצטע דערקענטעניש.

זוי אויף אַ זיכערן באַווייז פאַר דער ריכטיקייט פון דעם מאַרק־סיסטישן מאַטעריאַליזם. „די טעאָרעטישע פּאָזיציע פון מאַרקס און ענגעלס קאָן נישט איינגענומען ווערן!״ שרייט ער אויס מיט טריאומף *).

אָבער, ווען מיר זאָלן שוין אַפילו אָננעמען, אַז די פּראַקטיק איז באמת אַן אַרגומענט (על־כל־פּנים אַ פּראַקטישער, נישט קיין טעאָרעטישער) אַנטקעגן דעם אָביעקטיוון אידעאַליזם, איז זי אָבער בשום אופן נישט ביכולת אָוועקצומאַכן אָן אַ זייט יענע „פילאָזאָפישע קאַפּריזן״, וואָס לייקענען אָפּ אונזער מעגלעכקייט צו דערקענען דעם תּוך פון דער וועלט. ענגעלס האָט אָבער באמת געגלייבט, אַז ער קאָן זיך באַרופן אויף דער פּראַקטיק אויך אין זיין קאַמף אַנטקעגן דעם אַגנאָסטיציזם און דעם קריטיציזם. דעם־דאָזיקן פּונקט האָב איך דורכגענומען באַריכות אין אַן אַנדער אָרט **). דאָ וויל איך בלויז באַמערקן, אַז דידאָזיקע טעאָרעטי־שע פּאָזיציע פון מאַרקסן (דאָס הייסט די פולע אידענטיטעט פון זיין און דענקען), קאָן שוין גאָר לייכט איינגענומען ווערן, און אַז די סמיכה אויף דער פּראַקטיק קאָן איר גאָרנישט העלפן. די־דאָזיקע פּאָזיציע איז אַזוי שוואַך, אַז איר איבערגעבנסטער פאַר־טרעטער, טאַקע פּלעכאַנאָוו אַליין, האָט זי געמוזט — הגם אפשר נאָר אומבאַוווסטזיניקערהייט — זיך אָפּזאָגן פון איר. איך רעכן, אַז אים וועט נישט אָננעמען קיין חשק אָנצוהויבן אַ באַוועגונג אונטער דעם לאָזונג: „צוריק צו מאַרקסן!״, אַפילו ווען ער וועט איינזען, אַז אין דער נאַטור־פילאָזאָפיע און אין דער דערקענ־טעניש־טעאָריע איז טאַקע מאַרקס באמת געבליבן ווייט צו־ריק.

*) קאָנראַד שמיט קעגן קאַרל מאַרקס, ז. 135.

**) די ווידערשפּרוכס־לאָגיק ביי העגעל און מאַרקס. דויטשע וואָרטע, באַנד XV, העפט 7 און 8, ז. 351—352

IV

# טראַנספאָרמירטער רעאַליזם, מאַטעריאַליזם און קאַנטיאַניזם

## שלוס-באַמערקונגען

דער טראַנספאָרמירטער רעאַליזם, מיט וועלכן פלעכאַנאָוו איז מסכּים, איז בלי ספק אַ סך קריטישער און בר-דעתדיקער איידער ענגעלסעס דאָגמאַטישע אידענטיטעטס-פילאָזאָפיע. ליידער האָט אָבער פלעכאַנאָוו נישט דורכגעטראַכט קאָנסעקווענט אָט-אָ דעם נייעם שטאַנדפּונקט זיינעם. דעריבער פאַלט ער אָפט צוריק אַריין אין די טעותן פון דעם מאַטעריאַליסטישן געדאַנקענגאַנג, וואָס ער אַליין האָט, הגם אומבאַוווסט, צעשטערט. און דאָס מוז, פאַרשטייט זיך, פירן צו סתירות און אומקאָנסעקווענטקייטן.

אין אַזאַ סתירה פאַלט פלעכאַנאָוו אַריין ווען ער איז, למשל, פון איין זייט מסכּים מיט געטעס ווערטל: „וואָס עס איז אי-נעווייניק דאָס איז דרויסן" *) און פראָקלאַמירט דערמיט די פולע מעגלעכקייט צו דערקענען די עצם זאַך אין זיך, לויט דעם נוסח ענגעלס, בעת פון דער אַנדערער זייט הערט ער גאָרנישט אויף צו טענהן, אַז דער מאַטעריאַליזם האָט גאָרנישט כּדעה צו דער-קענען דעם עצם תּוך פון זאַכן. אויב די נאַטור פון דער עצם זאַך מוז פאַר אונז בלייבן אַ סוד, איז דאָך קלאָר, אַז נישט אַלץ וואָס עס איז „אינעווייניק" איז אויך „דרויסן".

אויך דער פּרווו מציל צו זיין דעם מאַטעריאַליזם מיט דער הילף פון דעם טראַנספאָרמירטן רעאַליזם איז נישט גרינט-לעך דורכגעטראַכט. **) דער מאַטעריאַליזם, — אַפילו דער נישט

*) קאָנראַד שמיט ז. 136

**) פאַרגלייך: מאַטעריאַליזם אָדער קאַנטיאַניזם, ז. 630

וואָלגאַרער, ווייל, כּידוע, האָבן, אַז ראשית כּל קומט די מאַטעריע, דאָס הייסט די אויסגעשפּרייטע, סאָלידע און אומדורכדרינגלעכע גשמיות, און ערשט דערנאָך קומט דער גייסט, אָדער דאָס דענקען, וואָס ווערט אין לעצטער ליניע צוריקגעפירט אויף שפּי־רונגען. אָבער לויט דער טעאָריע פון דעם טראַנספּאָרמירטן רע־אַליזם זענען מיר גאָרנישט בכּוח דורכצוברעכן די וואַנט פון אונזערע פאָרשטעלונגען, כּדי צוצוקומען צו די אָביעקטן גופא. האָבן מיר דאָך ממילא קיין רעכט נישט צו מאַכן אַ וועלכע עס איז זי־כערע מסקנא וועגן דעם מקור ראשון. עס איז נישטאָ קיין שום זאַך, וואָס זאָל אונז שטערן צו מאַכן וועגן דעם גרויסן X, וואָס דער טראַנספּאָרמירטער רעאַליזם לאָזט איבער אויף גאָטס באַראָט, וועלכע השערות מיר ווילן. עס איז גאָרנישט אויסגעשלאָסן אַפילו דער געדאַנק, אַז די רוימלעך־צייטלעכע פאָרשטעלונגען זענען ווירקונגען פון אָביעקטן, וואָס זענען אין זיך גופא למעלה מן המקום ומן הזמן. און אַ פּשיטא שוין האָט דער אָנהענגער פון דער־דאָזיקער דערקענטעניש־טעאָריע קיין רעכט נישט צו זאָגן מיט זיכערקייט, אַז די אָביעקטן זענען בּלויז רוימלעך — צייטלעך, דאָס הייסט ריינע גשמיות. אפשר איז אין זיי גופא שוין דאָ אויך דאָס דענקען און אפשר נאָך אָן אַ סוף אַנדערע אַטריבוטן פון וועלכע מיר קאָנען גאָר קיין השגה נישט האָבן. ובכן איז דער טראַנספּאָרמירטער רעאַליזם אַוודאי נישט ביכולת צו באַ־שאַפן אַ פּאַסיקן דערקענטעניש־טעאָרעטישן יסוד פאַר דעם מאַ־טעריאַליזם.

עס איז אויך אַ טעות צו מיינען, אַז מיר מוזן אָננעמען דעם מאַטעריאַליזם, כּדי אויסצומיידן די סתירות, וואָס ליגן אין דער קאַנטישער פילאָזאָפיע. פלעכאַנאָוו באַמיט זיך צו באַווייזן, דורך אַן אַנאַליז פון די שוין לאַנג אויפגעדעקטע סתירות אין דער פאַלש־אויסגעטייטשטער „זאַך אַן זיך״, אַז אויב מען וויל פּטור ווערן פון דידאָזיקע ווידערשפּרוכן (די עקזיסטענץ און וויר־קונג פון אַ זאַך, וואָס אויף איר גופא קאָנען נישט אָנגעווענדט ווערן די קאַטעגאָריעס פון עקזיסטענץ און פון קויזאַליטעט), מוז מען אָנקומען אָדער צו דעם סוביעקטיוון אידעאַליזם אָדער צו

דעם מאַטעריאַליזם. און ממילא מיינט פלעכאַנאָוו, אַז פון דידאָ-זיקע צוויי שיטות מוזן מיר אויסקלייבן דעם מאַטעריאַליזם, ווייל אויב מען זאָל האַלטן מיטן סוביעקטיוון אידעאַליזם, קאָן מען דאָך קומען צו אַזאַ אַבסורד, ווי דער געדאַנק, אַז „מיין מאַמע איז בלויז אַ דערשיינונג און ווי אַלע דערשיינונגען עקזיסטירט זי נאָר אין מיר." *)

אָבער ערשטנס איז דער סוביעקטיווער אידעאַליזם גאָר-נישט מחייב אָנצונעמען דעמדאָזיקן אַבסורד, ווייל יענער „איך", וואָס אויף אים פירט צוריק דער סוביעקטיווער אידעאַליסט דעם גאַנצן אינהאַלט פון דעם באַוווסטזיין, איז גאָרנישט בנמצא אין דעם אוממיטלבאַרן באַוווסטזיין. דאָרטן געפינט זיך בלויז די עמפירישע פאָרשטעלונג פון אונזער אייגענעם „איך". בכן איז דאָך נישטאָ קיין שום טעם, פאַרוואָס מיר זאָלן די פאָרשטעלונג פון דעם אייגענעם איך באַטראַכטן פאַר מער רעאַל איידער די פאָרשטעלונג פון דער אייגענער מאַמען. און בעת דער סוביעק-טיווער אידעאַליסט נעמט זיך אונטער צו ברענגען אין קויזאַלע שייכותן דעם אינהאַלט פון זיין באַוווסטזיין בכלל, שטייט אים גאָרנישט אין וועג צו פאַרשטיין אויך די שייכות פון „מוטער" און „איך" אויף אַן אופן, וואָס שטימט מיט דער ווירק-לעכקייט. צווייטנס, איז אַ חוץ דעם סוביעקטיוון אידעאַליזם נאָך דאָ אַן אָביעקטיווער אידעאַליזם און דער אָביעקטיווער אידעאַ-ליזם קאָן פטור ווערן פון דער סתירה, וואָס מען האָט אויס-געפונען אין דעם „דינג אַן זיך". ווייל אויך דער אָביעקטיווער אידעאַליזם פון אַ לייבניץ, אַ שעלינג און אַ העגעל נעמט אָן, אַז זאַכן „האָבן אויך דרויסן פון אונז און אומאָפּהענגיק פון אונז אַ ווירקלעכע, נישט בלויז אַ גייסטיקע (דאָס מיינט, מסתמא, אַ פאָרגעשטעלטע) עקזיסטענץ." **) און עס איז דאָך קלאָר, אַז אויף דעם בעסטן אופן פאַרענטפערט דידאָזיקע סתירה

*) ד. ג. ז. 630.

**) ד. ג. ז. 627.

דער שפּינאָזישער מאָניזם, וואָס מען טאָר אים לחלוטין נישט צונויפמישן מיטן מאַטעריאַליזם.

אָנצונעמען דעם מאַטעריאַליזם בלויז מחמת דעם, וואָס דער קריטיציזם פאַרפּלאָנטערט זיך כּלומרשט אָדער אויף אַן אמתן אין סתירות, איז דאָך, דוכט אונז, אַ ביסל צו שטאַרק איבערגעאיילט. אויב דער קריטיציזם מאַכט נישט קלאָר גענוג די עקזיסטענץ פון אַ דרויסנדיקער וועלט, אומאָפּהענגיק פון אונזער דערקענטעניש, איז דערפון בשום אופן נישט געדרונגען, אַז דאָס גשמיותדיקע זיין מוז זיין דער ראשון און דאָס רוחניותדיקע — אַ פּראָדוקט פון דער מאַטעריע. כּדי אַרויסצוברענגען, אַז דער מאַטעריאַליזם איז דער איינציקער אויסוועג פון די סתירות, וואָס ליגן אין דער „דינג אַן זיך״־היפּאָטעזע, האָט פּלעכאַנאָוו געדאַרפט קודם כּל דורכנעמען קריטיש אַלע סקעפּטישע, עמפּירישע, פּאָזיטיוויסטישע, אַגנאָסטישע און אידעאַליסטישע סיסטעמען.

פון אַ טעאָרעטישן שטאַנדפּונקט קאָן מען בכלל נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס פּלעכאַנאָוו, אַן אָנהענגער פון טראַנספּאָרמירטן רעאַליזם, זאָל אָנפאַלן מיט אַזאַ כּעס אויפן קריטיציזם און אויף זיין טעאָריע וועגן דער זאַך אין זיך. איטלעכע דערקענטעניש־טעאָריע, וואָס וויל זיין קאָנסעקווענט און וויל זיך נישט אַרונטערלאָזן צו דער „גראָבער אידענטיטעטס־פילאָזאָפיע״, מוז אָננעמען אַ „זאַך אין זיך״, וואָס בלייבט פאַר אונז מער אָדער ווייניקער אַ סוד. אויסגעטאָן פון איר מיסטישן כּשוף, מיינט „דאָס דינג אַן זיך״ פּשוט די זאַך, ווי זי איז און נישט ווי זי דערשיינט אונז אין דער געוואָרווערונג אָדער אין דער פאָרשטעלונג. *) און היות ווי די אָביעקטן קאָנען נישט דערקענט ווערן דורך די פאָרשטעלונגען, מוז דאָך אויך די טעאָריע פון טראַנספאָרמירטן רעאַליזם צוגעבן, אַז מיר קאָנען נישט משיג זיין „די זאַך אין זיך״, אין איר עצם תוך. און וואָס איז שייך

---

*) פאַרגלייך קאַנטס „קריטיק דער ריינען פערנונפט״ (קעפּרבאַך), 23 .ז.

די עקזיסטענץ גופא פון דער זאַך, וואָס קאָן בשום אופן נישט באַוויזן ווערן אויף אַ כשרן אופן, דאָס הייסט מיט דער הילף פון דער גצוואָרוועדונג, וואָלט דאָך פלעכאַנאָוו געדאַרפט, נאָך אַ רואיקער באַטראַכטונג פון דער פראַגע, מסכים זיין מיט די אָנהענגער פון דעם קריטיציזם, אַז דידאַזיקע עקזיסטענץ איז טאַקע בלויז אַ פּאָסטולאַט פון אונזער שכל, וואָס וויל נישט צולאָזן דערשיינונגען אָן אַ יסוד פון עפעס אַן עצם. דידאָזיקע אָביעקטן זענען בכן בלויז באַגריף-זאַכן (נאָומענאַ Noumena), וואָס צייגן אונז אָן דאָס אָרט, ווו אונזערע פאָרשטעלונגען און געוואָרוועדונגען מוזן אויפהערן, הגם אונזער פאַרשטאַנד קאָן זיך נאָך דאָ נישט אָפּשטעלן. זיי זענען, הייסט עס, ג ר ע נ ע ץ-ב אַ-גריפן, וואָס מוזן אָנגענומען ווערן אין איטלעכער דערקענטעניש-טעאָריע, וועלכע לאָזט צו וועלכע עס איז גרענעצן פון אונזער דערקענטעניש.

פון דער אַנדערער זייט קאָן מען אָבער אויך ביי דעם רעאַליסט נישט אַוועקנעמען דאָס רעכט אָנצונעמען אין די אינ-טערעסן פון דער דערקענטעניש די טראַנס-סוביעקטיווע עקזיס-טענץ פון זאַכן. דער געדאַנק, אַז עס זענען דאָ דרויסן פון אונז און אומאָפּהענגיק פון אונז זאַכן, וואָס ווירקן אויף אונז,— איז אַ געדאַנק, וואָס מען קאָן אים בשום אופן דערקענטעניש-טעאָרע-טיש נישט אַוועקמאַכן. אָבער פונקט אַזוי קאָן מען אויך נישט אַוועק-מאַכן דעם אויספיר, אַז טעאָרעטיש קאָנען מיר נישט באַווייזן זייער עקזיסטענץ און קאָנען אויך נישט דערקלערן דעם אופן ווי זיי ווירקן אויף אונז איין.

אגב, שטאַמט פלעכאַנאָוס כעס אַנטקעגן „דאָס דינג אַן זיך“, — ווייזט אויס, — מער פון פראַקטישע טעמים איידער פון טעאָרעטישע. דאָס זענען קאַנטס פּאָסטולאַטן פון דעם פראַק-טישן שכל, גאָט, פרייהייט, אומשטערבלעכקייט, וואָס ברענגען פלעכאַנאָוון אַרויס פון די כלים, מחמת צוליב זיי האָט זיך עס די בורזשואַזיע אָנגעכאַפּט פאַר דעם קאַנטישן קריטיציזם, ווי פאַר אַן „אָפּיום אייבצושלעפערן דעם פּראָלעטאַריאַט“, כדי ער

האָל מיט קאַנטישע מעטאָדן דעמאָראַליזירט ווערן און ווידערשפעניקן אַנטקעגן דעם אַטעאיזם. *)

אָבער אויך אָט דידאָזיקע בבא־מעשה גופא וועגן דעם אינעווייניקסטן צונויפבונד צווישן דער בורזשואַזיע און דעם קאַנטיאַניזם איז מסתמא באַשאַפן געוואָרן ביי פלעכאַנאָוון אין דעם פרען פון דער פאָלעמיק. ביי אַ רואיקן ישוב הדעת וואָלט אַפילו פלעכאַנאָוו גופא אין איר אַוודאי נישט געגלויבט. עס זעען דאָ גענוג וואָגיקע ראיות, אַז דאָס איז טאַקע בלויז אַ בבא־מעשה.

ראשית, שפילט גאָרנישט די נייקאַנטיאַנישע שיטה קיין באַדייטנדיקע ראָלע אין דער מאָדערנער בירגערלעכער פילאָזאָפיע. לויט דער צאָל פון אירע אָנהענגער פאַרנעמט די נייקאַנטיאַנישע פילאָזאָפיע אַ זייער עניוותדיקן אָרט. דעם בכבודיקסטן אָרט פאַרנעמען דווקא די רעאַליסטישע סיסטעמען, וועלכע שטיצן זיך אַלע אויף אַ דערקענטעניש־טעאָריע, וואָס אין אירע עיקרדיקע יסודות שטימט זי מיט פלעכאַנאָווס „נישט בירגערלעכער" דערקענטעניש־טעאָריע. און דידאָזיקע דערקענטעניש־טעאָריע גופא האָט דאָך פלעכאַנאָוו איבערגענומען פון הערבערט ספענסערן, דעם בורזשואַ־פילאָזאָף פאַר־עקסעלאַנס.

צווייטנס, גיט זיך אָפ בלויז אַ קליינער מיעוט פון די נייקאַנטיאַנער מיט קאַנטס פראַקטישער פילאָזאָפיע, און דערדאָזיקער מיעוט טייטשט דאָס רוב אויס די פאָסטולאַטן פון דעם פראַקטישן שכל אַזוי, אַז מען קאָן זיי בשום אופן נישט אויסנוצן אַנטקעגן די אינטערעסן פון דעם פראָלעטאַריאַט. **) גאָר עטלעכע געציילטע פילאָזאָפן טייטשן אַריין אין קאַנטן געדאַנקען, וואָס קאָנען אויסגענוצט ווערן פאַר רעאַקציאָנערע צוועקן. זיי האָבן אָבער אַלעמאָל געהאַט און האָבן אויך איצטער אַ גאָר קליינע השפעה אויף דעם געדאַנקענגאַנג פון דער בורזשואַזיע.

*) מאַטעריאַליזם אָדער קאַנטיאַניזם, ז. 631.

**) פאַרגלייך צום ביישפיל די אויסטייטשונג פון יענע פאָסטולאַטן ביי הערמאַן קאָהען: „קאַנטס בעגרינדונג דער עטיק", ז. 322 און ווייטער.

דריטנס, איז די גאַנצע מעשה וועגן דער שייכות צווישן די „פּאָסטולאַטן פון דעם פּראַקטישן שכל“ און די אינטערעסן פון דער בורזשואַזיע לכתחילה אַן אויסגעטראַכטע זאַך. פאַרוואָס עפּעס מוז דער אַרבעטער, ווען ער הויבט אָן צו גלויבן אין גאָט, אויך אָנהויבן גלויבן, אַז די עקספּלואַטאַציע פון זיינע ברידער, עלטערן און קינדער, איז אַ זאַך וואָס געפינט חן אין גאָטס אויגן? פאַרוואָס זאָל ער מוזן אָנהויבן גלויבן, אַז אַ ריין-פיזיש לעבן, וואָס באַשטייט כסדר אין שווערער מוסקול-אַרבעט און אין בהמהשער רו, איז אַ בכבודיק פּאַסיק לעבן פאַר דער אומשטערבלעכער נשמה? פאַרוואָס זאָל ער דווקא אָנהויבן גלויבן, אַז זיין פרייער אויטאָנאָמער שכל איז אים מחייב צו זיין אונטערטעניק און לאָזן זיך טרעטן ווי אַן עבד כנעני? אויב קאַנטס פּראַקטישע פילאָזאָפיע וואָלט ווירקלעך געהאַט דאָס גליק אַריינצודרינגען אין די מחות פון די פּראָלעטאַריער, איז גאָר קיין ספק נישט, אַז זי וואָלט אָנגעפילט געוואָרן מיט פּראָלעטאַרישע אידייען און פּראָלעטאַרישע צילן.

אוודאי האָט אויך די בורזשואַזיע אַ מעגלעכקייט צוצופּאַסן דעם באַטייט פון די פּאָסטולאַטן צו *אירע* צילן. אָבער דאָס זאָגט לגמרי גאָרנישט אַנטקעגן די פּאָסטולאַטן גופא. פילאָזאָפישע, רעליגיעזע, דערקענטעניש-טעאָרעטישע און אַפילו געשיכטס-פילאָזאָפישע שיטות זענען אין זיך גופא נישט בורזשואַזיש, נישט פּראָלעטאַריש. אויך פון דעם אַטעאיזם און פון דעם מאַטעריאַליזם, אַפילו פון דעם דיאַלעקטישן און היסטאָרישן, קאָן מען אַרויסדרינגען ראיות לטובת דער איצטער הערשנדיקער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג.

בכן, איז קאַנטס „דינג אַן זיך“ קיין שום סכנה נישט פאַרן פּראָלעטאַריאַט און דעריבער איז פאַר דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע קיין חילוק נישט, צי אירע מיטגלידער באַגרינדן די פּאַרטיי-פאָדערונגען אויף מאַרקס' אָדער קאַנטס פילאָזאָפיע. די פּאַרטיי דאַרף זיך בכלל נישט קימערן וועגן דער אחדות פון אירע מיטגלידער בנוגע זייערע טעאָרעטישע אָנשויאונגען, נאָר בלויז בנוגע די צילן, צו וועלכע אירע מיטגלידער שטרעבן, און

די וועגן, אויף וועלכע זיי ווילן גיין, כדי צו דערגרייכן דידאָזיקע צילן.

אוודאי הערשט איצטער די מיינונג, אַז פאַרשיידענע טעאָרעטישע געדאַנקענגאַנגען מוזן אומבאַדינגט פירן צו פאַרשיידענע פּראַקטישע פאָדערונגען. אָבער דידאָזיקע מיינונג גופא איז דאָך נישט מער ווי אַ טעאָרעטישער געדאַנק און מען קאָן מיט רעכט אַנטקעגן איר אַוועקשטעלן דעם להיפוכדיקן געדאַנק, אַז איין און דערזעלביקער פּראַקטישער פּאָסטולאַט קאָן ווערן אַרויסגעדרונגען פון פאַרשיידענע טעאָרעטישע סברות. עס ווענדט זיך נאָר אָן דער צאָל, דעם כאַראַקטער און דער באַשטימטער קאָמבינאַציע פון די צווישן־טיילן, וועלכע מען שטעלט אַריין צווישן די טעאָרעטישע הנחות און די פּראַקטישע פאָדערונגען, כדי צו פאַרבינדן די טייער־געוואָרענע טעאָריע מיט דער נויטיק־געוואָרענער פּראַקטיק. דאָס זענען ריין־אינדיווידועלע, סוביעקטיווע מאָטיוון, וואָס באַשטימען דעם אויסקלייב פון יענע טעאָרעטישע עלעמענטן, וועלכע דאַרפן ווערן צונויפגעשמאָלצן אין אַן איינהייטלעכן וועלט־באַנעם, אַ געשיכטס־פילאָזאָפיע און אַ לעבנסבליק. עס זענען דאָ אַזוי פיל טעאָרעטישע עלעמענטן, אַזוי פיל פאַרשיידענע איינצלנע הנחות אין דער מעטאַפיזיק, אין דער דערקענטעניש־טעאָריע, אין דער נאַטורוויסנשאַפט, אין דער געשיכטס־פילאָזאָפיע און אין דער מאָראַל־פילאָזאָפיע, אַז פאַר אַ מענטשן מיט אַ קאָנסטרוקטיוון קאָפּ איז גאָרנישט שווער צונויפצושטעלן אַזוינע קאָמבינאַציעס, וואָס מוזן „מיט אַן אייזערנער לאָגיק״ פירן צו דער אָדער יענער געזעלשאַפטלעכער פּראָגראַם.

אין דער ווירקלעכקייט ווערן אַזעלכע קאָמבינאַציעס אָפט געמאַכט נישט כדי צו באַפוצן די פּראַקטיק אָדער בלויז פון אַ קינסטלעריש־שעפערישן פאַרלאַנג, נאָר גיכער, כדי צו באַפרידיקן די אייגענע טעאָרעטישע באַדערפענישן. דערביי שפּילן אָבער אומבאַוווּסטזיניק אַ באַדייטנדיקע ראָלע אויך די פּראַקטישע הינטערגעדאַנקען און דעם קינסטלערס שאַפערישער דראַנג. און וואָס אָריגינעלער דער קאָפּ, אַלץ אָריגינעלער, העזהדיקער און שענער די קאָמבינאַציעס, אַלץ שווערער איז פאַר אים נאָכצוגיין

נאָך אַ וועלכן עס רבֿין. און וואָס גרעסער אַ געזעלשאַפט־לעכע פּאַרטיי, וואָס מער באַדייטנדיקע פערזענלעכקייטן זי זאַמלט צונויף אונטער איר פּאָן אַלץ מער מוזן ווערן פאַרשיידן די טעאָרעטישע און איבערהויפּט די פילאָזאָפישע סברות פון אירע אָנהענגער.

אין אַזאַ לאַגע געפינט זיך די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. אַפילו פּלעכאַנאָוו איז שוין איצטער אויך נישט קיין גאָר ריינער מאַרקסיסט, על כל פנים, נישט אויף דעם דערקענטעניש־טעאָרעטישן און נאַטורפילאָזאָפישן פעלד, הגם ער אַליין זעט עס נאָך נישט איין און האַלט זיך פאַר אַ הונדערט־פּראָצענטיקן מאַרקסיסט. אָבער אַ שפּינאָזיסטישע נאַטור־פילאָזאָפיע, געבויט אויף דעם יסוד פון אַן אַגנאָסטיש־רעאַליסטישער דערקענטעניש־טעאָריע (און דער טראַנספאָרמירטער רעאַליזם איז אַגנאָסטיש) איז אין דער אמת אַ לגמרידיקע אָפּלייקענונג פון דעם מאַרקסיס־טישן מאַטעריאַליזם.

עס איז דעריבער נויטיק אָפּצוטיילן די פּראַקטישע צילן און וועגן פון דער פּאַרטיי פון די פאַרשיידענע טעאָרעטישע קאָמבינאַציעס, מיט וועלכע זיי קאָנען ווערן צונויפגעשמאָלצן, און צו באַטראַכטן ווי דעם בשותּפותדיקן אוצר פון דער פּאַרטיי, וואָס אַלע אירע אָנהענגער זענען מחויב טרייַ אָפּצוהיטן בלויז דידאָזי־קע פּראַקטישע צילן און וועגן. דער טעאָרעטישער טייל מוז אינגאַנצן באַטראַכט ווערן ווי אַ פּריוואַט־זאַך, וואָס איז גאָרנישט נוגע דער פּאַרטיי. אויב נישט, וועט זי פון צייט צו צייט מוזן צוזען, ווי אין אירע ריי'ען ברענט זיך פאַנאַנדער אַ „קאַמף פאַר דער אָפיציעלער הערשאַפט פון דער אָדער יענער „טעאָריע" און זי וועט מוזן פאַרשטויסן פון זיך אַ פולע כוחות הגם זיי נעמען אָן איר פּראַקטישע פּראָגראַם, אירע וועגן און לעצטע צילן, פאַר־שטויסן זיי בלויז דערפאַר, ווייל איר „טעאָרעטישער געוויסן" קאָן נישט פאַרטראָגן, אַז איר פּראָגראַם זאָל זיין געבויט נישט אויף העגעלס פילאָזאָפיע, נאָר אויף קאַנטס, נישט אויף דער דיאַלעקטיק, נאָר אויף דעם עוואָלוציאָניזם, אָדער פּאַרקערט.

ד״ר ח. זשיטלאָווסקי

אָט דאָס איז דער „פּאָסטולאַט פון דעם פּראַקטישן פּאַרטיי־שכל", וואָס טרעט פאַר מיר אַרויס מיט אַן „אייזערנער נויטווענדיקייט" פון מיינע באַטראַכטונגען איבער פּלעכאַנאָווס פּאָלעמיק.

בערן, 1899

## דער גרונט־געדאַנק פון קאַרל מאַרקס׳ געשיכטס־פילאָזאָפיע

קאַרל מאַרקס׳ גענ׳אַלע וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונגען און חריפות ליגן דער עיקר אויף דעם פעלד פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע. אָבער אויך אַ סך אַנדערע פעלדער פון דעם מענטשנס פאָרשן זענען באַפרוכפּערט געוואָרן פון זיין גאונישן שאַפן.

אין דער דערקענטעניש־טעאָריע, דער לאָגיק, דער מעטאָדנ־לערע, דער נאַטור־פילאָזאָפיע, דער סאָציאָלאָגיע, דער געשיכטס־פילאָזאָפיע, דער קולטור־פילאָזאָפיע (אונטער וועלכער דיסציפּלין איך וויל דאָ פאַרשטיין די פילאָזאָפיע פון די אַזוי אָנגערופענע „העכערע״ מענטשלעכע גיטער: רעליגיע, עטיק, קונסט, וויסנ־שאַפט, פילאָזאָפיע), דער פּאָליטישער וויסנשאַפט און אחרון־אַחרון חביב — דעם סאָציאַליזם, — אויף אָט די אַלע פעלדער פון דעם מענטשלעכן פאָרשן, האָט מאַרקס אַרויסגעבראַכט איינגנאַר־טיקע געדאַנקען, טיפע און וויכטיקע, וואָס זענען אַלע אינאיינעם געוואָרן ביי אים אָרגאַניש פאַרבונדן אין איין־איינציקער פילאָזאָ־פישער סיסטעם.

קאַרל מאַרקס האָט אָבער זיין פילאָזאָפיע נישט אויסגעאַר־בעט אין אַ סיסטעמאַטישער פאָרם. די וויכטיקסטע פילאָזאָפישע געדאַנקען זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן אגב אורחא, ביי דער באַהאַנדלונג פון אַנדערע וויסנשאַפטלעכע פּראָבלעמען. און אָפט־מאָל ליגט זייער אָריגינאַליטעט באַהאַלטן אין אַ קליינעם קנייטש פון דעם אויסדרוק, פאַר וועלכן דער נישט־געניטער לייענער־

גייט פאַרביי. קאַרג צו קאַרג אין ווערטער איז מאַרקס געווען גראָד אין זיינע פילאָזאָפישע אגב אורחאדיקע באַמערקונגען.

נאָר ווען מען קלויבט צונויף אינאיינעם אָט די אַלע שטעלן, — צעזייט איבער די ווערק און אין זיינע בריוו, — נאָר ווען מען פאַרגלייכט זיי איינע מיט די אַנדערע, געפינט מען אַרויס זייער אָרגאַנישע איינהייט און זייער אָריגינעלן באַטייט, און מען ווערט איבעראַשט: ווי ווייניק מען האָט ביז אַהער פאַרשטאַנען קאַרל מאַרקסן, ווי איינזייטיק און פאַלש מען האָט אויפגענומען זיין אַזוי אָנגערופענעם מאַטעריאַליזם!

עס קאָן פאַרשטייט זיך נישט זיין די אויפגאַבע פון אַ צייטונגס-אַרטיקל צו ליוזערן, דאָס, וואָס דאַרף געגעבן ווערן ווייניקסטנס אין אַ דיקן באַנד: די אַנאַליזע פון מאַרקס' פילאָזאָפישע אַנשויאונגען און די אַרויסברענגונג פון זייער אמתן אינעווייניקסטן זין.

דאָ וויל איך נאָר ברענגען איין ביישפּיל, כּדי צו אילוסטרירן מיין געדאַנק.

ווער האָט נישט געהערט פון קאַרל מאַרקס' „מאַטעריאַליסטישער" געשיכטס-פילאָזאָפיע, וואָס איז פאַר פיל — שוין צו פיל! — געוואָרן דער „תּוך" פון דעם מאַרקסיזם, דער אָפּגאָט, צו וועלכן זיי בוקן זיך?

ווער פון די מאַרקסיסטן ווייסט נישט, אַז לויט דער מאַרקסיסטישער אויפפאַסונג ווערט די געשיכטלעכע אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט אָנגעטריבן פון דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו-קרעפטן אין דעם עקאָנאָמישן פּראָצעס; אַז יעדע מדרגה אין אָט דער אַנטוויקלונג ברענגט אַרויס פון זיך גופא אַ געוויסן פּראָדוקציע-אופן, וואָס באַשטימט די הערשאַפט פון אַ געוויסער פּראָדוקציע-פ אָ ר ם; אַז אָט די פּראָצעסן פון דער מאַטעריעלער פּראָדוקציע באַשטימען מיט זיך די געזעלשאַפטלעכע שייכותן, אין וועלכע די מענטשן שטייען איינער צו דעם אַנדערן; אַז דער סכום פון די אַלע שייכותן איז דער הויפּט-פאַקטאָר, וואָס באַשטימט פון זיין זייט אַלע דערשיינונגען פון דעם יורידישן און פּאָליטישן לעבן און אַז אָט די אַלע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען

אינאײנעם ברענגען פון זיך אַרויס אַלע פאָרמען פון דעם גע־זעלשאַפטלעכן באַוווסטזיין: די רעליגיע, די פילאָזאָפיע, די מאָ־ראַל „און אַזוי ווייטער", — קורץ אַז, — ווי ענגעלס פאָרמו־לירט דעם געדאַנק, — אַלץ אין דער געשיכטע קומט פאָר לויט דעם, ווי און וואָס עס ווערט פּראָדוצירט און ווי די פּראָדוקטן בייטן זיך אויס איינע מיט די אַנדערע?

ווער פון די געטרייע מאַרקסיסטן האָט ווען עס איז גע־האַט אַ ברעקל ספק, אַז אַלץ אין דער געשיכטע קומט פאָר על פּי עקאָנאָמישער נויטווענדיקייט, אַז עס איז נישטאָ אין איר קיין פּלאַץ פאַר דער מענטשלעכער פרייהייט: אַז די מענטש־לעכע נאַטור איז נישט קיין זעלבשטענדיקער גורם אין דעם היסטאָרישן פּראָצעס, ווייל זי איז אַלעמאָל און אייביק נאָר אַ פּראָדוקט פון די עקאָנאָמישע אומשטענדן?

אָדער ווער פון אָט די מאַרקסיסטן האָט זיך אַרייננעלייגט, אַריינגעטיפט און גוט פאַרשטאַנען די פאָלגנדיקע ווערטער פון קאַרל מאַרקסן, וועלכע ער שרייבט צום סוף פון דעם דריטן באַנד פון זיין מאָנומענטאַלן ווערק „דאָס קאַפּיטאַל", אין יענעם קאַפּיטל, ווו ער ציט צונויף אינאײנעם די וויכטיקסטע רעזולטאַטן פון זיין וויסנשאַפטלעכן פאָרשן?

רעדנדיק וועגן דער מעראַרבעט, וואָס דער „פרייער" לוין־אַרבעטער מוז לויט אַ „פרייעם קאָנטראַקט" אַוועקגעבן אומ־באַצאָלט דעם קאַפּיטאַליסט, און אויפווייזנדיק, אַז דער טייל אַר־בעט איז נישט פריי, נאָר „נויטווענדיק" (נישט נאָר דערפאַר, וואָס דער אַרבעטער איז געצוווּנגען אוועקצוגעבן אים דעם קאַפּיטאַליסט, נאָר אויך ווייל זי איז נויטווענדיק פאַר דעם גאַנצן געזעלשאַפטלעכן פּראָצעס) זאָגט ווייטער קאַרל מאַרקס:

„אין דער אמתן הויבט זיך אָן די ממשלה פון פריי־הייט ערשט פון יענעם פונקט אָן, ווען עס הערט אויף די אַרבעט, וואָס ווערט געפאָדערט אונטער דעם צוואַנג פון נויט־ווענדיקייט און אויסערלעכער נוצלעכקייט".

„. . . לויט דעם עצם נאַטור פון דער זאַך ליגט זי (ד. ה. די ממשלה פון פרייהייט — דר. זש.) דרויסן פון דער מאַטע־

ר י ע ל ע ר פ ר אָ ד ו ק צ י אָ נ ס-ס פ ע ר ע, אין דעם איינגעלעבן זיך פון דעם וואָרט".

„אַקוראַט אַזוי ווי דער ווילדער מוז קעמפן מיט דער נאַטור, כדי צו באַפרידיקן זיינע באַדערפעניש, כדי אויפצוהאַלטן זיין לעבן און צו רעפּראָדוצירן עס, אַזוי דאַרף דאָס אויך טאָן דער ציוויליזירטער מענטש, און ער מוז דאָס טאָן אין אַלע געזעלשאַפטס-פאָרמען און אונטער אַלע מעגלעכע אופנים פון דער פּראָדוקציע".

„מיט זיין אַנטוויקלונג שפּרייט זיך אויס די ממשלה פון דער נאַטירלעכער נויטווענדיקייט, ווייל עס וואַקסן אָן זיינע באַדערפעניש; אָבער אין דערזעלביקער צייט וואַקסן אָן די פּראָדוקטיוו-קרעפטן, דורך וועלכע יענע באַדערפעניש ווערן באַפרידיקט."

„די פרייהייט אין אָט דעם פעלד קאָן נישט באַשטיין אין קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר אין דעם פאַקט, וואָס דער פאַרגעזעלשאַפטעטער מענטש, וואָס די אַסאָציאירטע פּראָדוצענטן רעגולירן אויף אַ ראַציאָנאַלן אופן זייער שטאָף-אויסבייט מיט דער נאַטור, וואָס זיי ברענגען אים אונטער זייער בשותפותדיקער קאָנטראָל אַנשטאָט צו ווערן רעגולירט דורך אים, ווי דורך אַ בלינדער מאַכט, וואָס זיי פירן דורך זייער אויפגאַבע מיט דער קלענסטער אָנווענדונג פון ענערגיע און אונטער באַדינגונגען, וואָס זענען אַמבעסטן אָנגעמאָסטן צו זייער מענטשלעכער נאַטור און אַמבעסטן ווירדיק פאַר איר".

„אָבער דאָס בלייבט שטענדיק אַ ממשלה פון נויטווענדיקייט".

„דרויסן פון איר הייבט זיך אָן יענע אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער קראַפט, וואָס האָט איר ציל אין זיך גופא, די אמתע ממשלה פון פרייהייט, וואָס קאָן אָבער אויפבליען נאָר אויף דער ממשלה פון נויטווענדיקייט, ווי אויף איר באַזיס".

„די פאַרקירצונג פון דעם אַרבעטס-טאָג איז איר פונדאַמענטאַלער פאָרבאַדינג". (זע די ענגלישע איבערזעצונג פון מאַרקס' „קאַפּיטאַל", בד. 3, ז. 955–954).

ווען וואָס רעדט דאָ מאַרקס? וואָס איז דאָס פאַר אַ „מענטשלעכע קראַפט, וואָס האָט איר ציל אין זיך גופא?" וואָס איז דאָס פאַר אַ ממשלה פון פרייהייט, וועלכע ליגט „דרויסן פון דער מאַטעריעלער פראָדוקציאָנס-ספערע?"

וועגן וועלכער „מענטשלעכער נאַטור" רעדט דאָ קאַרל מאַרקס? פון וואַנען שפּרינגט דאָ ביי אים אַרויס דער באַגריף פון מענטשלעכער חשיבות, לויט וועלכן עס דאַרף אָפּגעמאָסטן ווערן, צי די אָדער יענע באַדינגונגען זענען „ווירדיק" פאַר דער „מענטשלעכער נאַטור" אָדער נישט?

וואָס ווערט פון דער גאַנצער „בלינדער נויטווענדיקייט", וואָס האָט ביז אַהער רעגולירט דעם געזעלשאַפטלעכן „שטאָף-אויסבייט מיט דער נאַטור", קוים ווערט איינגעפירט די געזעלשאַפטלעכע קאָנטראָל אויף דעם עקאָנאָמישן פּראָצעס?

און וואָס ווערט פון דעם גאַנצן היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, אַז עס איז דאָ אַ גאַנצע „ממשלה פון פרייהייט", וואָס ליגט „דרויסן פון דער מאַטעריעלער פראָדוקציאָנס-ספערע", אַ ממשלה, וואָס ווערט אַרויסגעבראַכט פון אַ „מענטשלעכער קראַפט וואָס האָט איר ציל אין זיך גופא", וועמעס אַנטוויקלונג עס הויבט זיך אָן דרויסן פון דער ממשלה פון דער עקאָנאָמישער נויטווענדיקייט?"

קיין ענטפער אויף אָט די אַלע שאלות וויל איך דאָ נישט געבן. זאָלן די אָנהענגער פון דעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם אַליין זיך גראָבן ביי קאַרל מאַרקס, כדי צו געפינען זיין ענטפער, וואָס זאָל שטימען מיט זיין גאַנצער סיסטעם. דאָ וויל איך נאָר זאָגן איינס.

עס איז גענוג נאָר אַביסעלע אַריינצוטראַכטן זיך אין דעם אויבן-געבראַכטן רעזולטאַט פון מאַרקס׳ דענקען, כדי אויפן שטעל איינצוזען, אַז די „עקאָנאָמישע נויטווענדיקייט", — דער גרונט-פּרינציפּ פון דעם „היסטאָרישן מאַטעריאַליזם", — איז, לויט מאַרקס, נישט דאָס געזעץ פאַר דער גאַנצער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט, נאָר איז נישט מער, ווי אַ געזעץ, וואָס באַהערשט אַ געוויסן פּעריאָד אין דער מענטש-

לעכער געשיכטע, — דעם פעריאָד, וואָס הויבט זיך אָן פון דעם מאָמענט, ווען עס איז פאַנאַנדערגעפאַלן דער פרימיטיווער קאָמוניזם, און די געזעלשאַפט האָט פאַרלאָרן די קאָנטראָל איבער איר עקאָנאָמישן פראָצעס, און ענדיקט זיך מיט דעם מאָמענט, ווען די מענטשהייט וועט מאַכן די סאָציאַלע רעוואָלוציע, איינפירן דעם סאָציאַליזם און ווידער געווינען די קאָנטראָל איבער אירע מאַטעריעלע פּראָדוקטיווע כּוחות.

„ערשט פון דעמאָלט אָן", זאָגט ענגעלס, דער בעסטער אויסטייטשער פון קאַרל מאַרקס, „וועלן די מענטשן אַליין מאַכן זייער געשיכטע מיט דעם פולן באַוווסטזיין... דאָס איז דער שפרונג פון דער מענטשהייט פון דער ממשלה פון נויטווענדיקייט אין דער ממשלה פון פרייהייט". (אַנטי-דיורינג, 3-טע אויפלאַגע, ז. 306).

דער גרונט-געדאַנק פון קאַרל מאַרקס' געשיכטס-פילאָזאָפיע מוז דעריבער אויסגעדריקט ווערן אַזוי: מאַטעריאַליזם און נויטווענדיקייט פאַר דעם געשיכטלעכן נעכטן און דעם געשיכטלעכן היינט; פרייהייט און אידעאַליזם („פולער באַוווסטזיין", „מענטשלעכע קראַפט, וואָס איז זעלבסטצוועק") פאַר „אויף מאָרגן נאָך דער רעוואָלוציע".

אַזאַ געשיכטס-פילאָזאָפיע איז, פאַרשטייט זיך, לויט איר איגעווייניקסטער טענדענץ דורך און דורך אַ-דועאַליסטיש.

אָדער, ווי איך האָב מיר אין אַן אַנדער אָרט אויסגעדריקט וועגן דעם מאַרקסיזם בכלל: דער מאַרקסיזם איז דער פּראַגמעטעאישער פייער, וואָס ברענט אין אַ בעקן פון אייז.

קאָנען מיר אונז אויסאיינען מיט אָט דער געשיכטס-פילאָזאָפיע, וואָס איז, לויט איר אינעווייניקסטער טענדענץ דורך און דורך אידעאַליסטיש? וועגן דעם וועלן מיר זיך אפשר דורכשמועסן אַן אַנדערש מאָל.